# אידישע געשיכטע

אין

ראָמאַנען און

ערצעהלונגען

# זִכְרוֹנוֹת לְבֵית דָוִד

לויט הערמאַן רעקענדאָרף און א. ש. פרידבערג

פון ש. ערדבערג

ערשטער באנד

ניו יאָרק, תרפ"ד
1924

# אינהאַלט:

# הקדמה

דער איד וואָס קען די געשיכטע פון זיין פאָלק, די טויזענטער יעהריגע געשיכטע פון אזוי פיעל לייד און וויניג פרייד, די געשיכטע פון אייביגען קאמף, מארטירערטום און נרדפ'עריי, איז זיכער, אז ער וועט בלייבען א איד, איז זיכער, אז ער וועט נישט פערראטען זיין אין פיין געליטערט פאָלק.

אָבער לערנען געשיכטע אָדער נאָר איבערלייענען איז נישט גרינג פאַר איטליכען. פאַראַן א סך וואָס ווערען פאַררעכענט פאַר אינטעליגענטע, וואָס האָבען זיך נישט "גענומען די מיה", האָבען נישט געהאט קיין געדולד איבערצולייענען א אידישע געשיכטע. פון דעם געוועהנליכען מאסען־מענש איז אָפגערעדט. די דאַטעס, די קאנדענסירטע פאָרם פון היסטאָריע שרייבעריי, וואו א גרויס געשעהעניש ווערט אָפט איבערגעגעבען אין עטליכע שורות אָדער העכסטענס עטליכע זייטלעך, איז נישט גענוג צוציהענדיג פאַר דעם פשוט'ען לעזער.

די זכרונות לבית דוד זיינען דערפאַר געוואָרען געשאַפען כדי צו בעקענען איטליכען מיט דער אידישער געשיכטע. די וויכטיגע עפּאָכען פון אונזער געשיכטע ווערען היסטאָריש טריי איבערגעגעבען איינגעוויקעלט אין שעהנע אינטערעסאנטע ראָמאַנען און ערצעהלונגען, אויסגעגליהט אין א רייכע פאַנטאזיע, וואָס האַלטען געשפּאַנט יעדען לעזער, א פשוט'ען און פון א העכערער מדרגה. געשריבען ערנסט און שעהן־גייסטיג, דורכגעזאַפט מיט האַרציגע פּאָעזיע.

דער אָריגינעלער שעפער פון די זכרונות לבית דוד איז הערמאַן (חיים צבי בן שלמה) רעקענדאָרף. הערמאַן רעקענדאָרף איז געבוירען געוואָרען אין טרעביטש, דייטשלאַנד, אין יאָהר 1825 און געשטאָרבען אין יאָהר 1875. זיין פאָטער שלמה איז געוועזען רב אין טרעביטש. הערמאַן רעקענדאָרף איז געוועזען א בעקאַנטער אידיש־דייטשער שריפטשטעלער און אָריענטאַליסט. ער האָט געשריבען פיעל וויכטיגע ווערק און האָט איבערזעצט דעם קאָראַן אויף העברעאיש. ער איז אויך געוועזען א לעקטאָר אין דער היידעלבערגער אוניווערזיטעט.

אונטער איינפלוס פון אייזשען סיו'ס LES MYSTER'ES DE PARIS' האָט ער אָנגעשריבען אויף דייטש די ראָמאַנען און ערצעהלונגען פון דער אידישער געשיכטע אונטער'ן נאָמען "געהיימניסע דער יודען", וואָס זיינען ערשיענען אין פינף

קליינע בענדער, געדרוקט אין לייפציג אין פערלויף פון די יאהרען 1856 און 1857.

אנהייבענדיג פון גלות בבל ביז צו זיין צייט האט ער אין יעדער ערצעהלונג אריינגעפיהרט אלס הויפט־העלד ארום וועמען עס דרעהן זיך די אלע פאסירונגען, א בן דוד, איינער וואס שטאמט פון מלכות בית דוד.

יעדע ערצעהלונג איז א בעזונדערע זאך, אפגעשיידט פון די אנדערע. אין איטליכער א בעזונדערע עפאכע. דוד המלך׳ס אייניקעל בינדט אבער אלעמען צוזאמען. די דינאסטיע פון מלכות בית דוד איז נישט אויסגעראט און אידען האפען אלץ צו גאט אז ער וועט שיקען דעם אמת׳ען גואל.

הערמאן רעקענדארף איז געווען א גרויסער קענער פון דער אידישער געשיכטע. און זיין ארבייט פאר די דאזיגע ערצעהלונגען איז געווען א ריזיגע. ער האט זיך בענוצט מיט אלע בעקאנטע און פיעל אומבעקאנטע קוועלען, תלמוד, מדרשים, כתבי־יד און געשאפען דאס וויכטיגע ווערק, וואס איז שוין אלט זיבען און זיבעציג יאהר און איז נאך פריש און אנציהענדיג צום לייענען.

די ערשיינונג פון רעקענדארף׳ס "געהיימניסע דער יודען" אויף דייטש האט געמאכט א גרויסען רושם סיי צווישען די דייטשע אידען און אויך די אידען פון אנדערע לענדער וואס האבען דאס געלייענט.

די "אלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס" פון יאהר 1858 שרייבט דערוועגען מיט גרויס אנערקענונג און ווייזט אויף וואס פאר א נוצען עס האט געבראכט פאר די אידען בכלל און פאר׳ן יונגען דור בפרט. די ערצעהלונגען זענען געשריבען אין "איך פארם, ווי מעמוארען, מגלות־ווייס און דער "חכם", דער רב פון מאראקא לייענט יעדען שבת א מגלה אין שוהל.

עס האט געדויערט זעקס יאהר ביז אברהם בן שמואל הכהן קאפלאן פון ווארשא האט איבערזעצט דעם ערשטען טייל אויף העברעאיש אונטער׳ן נאמען "מסתרי היהודים", א ווערטערליכע איבערזעצונג. דאס איז געווען אנהויב 1863. אבער נאר די ערשטע ערצעהלונג איז געדרוקט געווארען דעם זעלבען יאהר. אין בוכפארם איז דער ערשטער טייל ערשט ערשינען אין 1865.

אברהם קאפלאן שרייבט אין זיין הקדמה אז עס איז איבריג ער זאל דערצעהלען דעם שבח פון דעם ווערק, ווייל דאס איז שוין גוט בעקאנט. ער בעשולדיגט אויך זיין פערלעגער, וואס האט איהם בעשווינדעלט און דערפאר האט דאס דרוקען זיך פערשלעפט אויף צוויי יאהר ביז ער האט עס ענדליך ארויסגעראטעוועט פון פערלעגערס הענד און בעקומען די שליטה איבער זיין ארבייט און עס אפגעדרוקט אויף זיינע אייגענע הוצאות. אבער מעהר ווי דעם ערשטען טייל האט ער נישט געדרוקט. עס קען זיין, אז די טרוקענקייט פון זיין איבערזעצונג האט נישט געצויגען דעם עולם, אפשר אויך דאס וואס מען האט דעמאלט זעלטען געקויפט ביכער, האט אפגעהאקט זיין ארבייט אינמיטען.

מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק, ווען דער פערלאג

"אחיאסף" האט ארויסגעגעבען פיעל וויכטיגע ספרים און עס האט זיך געפיהלט א גרויס בעדערפניש אין ביכער פאר דער יוגענד, האט דער העברעאיש אידישער שריפטשטעלער אברהם שלום פרידבערג גענומען איבערזעצען אויפס־ניי אויף העברעאיש "די געהיימניסע דער יודען". און ער האט דאס געגעבען דעם נאמען "זכרונות לבית דוד". א. ש. פרידבערג איז געבוירען געווארען י"ח חשון תקצ"ט, אין גראדנא. ער איז געווען א בעריהמטער פעליעטאניסט און איבערזעצער, פייערדיגער חובב ציון, און מאפו'ס א ידיד. ער איז געשטארבען י"א אדר ב' תרס"ב אין ווארשא.

א. ש. פרידבערג האט נישט בלויס איבערזעצט, נאר געטאן א קרעאטיווע ארבייט. כמעט קיין איין ערצעהלונג איז נישט ארויס ווי אין רעקענדארף'ס פארם. ער האט אלע איבערגעשאפען, צוגעגעבען מאסען מאטעריאל, פערגרעסערט, פערברייטערט, זיי געמאכט שפאנענדער און גליהענדער.

ער האט אויך א גרויסען טייל פון די "זכרונות לבית דוד" געשריבען אריגינעל. ווייל פיעל עפאכען האט רעקענדארף אויסגעלאזט. אן ערך צעהן יאהר צייט האט א. ש. פרידבערג געארבייט אויף די "זכרונות לבית דוד", זוכענדיג און פארשענדיג אין אלע ווינקלען פון דער אלטער העברעאישער ליטעראטור, אין ספרות הרבנית צו געפינען דאס נויטיגע היסטארישע מאטעריאל פאר זיין גרויסע ארבייט.

אין די זכרונות לבית דוד איז דא די געשיכטע פון אידישען פאלק אנהויבענדיג פון חורבן פון ערשטען בית המקדש ביז נאך נאפאלעאנ'ס צייטען. נישט אין קאלטע ווערטער און טרוקענע דאטעס, נאר אין לעבעדיג צאפלדיגע, געטריי געמאלענע בילדער. אלץ וואס האט זיך געטראפען מיט די עלטערן און עלטערנס־עלטערן אין נאהענט פון פינף און צוואנציג יאהר־הונדערטער, די גוטע צייטען און די בייזע, די צרות און נחמות, די לייד און פרייד.

דער אייביגער אידישער קאמף, דער קאמף פאר'ן גייסט, פאר'ן אמת, פאר גאט און דער תורה, וואס אידען זענען תמיד געגאנגען פאר זיי אין פייער און וואסער, דער דערהויבענער אידישער גייסט וואס האט בעזיעגט אלע שונאים — דאס אלץ געפינט זיך אין די אינטערעסאנטע אנציהענדיגע ערצעהלונגען, געשריבען היים־אידיש מיט א פייערדיגע ליעבע צום אידישען פאלק און זיינע הייליגקייטען.

מיט דעם ליכט פון די פייערן וואס האבען פערברענט אונזערע קדושים וטהורים איז אונזער וועג בעלויכטען. און בעלויכטענע געהן מיר ווייטער אונזער וועג און האפען אויף דערלייזונג. און דאס ריזיגע ליכט לייכט ארויס פון "זכרונות לבית דוד".

אין אנהויב 1893 איז אין ווארשא ערשינען דער ערשטע באנד "זכרונות לבית דוד". און די ערשיינונג איז געווען א וויכטיגע געשעהעניש אין יענער צייט אין דער העברעאישער פאפולערער ליטעראטור. די וואס געדענקען די צייט דערצעהלען, אז דער רושם איז דעמאלט געווע

אונגעהייער. די לעזער, אָהן אונטערשיד, האָבען זיך נישט געקענט אָפּרייסען דערפון. די וואָס האָבען יונגערהייט געלייענט די "זכרונות לבית דוד" קענען נאָך עד־היום נישט פערגעסען דעם רושם פון אמאָל.

אין אַלע צייטונגען איז געשריבען געוואָרען וועגען "זכרונות לבית דוד" מיט גרויס בעגייסטערונג. אין "הצפירה" פון 3טען מאי 1893 געפינען מיר אין א גרעסערן אַרטיקעל די דאָזיגע שורות:

"פון אַלע ספרים וואָס "אחיאסף" האָט ארויסגעגעבען איז "זכרונות לבית דוד" דאָס בעליעבטסטע. וויפיעל צרות האָט דער איד וואָס וויל דערציהען זיינע קינדער מיט ליעבע צו דער תורה און זיין פאָלק און ער האָט נישט וואָס זיי צו געבען צום לייענען. יאָהרען לאַנג האָט מען געוואַרט און געהאָפט אויף אזא ספר ווי "זכרונות לבית דוד", וואָס זאָל אויף א פּאָפּולערען וועג בעקענען אונזערע קינדער מיט דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, עס זאָל זיין אנציהענדיג פאר זיי צו לייענען.

"עס איז א פערגעניגען צו לייענען "זכרונות לבית דוד". עס רעדט צום הארצען, בערייכערט דעם געדאַנק און דערנעהנטערט דאָס הארץ און דעם גייסט צום פאָלק און דער תורה.

"לייענדיג "זכרונות לבית דוד" זעהט מען בעשיינפערליך, לעבט מען איבער אלע צייטען, שווערע און גרינגע, וואָס אונזער פאָלק איז דורכגעגאַנגען; פרייד און אומגליק; צער און טרייסט; מפּלות און נצחונות. און עס ווערט איינגעזאַפּט אין אונזער בלוט. דער וואָס לייענט די פּרעכטיגע, ליעבע ערצעהלונגען פון "זכרונות לבית דוד", מוז בלייבען נאָהנט זיין פאָלק און אמונה און ער מוז זיך פערטיפען אין אידישען לעבען".

אין "המליץ" פון 7טען אפּריל, 1893, שרייבט מרדכי בן הלל הכהן, צווישען אנדערע זאכען, די דאָזיגע ווערטער:

"ווער ווערט נישט געריהרט זעהענדיג די הייליגע, ריינע, לויטערע טרערען, וואָס בלישטשען אין די אויגען פון די העלדען פון "זכרונות לבית דוד"! ווער בלייבט גלייכגילטיג הערענדיג זייער כשר'ע ביטערע, תמימות'דיגע זיפצען. די ערשיינונג פון "זכרונות לבית דוד" איז א סימן פון אויפלעבונג און לייטערונג.

דאָס איז נאָר א קליינער טייל, פון דעם וואָס איז געשריבען איבער "זכרונות לבית דוד".

ס'איז געווען אזא ערפאָלג אז אין עטליכע יאָהר זענען ערשינען זעקס אויפלאַגעס.

די "זכרונות לבית דוד" אינגאַנצען זענען ערשט ערשינען אין תר"ס, 1900. א. ש. פרידבערג האָט איינגעזעהן אז פאר דעם ברייטען אידישען עולם איז "זכרונות לבית דוד" נאָך אַלץ א פערמאַכט בוך. די ברייטע מאַסען קענען נישט לייענען קיין העברעאיש. און ער האָט גענומען אין 1899 עס איבערזעצען אויף אידיש. ער האָט אָבער נאָר איבערזעצט די ערשטע דריי ערצעהלונגען און זיי אָפּגעדרוקט אין "יוד".

איצט ערשיינט "זכרונות לבית דוד" אויף אידיש צום ערשטען מאָל אין בוך־פאָרם. גוטע דריי יאָהר האָב איך אויף דעם געאַרבייט. אַזוי ווי פרידבערג האָט זיך ערלויבט צו מאַכען גרויסע ענדערונגען אין רעקענדאָרף'ס אָריגינעלע ערצעהלונגען, האָב איך געפונען אַז איך האָב אויך דאָס רעכט צו מאַכען ענדערונגען, כדי צו מאַכען זיי, לויט מיין איינזעהן, גרינגער און צוגענגליכער און אויך צוגעגעבען דאָס וואָס ער האָט אויסגעלאָזט.

איך האָב איבערגעמאַכט די פאָרם פון די ערצעהלונגען. אַנשטאַט די "איך" פאָרם, וואָס איז מעהר אינטים און מאַכט שווערער צו געבען לענגערע, ברייטערע נאַטור־שילדערונגען און פון דער סביבה, האָב איך דאָס געמאַכט אין דער דריטער פּערזאָן. דער דערצעהלער שטעהט אָן א זייט קוקט אלץ צו, בעאָבאַכט אַלסדינג און דערצעהלט, מאָהלט. האָב אָבער צום סוף פון יעדער ערצעהלונג צוגעגעבען עטליכע ווערטער אַז "דאָס האָט אָנגעשריבען דער און דער פאַר ויינע קינדער".

איך האָב אויך אויסגעזיפּט די ערצעהלונגען פון אַלע מליצות, וואָס זענען געווען גאַנץ געשמאַק מיט עטליכע און דרייסיג יאָהר צוריק און היינט זענען זיי שוין אויסגעוועפּט אפילו אין העברעאיש, ווער רעדט נאָך אין אידיש זענען אָזעלכע מליצות אודאי דער גרעסטער שׂטנז.

איך האָב זיך אויך בענוצט מיט אגדות פון תלמוד, מדרשים, שבט יהודה, שארית ישראל, ר' מנשׂה בן ישראל'ס "מקוה ישראל" און דובנאָוו'ס היסטאָריע און מוסיף געווען פיעל זאַכען וואָס א. ש. פרידבערג גאָר נישט אָדער בלויז מיילוויים בענוצט.

עס איז קיין ספק נישט, אז דעם עיקר פערדינסט האָט הערמאַן רעקענדאָרף, שאפענדיג דאָס וויכטיגע ווערק. נישט קלענער איז א. ש. פרידבערג'ס פערדינסט. ער האָט דאָס ווערק פיעל פערגרעסערט און פערשענערט און איז אמת'ן דערהויבען צו דער מדרגה, וואָס ס'איז געוואָרען בעוואונדערונג פון די אַלע וואָס האָבען עס געלייענט. אָבער עס איז דאָך געבליבען פערמאַכט פאַר דעם ברייטען אידישען עולם, וואָס לייענט נישט קיין העברעאיש.

איך האָב זיך געמיהט דאַרויף עס זאָל ווערען אַן אָפען־בוך פאַר יעדען איד וואָס לייענט אידיש. יעדער מאַן, פרוי און קינד וואָס קען לייענען אידיש זאָל דורכדעם זיך בעקענען מיט דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, און וויסען וויפיעל און פאַרוואָס מיר האָבען געליטען און לייִדען, און ווי אומדערשראָקען מיר האָבען געקעמפּט קעגען אונזערע שונאים אין אַלע צייטען.

ניו־יאָרק, אדר א', תרפ"ד.

ש. ערדבערג.

# ווי די מגלות מיט די "זכרונות" זיינען געפונען געווארען

דאס איז געווען אין דעם מאנאט סיון, אין יאהר תקצ"ט, מיט דריי און אכציג יאהר צוריק. עבד־אל קאדאר, דער סולטאן פון אלזשיר, האט געליטען א גרויסע מפלה אין דעם קריעג, וואס ער האט געפיהרט געגען די פראנצויזען, וואס זענען זיין לאנד בעפאלען.

ער האט גערופען צו הילף דעם סולטאן פון מאראקא, עבד־אל־ראכמאן, צוזאמען מיט איהם צו געהן אין דעם "היי־ליגען קריעג" געגען די אונגלויביגע קריסטען. און דער סול־טאן פון מאראקא איז איהם געקומען צו הילף אוים מורא, אז שפעטער ווען די פראנצויזען וועלען בעזיעגען אלזשיר וועלען זיי פערנעמען אויך מאראקא. די קריעג איז געווען א שווערע. דער זומער איז געווען זעהר א הייסער און די ברע־נענדיגע זון האט פערדארבען אלע תבואות. די אוצרות פון מאראקא זענען געווען אויסגעליידיגט. און אהן געלד קען מען נישט פיהרען קיין קריעג. איז דער סולטאן געפאלען אויף א פלאן, ער וועט בעלאגערען דעם אידישען קווארטאל, קיינעם נישט ארויסלאזען און די אידען זאלען איהם מוזען געבען געלד.

צוויי טעג זענען די אידען געווען פערשלאסען אין זייע־

רע הייזער. דער סולטאן האָט געפאָדערט הונדערט טויזענט גאָלדענע מטבעות. די אידען האָבען צוזאמענגענומען זייער גאנץ פערמעגען און עס האָט מעהר נישט בעטראָפען ווי צוואנציג טויזענד גאָלדענע מטבעות. דער סולטאן האָט אָבער פון ווייניגער פון הונדערט טויזענט נישט געוואָלט הערען.

עס איז שוין אריבער דער צווייטער טאָג פון בעלאגערונג און עס איז געקומען שבת. רב יהודה אברבנאל, דער גרעס־טער געלעהרטער איד אין שטאָדט, דער רייכסטער און אנ־געזעהנסטער, איז געווען א זקן פון פינף און זיבעציג יאָהר. הויך, מיט א פנים וואָס האָט געלויכטען, מיט א לאנגע ווייסע באָרד און אויגען וואָס האָבען געבלישטשעט ווי עכטע דיי־מאנטען — האָט ער ארויסגערופען גרוים ליעבע און דרך־ארץ ביי יעדען וואָס האָט איהם געזעהן. ער איז ארויסגעקו־מען פון דער אידישער פירשטליכער פאמיליע, פון דעם אי־דישען שר דאן יצחק אברבנאל, וואָס האָט נישט געוואָלט פערבלייבען אין שפאניען, ווען מען האָט די אידען ארויס־געטריבען און בראש פון די ארויסגעטריבענע איז ער געגאנגען אין גלות.

רב יהודה אברבנאל האָט געהאט פיער זיהן און צוויי טעכטער. זיין פרוי האָט שוין נישט געלעבט. די זיהן זענען שוין אלע געווען פערהייראט. די עלטסטע טאָכטער האָט חתונה געהאט מיט א רייכען אנגעזעהנעם אידען פון אל־זשיר. און מיט א וואָך פריהער איז זיין אינגסטע טאָכטער געוואָרען א כלה מיט א וואוילען בחור, פון די בעסטע קינדער אין מאראָקא. אויף שבת זענען אלע זיך צוזאמענגעקומען פייערען די תנאים.

דערווייל האָט דעם סולטאן'ס מיליטער בעלאגערט דעם אידישען קווארטאל. און דער שבת איז געווען פערשטערט.

אז רב יהודה אהיים געקומען פון שוהל זענען זיינע זיהן, שניר און טעכטער איהם אנטקעגען געגאנגען מיט גע־בויגענע קעפ און איהם געקושט די הענד. ער האָט ארויפ־געלייגט די הענד אויף זייערע געבויגענע קעפ און זיי גע־בענטשט. דער יונגער חתן איז אויך צוגעגאנגען און געזאָגט :

-- דאן יהודה, וועט איהר מיך אויך בענטשען און האל־טען ווי אייערם א זוהן ?

— מיט מיין גאנץ הארץ וועל איך דיך בענטשען, מיין ליעבער בנימין — האט דער אלטער גענטפערט מיט א קול פול ליעבע — דאס איז דאך דאס ערשטע מאל און פיליכט אויך דאס לעצטע וואס איך בענטש דיך...

— וואס רעדסטו, טייערער טאטע ! וואס זעהסטו אזוי שלעכט אוים ? — האבען די קינדער זיך דערשראקען.

— אך, מיינע גוטע קינדער, דער סוף פון מיין טאטען זכרונו לברכה שטעהט מיר פאר די אויגען... ער איז געווען אן עושר און א גוטער מענש. און אין מלחמה צייט, ווען דער סולטאן האט זיך גענויטיגט אין געלד האט ער אויסגעטראכט אויף איהם א פאלשען בלבול און איהם פערפייניגט ביז טויט און דאס גאנצע פערמעגען האט ער קאנפיסקירט. בין איך דען בעסער פאר מיין טאטען ? אין מאראקא איז נישטא קיין גרעסערער פערברעכען פאר א אידען ווי ווען ער האט געלד. מיין פערמעגען האלט איך שטענדיג אין אנדערע, זיכערע לענדער. מיין צוואה האב איך שוין אנגעשריבען און איבערגעלאזען ביים "חכם" (רב). איך האב געקאנט אנט־לויפען. איך וויל אבער נישט איבערלאזען מיינע ברידער אין אונגליק. און אזוי ווי דאן יצחק אברבנאל, אונזער גרויסער פאטער איז געגאנגען ליידען צוזאמען מיט זיינע ברידער, וועל איך דא בלייבען און ליידען מיט זיי צוזאמען.

אלע האבען דאס געהערט און שטארק זיך צוואויינט. רב יהודה האט זיך אומגעדרעהט צום יונגען חתן און געזאגט :

— שווער מיר, זוהן מיינער, אז דו וועסט זיין א גע־טרייער מאן און א פאטער צו מיין טאכטער. שווערט מיר, אלע קינדער, אז באלד נאך מיין טויט וועט איהר פערלאזען דאס שלעכטע לאנד.

זיי האבען איהם געגעבען אויף דעם א שבועה.

— יעצט איז שבת — האט דער אלטער אברבנאל גע־זאגט — לאמיר זיך פרעהען מיט דעם הייליג'ען שבת.

די גאנצע פאמיליע האט זיך אויסגעזעצט ארום טיש. עס איז א פראכטפול אידיש בילד, דער שעהנער זקן, די

בילד־שעהנע קינדער, די טייערע זילבערנע לייכטער מיט די ליכט האָבען א שבת'דיגע ווארימקייט צושפּרייט איבער דעם הויז.

רב יהודה האָט געמאכט קידוש אויפ'ן קול. די גאנצע פאמיליע האָט שטיל נאָכגעזאָגט. דער אלטער האָט זיך גע־שטארקט צו זיין רוהיג, דער טרויער האָט אָבער ארויסגע־שריגען פון זיין פּנים און די אויגען האָבען געגלאנצט פון טרערען. און אזוי ווי ער האָט דערלאנגט דעם קידוש־בעכער צו די קינדער האָט זיך געהערט א גערויש און גערודער אין דרויסען וואָס האָט זיך געהאלטען אין דערנעהנטערן צו זייער הויז.

רב יהודה האָט זיך גלייך אויפגעהויבען און געזאָגט רוהיג:

— הערט, מיינע ליעבע קינדער! דאָס הארץ זאָגט מיר, אז מיין צייט איז געקומען... מיין טאטע אין הימעל ווינקט צו מיר און רופט מיך צו זיך... איך געה... טוט, קינ־דער, ווי איך האָב אייך געהייסען און גאָט זאָל זיין אין אייער הילף!

אין דער רגע האָט זיך געהערט א שטארקער קלאפּ אין טיר. רב יהודה איז צוגעגאנגען און געפרעגט:

— ווער איז?

— אין נאָמען פון סולטאן, עפען, איד, די טיר! — האָט ער דערהערט א בעפעהל.

ער האָט גלייך געעפענט און עס איז אריין הייגאי. דער היפּט פון קעניג'ס בעדינטע צוזאמען מיט צעהן בעוואָ־פענטע סאָלדאטען.

וואָס וויל "דער הערשער פון די גלויביגע" פון מיר? — האָט רב יהודה געפרעגט.

— וועסט באלד געוואָהר ווערען איבוויינינ — האָט הייגאי געענטפערט.

זיי זיינען אריין אין זאל. דאָס הויז געזינד האָט דעם אלטען פאָטער ארומגערינגעלט און הייגאי האָט געזאָגט:

— דער סולטאן האָט געהייסען דיך ברענגען צו איהם און מיר זאָלען מאכען א רעוויזיע אין דיין הויז. אָט איז דעם סולטאן'ס בעפעהל.

— איך האָב דאָס פריהער געוואוסט — האָט רב יהודה געזאָגט.

ער איז צוגעגאנגען צו דער קליינער־שאפע, ארויסגע־נומען דעם גרין־זיידענעם מאנטעל, אנגעטאָן און געזאָגט:

— מיר קענען געהן.

— פערלאָז אונז נישט, טאטע — האָבען די זיהן גע־שריגען — ווי לאנג מיר לעבען וועלען מיר דיך נישט לאָזען אוועקנעהמען פון אונז.

— בערוהיגט אייך, קינדער — האָט דער אלטער גע־זאָגט — עס איז גאָט'ס ווילען אזוי, אז איך זאָל האָבען דעם זעלבען גורל וואָס מיין פאָטער. געלויבט זאָל זיין אונזער גאָט, דער גאָט פון משפט.

הייגאי האָט געהייסען דריי סאָלדאטען אוועקפיהרען דעם אלטען אברבנאל צום סולטאן און ער איז פערבליבען מיט די איבעריגע סאָלדאטען ארומזוכען דאָס הויז.

איידער רב יהודה איז ארויס האָט ער אויפגעהויבען זיינע הענד אין דער הויך און געבענטשט די קינדער, זאָגענדיג:

— מיר וועלען זיך ווידער זעהן אין הימעל...

אז מען האָט דעם ווירדיגען אלטען געפיהרט איבער דער גאס זיינען אלע אידען ארויס אין א גרוים געוויין. א גרופע יונגע לייט מיט העלדישען מוטה, האָבען געוואָלט בעפאלען די סאָלדאטען און דעם אלטען בעפרייען. רב יהודה האָט זיי אָבער אָבגעהאלטען דערפון.

— עס איז א גזרה פון הימעל, זאָל מיין טויט זיין א כפרה פאר מיינע זינד און די זינד פון מיין פאָלק, האָפט צו גאָט און איהר וועט האָבען בעסערע צייטען.

אלע אידען, גרויס און קליין, יונג און אלט זענען איהם נאָכגעגאנגען מיט א גרויס געוויין. די סאָלדאטען האָבען איהם אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

הייגאי מיט די סאָלדאטען האָבען געמאכט א רעוויזיע. א סך טייערע זאכען האָבען זיי געפונען אָבער זעהר ווייניג געלד. זיי האָבען געזוכט אין אלע שאפעס און אין אלע ווינק־לען. די ברעטער פון פאָדלאָגע האָבען זיי אָבגעריסען און געזוכט. עס איז אָבער געווען אומזיסט, קיין געלד האָבען זיי נישט געקענט געפינען. זיי זענען צוגעקומען צו א פער־

שלאָסענע אייזענע טיר. דאָ האָבען זיי געמיינט, וועלען זיי געפינען די אוצרות. זיי האָבען די טיר אויפגעריסען און געפונען א ליידיג צימער, נאָר א לאַנגער טיש איז געשטאַנען און אויף דעם טיש איז געלעגען אָנגעלייגט א פּאַק מגלות.

ביז און אויפגערעגט האָבען זיי פערלאָזען דאָס ליידיגע צימער און שוין געוואָלט אוועקגעהן. דאָ האָט הייגאי דער־זעהן די יונגע כלה און ער איז געפּלעפט געוואָרען פון איהר שעהנקייט. ער האָט געגעבען א בעפעהל די סאָלדאַטען זאָ־לען זי צונעמען און אוועקפיהרען אין סולטאַן'ס הארעם.

הייגאי האָט געמיינט אז אזוי גוט ווי די אידען האָבען איהם נישט געשטערט צונעמען אלע טייערע זאכען, וועלען זיי איהם אויך נישט שטערען צו נעמען דאָס מיידעל. ער האָט אָבער געמאַכט א טעות. אין דער מינוט האָבען אלע זיך געשטעלט קעמפען געגען זיי און זיך געשלאָגען ווי לייבען. דער יונגער חתן האָט זיך געשלאָגען מיט די סאָלדאַ־טען ווי א צוואווילדעטער טיגער און האָט געשריגען:

— קיין לעבעדיגע וועט איהר זי נישט קריגען, זי איז מיין כלה...

לאַנג האָבען זיי זיך געשלאָגען און די סאָלדאַטען האָ־בען זיי בעזיעגט. אז דער יונגער חתן האָט געזעהן ווי זיי טראָגען אוועק זיין כלה, האָט ער ארויסגעכאַפּט די שווערד פון א סאָלדאַט'ס האַנד און דערשטאָכען זיין טייערע גע־ליעבטע, זאָגענדיג:

— שטאַרב בעסער, דו קעניגליכע טאָכטער, איידער דו זאָלסט ווערען פערראונרייניגט.

באַלד האָט ער זיך דערשטאָכען מיט דערזעלבער שווערד און אויסגעגאַנגען מיט זיין געליעבטע אינאיינעם.

הייגאי און די סאָלדאַטען זיינען צוטומעלט געוואָרען און זענען אוועק. ער איז גלייך אריין צום סולטאַן און איהם דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע.

— פיהרט אריין דעם איד! — האָט דער סולטאַן בע־פוילען אין גרויס צאָרן.

רב יהודה איז אריינגעפיהרט געוואָרען און גאַנץ רוהיג געשטאַנען פאַר דעם סולטאַן.

— דו ווילסט לעבען, איד, זאָג, וואו האסטו דיין געלד

בעהאַלטען ! און זאָג מיר די נעמען פון די רייכע אידען אין שטאָדט.

— איך האָב קיין געלד נישט — האָט רב יהודה מיט א פעסטען טאָן געענטפערט.

— מיין גאנץ פערמעגען ליגט אין געשעפטען אין אנ־דערע לענדער. און איך קען נישט קיין רייכע אידען, ווייל זיי זיינען אלע ארים.

דער סולטאַן האָט געגעבען א קלונג מיט א גלעקעל און א פאַרהאנג האָט זיך אויפגעהויבען. רב יהודה האָט דער־זעהן דעם הענקער שטעהן מיט זיינע פיינליכע אינסטרו־מענטען.

— ווייסט ווער דאָס איז ? — האָט דער סולטאַן איהם געפרעגט.

— ער שרעקט מיך נישט. נאָר מיין קערפער וועסטו טויטען, מיין נשמה וועט געהן צום בעשעפער.

דער סולטאַן האָט א וואונק געטאָן און דער הענקער מיט זיינע העלפער האָבען געבונדען רב יהודה'ן און איהם אָנ־געהויבען פייניגען. לאנג האָבען זיי איהם נישט געפייניגט. ער איז באלד אויסגעגאנגען אונטער זייערע הענד.

די שטאָדט האָט שטארק געקלאָגט אויף דעם גרויסען בראָך וואָס עס איז זיי געשעהן. רב יהודה אברבנאל מיט זיין יונגסטע טאָכטער און איהר חתן זענען געשטאָרבען א שרעקליכען טויט אין איין טאָג. די גאנצע שטאָדט איז גע־גאנגען צו דער לויה, די ערד האָט געציטערט פון זייער גע־שריי און געוויין.ביים אָפענעם קבר האָט דער "חכם" גע־האַלטען א הספד און פאָרגעלייענט די צוואה וואָס רב יהודה האָט איהם געלאָזען. אין דער צוואה איז געווען געשריבען אזוי :

נאָך דעם ווי דאָס ערשטע בית המקדש איז חרוב גע־וואָרען איז געוואָרען א חוק אין אונזער משפחה, אז יעדער עלטסטער פון א פאמיליע זאָל פערשרייבען זיין לעבענס־געשיכטע און דאָס איבערלאָזען צו זיין עלטסטען זוהן און איהם בעשווערען ער זאָל אויך אזוי טאָן. די אלע לעבענס־בעשרייבונגען זענען פערצייכענט אויף מגלות אין העברע־איש. די אלע מגלות זענען דאָ ביי מיר אין א פערשלאָסענעם

צימער. איך בין זיכער, אז ווען דער סולטאן וועט צונעמען מיין גאנץ פערמעגען וועט ער אָבער די מגלות נישט נעמען, מיינע עלטערען און עלטערנ׳ס עלטערען האָבען די מגלות געהאלטען נאָר פאר אונזער משפחה, בעט איך אָבער דעם ״חכם״, ער זאָל נאָך מיין טויט איבערשרייבען די מגלות און זיי אָבדרוקען, אלע אידען זאָלען זיי לייענען און וויסען אלץ וואָס עס האָט געטראָפען מיט די קינדער פון דוד המלך. נאָך דעם זאָל מיין עלטסטער זוהן, יואל, נעמען די מגלות און באהאלטען ביי זיך און ער זאָל ווייטער שרייבען זיין לעבענס געשיכטע אויף א מגלה.

פון מיר, יהודה, דער זוהן פון לוי, דער זוהן פון מאיר אברבנאל, א קינד פון שטאם פון דאן יצחק אברבנאל, וואָס קומט ארוים פון דער משפחה פון דוד בן ישי דער מלך ישראל.

# די קעלניע

דאָס האָט פּאַסירט אין די לעצטע טעג פון ערשטען בית המקדש. יהויכין, דער קעניג פון יהודה, איז געזעסען אין געפענגנים אין בבל און צדקיהו איז געוואָרען קעניג אויף זיין אָרט און איז געווען אונטערטעניג צו נבוכדנצר, דעם קעניג פון בבל.

נאָך ניין יאָהר קעניגען האָט צדקיהו געמאַכט אַן אויפ־שטאַנד געגען בבל. נבוכדנצר האָט געשיקט אַ גרויסע אר־מעע אויף ירושלים. צוויי יאָהר האָבען זיי בעלאַגערט ירושלים און נישט געקענט זי איינגעמען. דערווייל זענען אַ סך מענשען אין ירושלים אויסגעשטאָרבען פון הונגער און דורשט. דאָס אידישע מיליטער איז שטאַרק אָבגעשוואַכט געוואָרען און מעהר נישט געקענטביישטעהן דעם שונא.

אז נבוכדנצר'ס ארמעע האָט זיך אריינגעריסען אין ירושלים, איז דער קעניג צדקיהו מיט זיין גאַנצע פאַמיליע אַנטלאָפען דורך אַן אונטערערדישער הייל, וואָס האָט זיך געצויגען פון קעניגליכען גאַרטען ביז יריחו.

די קעניגליכע פאַמיליע וואָלט זיך אויף דעם וועג גע־קענט ראַטעווען פון פיינד'ס הענד. גאָט'ס ווילען איז אָבער געווען אַנדערש. האָט אין דער זעלבער צייט, ווען דער קעניג מיט זיין פאַמיליע זענען געלאָפען אין דער הייל אונטער דער ערד, אַ גרופּע פיינדליכע סאָלדאַטען זיך געיאָגט נאָך אַן אַנטלויפענדען הירש אויבען אויף דער ערד. אין דער מינוט ווען דער קעניג מיט זיין פאַמיליע זענען לעבען יריחו אַרויס פון דער הייל, איז דער הירש אַנגעלאָפען און די פיינדליכע סאָלדאַטען נאָך איהם. דעם הירש האָבען זיי באַלד אָבגעלאָזט און געפאַנגען דעם קעניג מיט זיינע פרויען

און קינדער און אוועקגעפיהרט נאך רבלה צו נבוכדנצר'ן.

זיין גאנצען ווילדען צארן האט נבוכדנצר אויסגעלאזט צו זיי, מיט די אייגענע הענד האט ער אויסגעקוילעט צדקיהו'ס זיהן פאר זייער פאטער'ס אויגען. דערנאך האט ער איסגעשטאכען צדקיהו'ס אויגען, געשלאסען איהם אין קייטען און ארייגעווארפען אין געפענגניש פון בבל.

מען האט אריינגעבראכט צו איהם דעם כהן גדול ישריה און צפניה דעם סגן, אלע פרינצען און די סנהדרין. און ער האט בעפוילען זיינע קנעכט אנצובינדען פאר די האר צו די עקען פון פערד די אלע גרויסע לייט פון יהודה און מיט אלע קרעפטען צוטרייבען די פערד.

די פערטריבענע אידען האט ער געצוואונגען שטעהן אין די גאסען און צוקוקען ווי די פערד לויפען און נאך זיי שלע־פען זיך איבער די שטיינער די גרעסטע לייט פון ירושלים.

די פערד זענען אזוי לאנג געלאפען ביז קיין גאנץ גליעד איז פון די אונגליקליכע נישט איבערגעבליבען.

דער קעניג יהויכין האט געהאט א זוהן שאלתיאל, וואס איז געוועזען דער פאטער פון זרובבל. אז שאלתיאל איז נאך געוועזען א קליין אינגעל, האט איהם נבוכדנצר גענומען אין זיין פאלאץ און איהם געמאכט פאר דעם לייב־דינער פון זיין זוהן, קרוינפרינץ אויל מרודך. ער איז דעם קרוין־פרינץ שטארק געפעלען געווארען און געוואונען זיין ליעבע.

אין דער צייט האט גאט געשטראפט נבוכדנצר'ן פאר זיינע זינד. נבוכדנצר איז איבערנאכט פערוואנדעלט געווא־רען אין א חיה פון וואלד, וואס עסט גראז. און ער איז פער־שוואונדען געווארען פון קעניגליכען פאלאץ. דעמאלט איז אויל מרודך געווארען קעניג אויף זיין ארט.

אין בבל איז געוועזען א פלאץ וואס האט געהייסען "דער טאל פון דורא". דארט זענען אלע איינוואוינער געקומען מיט זייערע טעכטער און זיי פערקויפט צו די מענער וואס האבען געגעבען דעם גרעסטען פרייז פאר זיי. דארט זענען אויך פערקויפט געווארען די אלע געפאנגענע טעכטער פון די פעל־קער, וואס בבל האט בעייגט און אונטערטעניג געמאכט.

שאלתיאל איז געוועזען א יונגער אינגעל פון זיבעצעהן יאהר, איז ער געגאנגען שפאצירען אין "טאל פון דורא"

און צוגעגאנגגען צום פערקויף־פּלאַץ פון די פרויען. ער האָט דערזעהן אַ גרויסע צאָהל עגיפּטישע יונגע פרויען, האַלב־נאַקעט, וויינען און קלאָגען. לעבען זיי שטעהען זייערע פּאַנ־גער און האַנדלען זיך מיט די קויפער וועגען פּרייז. גאָר אין דער הויף האָט ער דערזעהן אַ וואונדער־שעהן אידיש מיידעל. אַ מחנה קויפער האָבען דאָס מיידעל אַרומגערינגעלט און געהאַלטע, אין איין שטייגען די פּרייזען פאַר איהר. זי האָט נישט געקלאָגט און נישט געיאָמערט, נאָר שטיל האָבען זיך טייכען טרערען געגאָסען פון איהרע אויגען און זי האָט געבעטען:

— גאָט, מיין גאָט, וואָס האָסטו מיך פערלאָזען!...

שאַלתיאל האָט דערהערט אז זי רעדט זיין שפּראַך, איז ער צוגעלאָפען צו דעם סאָלדאַט, וואָס האָט זי געוואָלט פער־קויפען און פאָרגעשלאָגען איהם זעהר אַ הויכען פּרייז. דער סאָלדאַט האָט שוין געוואָלט זי איהם געבען, זענען אנדערע אונטערגעקומען און פאַרגעלייגט נאָך מעהר געלד. דאָ האָט שאַלתיאל זיי געוויזען זיין רינג און געזאָגט:

— אוועק! איך קום אין נאָמען פון קעניג!

האָבען זיך אלע אָבגערוקט מיט שרעק. שאַלתיאל האָט גיך אָנגעטאָן דאָס מיידעל, זי ארייגעזעצט אין אַ קאַרעטע און מיט איהר שנעל אנטלאָפען פון דעם פערשאָלטענעם פּלאַץ.

— שרעק זיך ניט, ביזט פריי! — האָט ער זי געטרייסט — איך האָב דיך נישט געקויפט פאַר אַ שקלאַפין. דו ביזט פריי!

זי האָט גע׳חלש׳ט פאַר פרייד. ער האָט זי קוים דערמינ־טערט און געבראַכט צו זיין מוטער, די יונגסטע פרוי פון דעם קעניג יהויכין.

— ווי הייסטו, און ווער איז דיין פאָטער? — האָט שאַלתיאל׳ס מאַמע זי געפרעגט.

—איך הייס קציעה און מיין פאָטער איז דער אונגליקלי־כער קעניג צדקיהו — האָט זי געענטפערט.

דאָ איז די פרייד געוועזען נאָך גרעסער. זיי זיינען נישט קיין פרעמדע, אין דרייסיג טעג ארום איז די שמחה געווען פערפולט. שאַלתיאל האָט גענומען קציעה׳ן פאַר אַ ווייב

און צום יאָהר האָט זי איהם געבוירען א זוהן און זיי האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען זרובבל.

פלוצלינג איז נבוכדנצר צוריק געקומען. אז ער האָט גע־פונען זיין זוהן קעניגען אויף זיין אָרט, איז ער אריין אין ווילדען צאָרן און ער האָט אויל מרודך'ן מיט זיין סוויטע אריינגעוואָרפען אין געפענגניש.

שאלתיאל איז אָבגעריסען געוואָרען פון זיין געליעבט ווייב און קינד און אויך אריינגעשליידערט געוואָרען אין תפיסה.

ביז נאָט האָט זיך דערבארעמט און נבוכדנצר'ס סוף איז געקומען. ער איז געשטאָרבען און געוואָרען בעגראָבען.

דאָס פאָלק פון בבל האָט באַלד ארויסגענומען אויל מרודך'ן פון געפענגניש. בעפרייט די גאַנצע סוויטע, שאלתיאל'ן און אויך זיין אלטען פאָטער יהויכין.

די פרייד אין שאלתיאל'ס הויז איז געווען אונבעשרייב־ליך. שאלתיאל האָט שוין געפונען זרובבל'ן א אינגעל פון דרייצעהן יאָהר, אַ שעהנער און געזונטער בחור איז ער געווען.

ער האָט זיך גע'חבר'ט מיט יהושע, דער זוהן פון יהוצדק, וואָס איז געווען דער זוהן פון שריה כהן גדול. יהוצדק האָט געלערנט מיטביידע אינגלעך. זיי האָבען גע־קענט די תורה פון משה און געזונגען די געזאנגען פון דוד המלך.

אז אויל מרודך איז ארויס פון געפענגניס האָט ער מורא געהאַט אנצוטאָן די קרוין, טאָמער וועט זיין פאָטער זיך ווי־דער בעווייזען און איהם נאָך שטרענגער בעשטראפען, ווי דאָס ערשטע מאָל.

האָבען די פירשטען ארויסגעשלעפט נבוכדנצר'ן פון קבר ארויס און געוואָרפען פאר אויל מרודך'ן, ער זאָל זיך איי־בערצייגען, אז זיין פאָטער איז טויט. זרובבל און יהושע זע־נען געשטאַנען לעבען שאלתיאל'ן און געזעהן די גרויסע נקמה אָן דעם פיינד. וואָס נבוכדנצר האָט געטהאָן מיט די כהנים אין רבלה איז יעצט מיט זיין טויטען קערפער געטאָן גע־וואָרען.

אויל מרודך האָט זיך געלאָזט קרוינען אלס קעניג. ער

האָט אָבגעגעבען גרויס עהרע צו יהויכין דעם קעניג פון יהודה. נאָך זיבען און דרייסיג יאָהר זיצען אין תפיסה איז יהויכין געזעסען אויבען־אָן לעבען קעניג. ער האָט איהם בע־שטימט אַ געהאַלט פון דער קעניגליכער קאַסע אויף זיין גאַנץ לעבען. די קרוין פון לאַנד יהודה האָט ער אָבער נישט גע־וואָלט איהם צוריקגעבען.

שאלתיאל'ן האָט דער קעניג אויך נישט פערגעסען. ער האָט איהם געמאַכט פאַר דעם עלטסטען איבער אַלע אידען אין גלות. זרובבל מיט שאלתיאל זענען אריינגענומען גע־וואָרען אין דער קעניגליכער לייב־גוואַרדיע. זיי האָבען אָבער דאָס הייליגע לאַנד נישט געקענט פערגעסען. שטענדיג גע־בעטען דעם קעניג, ער זאָל ערלויבען די אידען זיך אומקערען אין הייליגען לאַנד. אויל מרודך האָט זיך אָבער איינגעשפאַרט און נישט געוואָלט ערלויבען.

לאַנג האָט ער נישט געקעניגט. אין צוויי יאָהר ארום האָט איהם זיין שוואָגער נרגל אסיר ערמאָרדעט און געוואָרען קעניג אויף זיין אָרט. אין א קורצע צייט ארום איז ער אויך געפאַלען אין שלאַכט, וואָס ער האָט געפיהרט געגען כורש דעם קעניג פון פערסיען. בלשאצר איז געוואָרען קעניג פון בבל.

אין די טעג פון בלשאצר האָבען זיך געפונען א סך אידען וואָס האָבען זיך אויסגעמישט מיט די באַבילאַניער און פער־געסען דעם אידישען גאָט און דאָס אידישע לאַנד. זיי האָ־בען פער'מסר'ט די געטרייע אידען אז זיי שילטען דעם קע־ניג און ווילען זיך אומקערען אין לאַנד פון זייערע עלטערן. בלשאצר האָט גענומען געפאַנגען א סך פון די טרייע אידען און זיי געפייניגט און ער האָט שטאַרק אונטערדריקט אַלע אידען.

זרובבל האָט דעמאָלט חתונה געהאַט מיט הדסה, די טאָכ־טער פון פדיה זיין פעטער. ווען זיי זענען קליינע קינדער גע־ווען זענען זיי שוין געוואָרען התן־כלה. די חתונה איז געווען א שטילע אָהן גרויס פאַראַד. קיין מוזיק האָט נישט גע־שפּיעלט, קיינער איז נישט געגאַנגען טאַנצען. א שלעכטע צייט האָבען די אידען געהאַט. דער חורבן נאָך פריש אין זכרון און בלשאצר דריקט און שטיקט דאָס פאָלק. יהושע

דער זוהן פון יהוצדק האָט געזונגען "על נהרות בבל" און אַלע געסט האָבען געשוואוירען אַז זיי וועלען ירושלים קיינ־מאָל נישט פערגעסען.

פלוצלינג האָבען סאָלדאַטען זיך אַריינגעריסען און דעם חתן מיט אַלע מענער אוועקגעפיהרט אין געפענגנים. די פרויען זענען געבליבען פערוויינט אויף דעם גרויסען אונ־גליק וואָס עס האָט זיי געטראָפען.

אַ פּאָר מאָנאַטען זענען אַריבער און די אַרעסטירטע זע־נען געבראַכט געוואָרען פאַר די ריכטער. אַלע מענער זענען פער'משפט געוואָרען צום טויט דורך הענגען. נאָר יהושע, דער זוהן פון יהוצדק, איז געווען אַן אויסנאַהם, די ריכטער האָבען בעשטימט אַז איהם קומט צו פערברענען.

אַ יאָמער און אַ געוויין האָט אויסגעבראָכען צווישען די פערטריבענע אידען, ווען זיי האָבען זיך פון דעם ביטערען משפט דערוואוסט. זרובבל'ס מוטער איז געלאָפען צו די אַל־טע קעניגין, געפאַלען איהר צו די פיס, געוויינט און גע־קלאָגט און געבעטען רחמים אויף איהר זוהן דעם חתן מיט אַלע געסט.

די אַלטע קעניגין האָט זיך דערבאַרימט אויף זיי און זי האָט געבעטען פאַר זיי ביי בלשאצר'ן. ער האָט זיי געשאָנ־קען דאָס לעבען. און זיי געהייסען איינזעצען אין פעסטונג אויפ'ן גאַנצען לעבען. שאלתיאל'ן האָט ער אַרויסגעיאָגט פון לאַנד און פערטריבען נאָך פערסיען.

געשלאָסען אין קייטען זענען זרובבל און יהושע מיט אַלע געסט אוועקגעפיהרט געוואָרען אין פעסטונג ביים גרעניץ פון מדי, שפּעטער האָט דער קעניג ערלויבט זייערע פרויען אויך איינגעשלאָסען צו ווערען אין פעסטונג צוזאַמען מיט די מענער. יעדער איינער האָט געקראָגען אַ קעלניע צו אַרביי־טען מיט איהר אין ליים און צו פערפעסטיגען די מויער, וואָס נבוכדנצר האָט נאָך אָנגעפאַנגען צו בויען.

זרובבל איז געשטאַנען מיט דער קעלניע אין האַנד און געאַרבייט אין ליים און ער האָט געשוואוירען: אַז גאָט וועט זיך דערבאַרימען אויף זיין פאָלק און עס צוריק ברענגען אין לאַנד פון זיינע עלטערען, וועט ער מיט דער זעלבער קעלניע בעפעסטיגען די מויער פון ירושלים...

דער נאָמען פון כורש, דער גרויסער און שטאַרקער קע־ניג פון פערסיען, האָט זיך געטראָגען איבער אַלע לענדער. דאָס איז דער קעניג כורש, וואָס דורך איהם זענען די אידען געהאָלפען געוואָרען. גרויסע זאכען ווערען דערצעהלט וועגען זיין געבורט.

ווען זיין זיידע אסטיאגעס, דער קעניג פון מדי איז נאָך געווען אין די בעסטע יאָהרען האָט זיך איהם גע'חלום'ט, אז א גרויסער בוים איז אויסגעוואקסען פון זיין טאָכטער מאנ־דאנע. און דער בוים פערשטעלט מיט זיין שאטען די גאנצע ערד און מאכט פינסטער זיין פאַלאַץ.

אז ער איז אויפגעשטאנען אין דער פריה, האָט ער זיך שטארק געשראָקען און צוזאמענגערופען אלע קלוגע לייט, זיי זאָלען בעשיידען זיין חלום.

די קלוגע לייט האָבען איהם בעשיידען, אז זיין טאָכטער וועט האָבען א זוהן, וואָס וועט הערשען איבער דער גאנצער וועלט און וועט איהם, דעם זיידען, טאָן שלעכטס.

דער קעניג אסטיאגעס האָט שטארק געציטערט און ער האָט זיין טאָכטער אוועקגעשיקט אין א ווייט לאנד און איהר געגעבען א שטילען רוהיגען מענשען פאר א מאן.

אין א יאָהר ארום האָט מאנדאנע געבוירען א יונגעל און איהם א נאָמען געגעבען כורש. גלייך האָט דעם קעניג גע'־חלום'ט דער זעלבער חלום. האָט ער געלאָזען ברענגען דאָס קינד צו זיך, און איהם איבערגעגעבען צו איינעם פון זיינע גענעראלען, ער זאָל איהם אוועקלייגען נאַקעט אויף די בערג, ער זאָל דאָרט אויסגעהן פון הונגער און קעלט. דער גענעראל האָט אָבער רחמנות געהאט אויף דעם קינד כורש און האָט איהם אוועקגעגעבען צו א פאסטוך ער זאָל איהם ערציהען.

כורש איז אויפגעוואקסען מיט די קינדער פון די פאס־טוכער. ער איז געווען שענער און קליגער פון זיי. האָבען זיי איהם געמאכט פאר זייער עלטסטען. ווען די קינדער פון די פאסטוכער האָבען זיך געשפּיעלט איז כורש געווען זייער קע־ניג. איינמאָל איז געקומען צו זיי א זוהן פון א פירשט. ער האָט זיך געהאלטען גרעסער פאר זיי און האָט נישט געוואָלט פאָלגען דעם קעניג פון די פאסטוכער. האָט כורש איהם שטארק געשלאָגען. אז דער קעניג אסטיאגעס האָט דערהערט

ווי א פאסטוך־יונג האָט געשלאָגען דעם זוהן פון א פירשט, איז ער שטארק בייז געוואָרען און געהייסען ברענגען כורש'ן צו זיך.

ווי אסטיאגעס האָט איהם דערזעהן, האָט ער גלייך דער־קענט, אז ער איז מאנדאנעס זוהן. ער האָט געשיקט רופען דעם גענעראל, וואָס ער האָט איהם געהייסעז אוועקלייגען דאָס קינד אויף די בערג. דער גענעראל איז איהם געפאלען צו די פיס און האָט זיך מודה געווען פאר איהם, אז דאָס הארץ האָט איהם נישט דערלאָזט צו טויטען דאָס שעהנע קינד.

אסטיאגעס האָט געמאכט א מינע ווי ער איז צופרידען וואָס עס האָט זיך אזוי אויסגעלאָזט און געהייסען גרייטען א גרויסען באל פאר דעם אייניקעל. דעם גענעראל האָט ער בעפוילען צו שיקען זיין יונגסטען זוהן אלס חבר צום קע־ניגליכען אייניקעל.

אויפ'ן באל האָבען אלע זיך שטארק געפרייט און זיך לוסטיג געמאכט. נאָך'ן עסען האָט דער קעניג אסטיאגעס געפרעגט דעם גענעראל, צי עס האָט איהם גוט געשמעקט דאָס געבראטענס. באלד האָבען די קנעכט אריינגעבראכט א פערדעקטען קאָרב און אז דער גענעראל האָט אויף דעם קע־ניג'ס בעפעהל אָבגעדעקט דעם קאָרב, האָט ער צו זיין שווי־דערליכען שרעק דערזעהן דעם קאָפּ מיט די הענד און פיס פון זיין יונגסטען זוהן...

דאָס האָט דער קעניג זיך נוקם געווען אין גענעראל, ווייל ער האָט נישט געפאָלגט זיין בעפעהל. ער האָט געטויט זיין קינד און איהם געגעבען צו עסען זיין פלייש... דער גענעראל איז שיער געשטאָרבען פאר גרויס צער און שרעקליכען וועה־טאָג. ער האָט אָבער מורא געהאט א וואָרט צו זאָגען דעם ווילדען קעניג. אין הארצען האָט ער אָבער געשוואוירען צו נעמען נקמה פאר דעם פערגאָסענעם בלוט פון זיין יונג קינד...

דער ווילדער קעניג האָט זיך בעראטען מיט די קלוגע לייט וואָס צו טאָן מיט זיין אייניקעל כורש. זיי האָבען איהם בע־רוהיגט, אז דער חלום איז שוין מקוים געוואָרען, וואָס כורש איז געווען קעניג פון די פאסטוך־יונגען. האָט ער איהם גע־

לאָזט לעבען און אוועקגעשיקט נאָך פּערסיען.

כורש איז דאָרט געוואַקסען אַ העלד. אַלע האָבען געציטערט פאַר איהם און ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט געשראָקען.

דער גענעראל האָט דערהערט פון זיין העלדישקייט און ער האָט געטראַכט אַז יעצט איז צייט ער זאָל נעמען נקמה אַן דעם אַלטען ווילדען קעניג. שטילערהייט האָט ער געלאָזט ווּיסען כורש'ען, אַז זיין זיידע האָט איהם געוואָלט טויטען און נאָר איהם צו פערדאנקען לעבט ער, זאָל ער יעצט מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען זיין מערדערישען זיידע.

כורש האָט איהם געפאָלגט און האָט זיך געלאָזט קרוינען אַלס קעניג פון פערסיען און האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען זיין זיידען. האָט זיין זיידע גענומען אַ גרויסע אַרמעע מיט דעם גענעראל האַרפּאַגעס און געשיקט געגען כורש'ן. די גאַנצע אַרמעע איז באַלד אַריבער אויף דער זייט פון כורש.

אַסטיאַגעס איז געוואָרען שרעקליך בייז און געלאָזט אויס'הרג'ענען אַלע קלוגע, וואָס האָבען איהם בערוהיגט און געזאָגט, אַז די געפאַהר פון זיין אייניקעל איז אַריבער. ער האָט זיך אַליין געשטעלט אַן דער שפּיץ פון אַ גרויסע אַרמעע און גענאַנגען האַלטען קריעג מיט כורש'ן. דער אַלטער קעניג האָט געהאַט אַ שרעקליכע מפּלה. כורש האָט איהם גענומען געפאַנגען און געהאַלטען פערשפּאַרט זיין גאַנץ לעבען און דאָס גאַנצע לאַנד האָט ער זיך צוגענומען.

פון דעמאָלט אָן האָט כורש בעזיעגט איין לאַנד נאָכ'ן אַנדערען און זיין נאָמען איז געוועזען בעריהמט אויף דער גאַנצער וועלט.

איין טאָג ווען כורש האָט געהאַט געענדיגט אַ גרויסע שלאַכט מיט דעם קעניג פון לוד, און ער איז אַרויס דער העל־דישער זיעגער, איז צו איהם צוגעגאַנגען זיין פעלדמאַרשאַל דריוש און איהם דערצעהלט, אַז איינער פון די גרעסטע העלדען, וואָס האָט שטאַרק געקעמפט און זיך אויסגעציי־כענט, איז שטערבליך פערוואונדעט. פאַר'ן טויט בעט ער, דער קעניג כורש זאָל איהם זעהן, ווייל ער האָט זעהר וויכ־טיגעס איהם איבערצוגעבען. כורש איז גלייך מיטגעגאַנגען

מיט דעם פעלדמארשאל צום שטארבענדען העלד.

דער שטארבענדער האט צוזאמענגענומען אלע קרעפטען און זיך אויפגעזעצט און דערצעהלט דעם קעניג, אז ער איז איינער פון די געפאנגענע פון לאנד יהודה, פון דער אידישער קעניגליכער פאמיליע. און ווייל ער האט געגלויבט אין דער נבואה, אז כורש וועט בעזיעגען בבל און וועט אומקערען די אידען אין לאנד פון זייערע עלטערן, האט איהם דער קעניג פון בבל פערטריבען מיט שאנד. זיינע קינדער און די גאנצע פאמיליע זענען איינגעשפארט אין א פעסטונג אויף דער גרעניץ פון מדי.

פאר כורש'ן איז דאס געווען א נייעס. ער האט נישט געהערט פון דער נבואה. דא האט דער שטארבענדער ארויסגענומען א מגלה פון הינטער'ן קישען און זי דערלאנגט דעם קעניג. די מגלה איז געווען אין העברעאיש און דארט איז געווען פערשריבען די נבואה: אז כורש וועט פערוויסטען דאס קעניגרייך פון בבל און אומקערען די אידען אין הייליגען לאנד.

אז דער שטארבענדער האט פערטייטשט דעם קעניג די ווערטער פון דער מגלה האט ער דערפיהלט, אז זיינע קרעפטען געהען איהם אויס. ער האט בעשוואוירען דעם קעניג און דעם פעלדמארשאל זיי זאלען איהם גערענקען זיין געטריישאפט און איבערגעבענקייט צו זיי אין קריעג און גלייך איז איהם די נשמה אויסגעגאנגען.

דער געשטארבענער איז געווען שאלתיאל, זרובבל'ס פאטער, וואס איז אריינגעטרעטען אין כורש'ס ארמעע. כורש האט בעהאלטען ביי זיך די מגלה מיט דער נבואה.

א גרויסע לויה האבען זיי געמאכט שאלתיאל'ן. דער קעניג מיט אלע גענעראלען און פירשטען האבען איהם בעגלייט ביז דעם אידישען בית־עלמין אין דער שטאדט. און די גאנצע געמיינדע האט איהם בעוויינט.

---

כורש האט באלד נאכדעם געפיהרט זיין ארמעע אויף בבל און איז אנגעקומען צו דער גרעניץ פון מדי. אין דער ערשטער שלאכט האט בבל געקראגען גרויסע קלעפ און כורש האט איינגענומען די גאנצע געגענד מיט דער פעסטונג. ער האט

גלייך ארויסגעלאָזט פריי אלע פערשפּארטע. און געהייסען זיין פעלדמארשאל דריוש ברענגען זרובבל'ן. דער קעניג האָט איהם דערלאַנגט די מגלה און איהם געהייסען פערטייטשען, וואָס אין איהר איז פערשריבען. זרובבל האָט איהם פער־טייטשט און ער האָט גלייך דערקענט, אז דאָס איז זיין פאָטער'ס.

— דאָס איז דאָך מיין פאָטער'ס ! — האָט זרובבל אויס־גערופען.

—יא, דיין פאָטער האָט זי מיר געגעבען — האָט כורש געענטפערט — ער איז מיר געווען זעהר געטריי און העלדיש זיך געשלאָגען אין מיין מיליטער.

— און וואו איז מיין פאָטער יעצט ? — האָט זרובבל אויסגעשריגען מיט שרעק.

— ווי א העלד איז ער געשטאָרבען און געקומען צו קבר ישראל אין לוד.

זרובבל האָט זיך שטאַרק צואויינט און זיך נישט גע־קענט בערוהיגען. כורש און דריוש האָבען געקוקט מיט רחמנות אויף דעם טרויערנדען זוהן און דערנאָך האָט דער קעניג איהם געטרייסט :

— וויין נישט, פאר א קעניגליכען פּרינץ פּאַסט נישט צו וויינען. טרעט אַריין אין מיין מיליטער און פערנעם דאָס אָרט פון דיין העלדישען פאָטער. איך וועל צו דיר זיין ווי א פאָטער. און אויב גאָט וועט מקיים זיין די רייד פון זיין נביא און געבען גאַנץ בבל אין מיינע הענד, וועל איך אומ־קערען די אידען אין הייליגען לאַנד.

זרובבל האָט זיך אָבער ענטזאגט דאָס צו טאָן, ווייל ער וויל נישט ווערען אונטריי צו בבל, וואו אזוי פיעל אידען וואוינען. כורש'ס צאָרן האָט זיך אָנגעצונדען ווי א פייער. נאָר דריוש, זיין פעלדמארשאל, האָט איהם בערוהיגט און געזאָגט :

— אויב די אידען זענען אזוי געטריי צו זייערע אונ־טערדריקער, ווי געטריי וועלען זיי זיין דיר, ווען דו וועסט זיי אומקערען זייער לאַנד ! זיי וועלען דיר, גרוסער קעניג, צונויץ קומען...

זרובבל האָט געזאָגט, אז ער איז גרייט צו געהן אומע־

טום, וואו כורש וועט איהם הייסען, ער קען נאָר נישט ווי־
דערשפעניגען אין בבל. כורש האָט געזעהן זיין גוט הארץ,
זיין קלוגשאפט און איבערגעבענקייט און ער האָט זיך גע־
לאָזט איבערבעטען, און ער האָט איהם געמאכט פאר גאָ־
ווערנאָר פון ספרוים. די גאנצע פאמיליע האָט זיך דאָרט
בעזעצט און געוואָרט אויף דער גרויסער בשורה — אומצו־
קערען זיך נאָך ירושלים . . .

בלשאצר האָט זיך שטארק בעפעסטיגט אין בבל. צעהנד־
ליגע מאָל האָט כורש געשטורעמט איהרע מויערען און ער
האָט זי נישט געקענט איינגעמען. די בעלאַגערונג האָט
אויך נישט געהאָלפען, ווייל בלשאצר האָט צוגעגרייט שפייז
אויף יאָהרען לאנג.

אז בלשאצר האָט געזעהן ווי כורש קען איהם גאָרנישט
מאָן, האָט ער געמאכט א גרויסען באל און געהייסען אלע
זיינע ווייבער און קעפס־ווייבער טאנצען נאקעטערהייט פאר
דעם אָבגאָט. שיכור'ערהייט האָט ער געגעבען א בעפעהל צו
ברענגען אלע כלים פון בית המקדש און ער מיט זיינע געסט
האָבען געטרונקען פון זיי. פלוצלינג איז געקומען א גרויסע
האנד און האָט אָנגעשריבען אויף דער וואנד א פּאָר אונ־
פער שטענדליבע ווערטער.

בלשאצר האָט זיך דערשראָקען. א פינסטערע מורא איז
איהם בעפאלען. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס די
ווערטער מיינען. בלשאצר האָט געהייסען ברענגען דעם נביא
דניאל און ער האָט די ווערטער איבערגעלייענט און פער־
טײַטש:

— היינט קומט דער סוף פון בבל...

אין דער רגע האָט זיך געהערט א גרויסער קראך און א
שטורם. כורש מיט זיין ארמעע זענען אריין אין בבל. זיי
זענען בעפאלען דעם קעניגליכען פאלאץ. בלשאצר מיט אלע
זיינע גענעראלען און סאָלדאטען זיינען געפאלען אין שלאכט
און די שטאָדט האָט זיך איבערגעגעבען אין די הענד פון
כורש'ן און זיין מיליטער.

דאָס זעלבע יאָהר האָט כורש צושיקט בריעף איבער זיין
גאַנץ קעניגרייך און ער האָט געלאָזט אויסרופען אזוי:

„דאָס זיינען די רייד פון כורש, דער קעניג פון פערסיען.

אלע קעניגרייכען פון דער וועלט האָט גאָט, דער גאָט פון הימעל, איבערגעגעבען אין מיינע הענד, און ער האָט מיך בעפוילען צו בויען איהם א הויז אין ירושלים וואָס איז אין יהודה. יעדער איד פון אייך זאָל גאָט זיין מיט איהם און זיך אומקערען אהיים!"

עס איז געקומען די גאולה. מען קען זיך אומקערען אין היילינען לאַנד! אָבער זעהר ווענינ האָבען זיך אומגעקערט. דער גרעסטער טייל אידען האָט זיך צוגעבונדען צום גלות און זיי האָבען נישט געוואָלט צוריקגעהן אין וויסטען לאַנד אויפ־בויען די חורבות. צוויי און פערציג טויזענד דריי הונדערט און זעכציג מענשען אינגאַנצען האָבען זיך צוריקגעקערט. דערפאַר האָבען אָבער די פערבליבענע זיך אונטערגענומען צו געבען גאָלד און זילבער, שאָף און רינדער פאַר דעם היילינען לאַנד.

כורש האָט צוריקגעגעבען די כלים פון בית המקדש. ער האָט בעשטימט זרובבל'ן פאַר דעם נשיא פון יהודה. זרובבל האָט בעשטימט זיין חבר יהושע דער זוהן פון יהוצדק און נאָך צעהן ווירדיגע לייט, אלס געהילפען. זענען זיי געווען צו־זאַמען צוועלף נשיאים אַנטקעגען די צוועלף נשיאים פון די צייטען פון משה רבנו. מיט זיי זיינען אויך מיטגעגאַנגען די כהנים און די לוים, די זינגער.

פריהלינג, אין ראש חדש ניסן, די צייט ווען די אידען זענען ארויס פון מצרים, זענען אויך די אידען ארויסגעגאַנגען פון בבל אויפ'ן וועג צום לאַנד פון זייערע עלטערן.

פאָראויס פאַר דער מחנה זענען געגאַנגען זינגער און שפּיעלער און געזונגען לויב־ליעדער צו גאָט. טויזענד בעוואַ־פענטע רייטער האָט כורש מיט זיי מיטגעשיקט אָבצוהיטען פאַר די פיינד, וואָס קענען זיי בעפאַלען אויפ'ן וועג. נאָך פינף חדשים גאַנג האָבען זיי געטראָטען אויף דער היילינער ערד. די גוי'שע איינוואוינער פון ארץ ישראל האָבען זיך אָב־גערוקט, זיי האָבען מורא געהאט צו שטערען זיי, כורש זאָל זיי נישט פערטיליגען. די ערד ארבייטער פון צווישען די צו־ריקגעקומענע האָבען זיך באַלד בעזעצט אויפ'ן לאַנד. זרובבל מיט די עלטסטע און די שטאָדטישע לייט זענען געגאַנגען נאָך ירושלים.

ווען זיי זענען צוגעקומען צו די טויערען פון ירושלים און דערזעהן די צושטערטע מויערן און די איינגעוואָרפענע פערוויסטעטע הייזער, האָבען זיי די קליידער צוריסען, געפאַלען אויפ'ן פנים, געקושט די שטיינער און די ערד און שטארק געוויינט. זיי האָבען זיך גוט אויסגעוויינט. דערנאָך האָבען זיי זיך אויפגעהויבען און זרובבל האָט גענומען די פידעל און אָנגעהויבען שפּילען און אַלע האָבען געזונגען א לויב־געזאנג צו גאָט, וואָס ער האָט זיי צוריקגעקעהרט אהיים.

באַלד האָבען זיי אויפגעשטעלט געצעלטען צו וואוינען. און זיי האָבען גענומען אויפבויען די צושטערטע שטאָדט.

עס איז געקומען דער חודש תשרי, די צייט פון די יום־טובים. דאָס בית המקדש איז נאָך נישט געווען אויפגעבויט, האָבען די אַלטע כהנים אויסגעזוכט דאָס אָרט, וואו דער מזבח איז געשטאַנען, און באַלד איז געשטאַנען דער מזבח און ווידער האָבען זיי מקריב געווען קרבנות צו גאָט.

סוכות האָבען זיי געפייערט מיט גרויס פרייד און פּאַראַד. פאַר דער גאנצער צייט וואָס זיי זענען געווען פערטריבען האָבען זיי אזא פרעהליכען יום טוב נישט געהאַט. נאָך יום־טוב האָבען זיי געבראַכט צעדערבוימער פון לבנון. די ארבייט צו בויען גאָט'ס הויז האָט זיך אָנגעפאנגען.

אז דער פונדאמענט איז געשטאַנען האָבען די כהנים געשפּילט אויף די טרומפּייטען, די לוים האָבען געציםבעלט מיט די צימבלען און דאָס גאנצע פאָלק האָט געשאַלט און געשטורעמט. די אַלטע לייט וואָס האָבען נאָך געדענקט דאָס ערשטע בית המקדש האָבען זיך שטארק צוואוויינט און דאָס געוויין פון די אַלטע האָט זיך אויסגעמישט מיט די פרייד־געשרייען פון די יונגע... דער נביא חגי האָט געזאָגט זיין טרייסט נביאות, אז דאָס צווייטע בית המקדש וועט נאָך זיין גרעסער און מיט מעהר כבוד ווי דאָס ערשטע, גאָט וועט בענטשען מיט פרידען ארץ ישראל און איהרע קינדער.

דאָס גאנצע פאָלק, גרויס און קליין, אַלט און יונג, פרויען און קינדער האָבען געשלעפּט די שטיינער און ציגעל, געאַרבייט אין ליים און אויפגעבויעט די צושטערטע מויער פון ירושלים. זרובבל האָט ארויסגענומען די קעלניע מיט וועלכער ער האָט געארבייט אויף די מויער פון נבוכדנצר'ן און ער

האָט מקיים געווען זיין נדר. ער האָט מיט דערזעלבער קעלניע געארבייט צו בעפעסטיגען די מויער פון ירושלים...

די שומרונים האָבען געזעהן אז עס געהט גוט די אידען, האָבען זיי געוואָלט מיטהעלפען בויען, נאָר זרובבל און יהושע מיט די נשיאים האבען זיי נישט צוגעלאָזט.

כורש איז דערוויילע געשטאָרבען און זיין זוהן קאמביזעס איז געוואָרען קעניג אויף זיין אָרט, האָבען די שומרונים געשיקט א מסירה צו איהם אויף די אידען פון ירושלים. דער קעניג האָט פערבאָטען צו בויען דאָס בית המקדש.

פּופצעהן יאָהר האָט קאמביזעס געקעניגט. נאָך זיין טויט איז קיין יורש נישט געבליבען. האָבען די פירשטען און די גענעראַלען אויסגעקליבען דעם פעלדמאַרשאַל דריוש אלס קעניג.

זרובבל האט זיך דערמאָנט ווי גוט דריוש איז צו איהם געווען האָט ער פערלאָזט ירושלים און געגאַנגען נאָך בבל צו דריוש'ן. ער האָט איהם דערזעהן און שטאַרק געפרייט זיך מיט איהם און געהייסען מאַכען א גרויסען באַל פאַר זיין כבוד וועגען.

ווען זיי האָבען זיך געלאָזען וואוילגעהן האָט דריוש געפרעגט זרובבל'ן:

— וואָס פערלאַנגסטו, וועל איך דיר געבען.

זרובבל איז געפאַלען אויף זיין פּנים און איהם געבעטען בענייען די ערלויבניש, וואָס כורש האָט געגעבען צו בויען גאָט'ס הויז. דריוש האָט איהם געגעבען די ערלויבניש און נאָך א גרויסע סומע געלד פון זיינע שאַץ־קאַמערען.

פרעהליך און גליקליך האט זרובבל זיך אומגעקערט נאָך ירושלים. זכריה הנביא איז מיט איהם מיטגעגאַנגען און זיי צוזאַמען מיט דעם נביא חגי און יהושע דער זוהן פון יהוצדק האָבען גענומען בויען דאָס בית המקדש. נאָך פיער יאָהר בויען איז גאָט'ס הויז געשטאַנען פאַרטיג. דעם דריטען טאָג אין אדר זענען אַלע אידען פון גאנצען לאַנד זיך צוזאַמענגעקומען און געפייערט די שמחה מיט געזאַנג און פרייד און טענץ. און באַלד איז געקומען פסח.

די בשורה האָט זיך צוטראָגען איבער אַלע לענדער אז גאָט האָט געהאָלפען זיין פאָלק און איהם אויסגעלייזט. ווי

טויבען צו זייערע נעסטען זענען די פערטריבענע און פער־שטויסענע קינדער צוריקגעקומען פון אלע עקען וועלט צוריק אין לאנד פון די עלטערן. די וויסטע הייזער האָבען זיי אויפ־געבויט און די פערלאָזטע ערד בעארבייט מיט זייער שווייס און מיה. דעמאָלט איז געוואָרען זיבעציג יאָהר פון דעם טאָג ווען די אידען זענען נעגאנגען אין גלות בבל. גאָט'ס צוזאָג איז געווארען מקוים.

עס זענען אריבער עטליכע יאהר האט דאס פאָלק פערלאנגט, זרובבל זאָל זיך זעצען אויפ'ן טראָהן פון דוד המלך. זרובבל האָט אָבער פערשטאַנען, אז ער טאָר דאָס נישט טאָן, ווייל דאָס וועט ווידער געבען א געלעגענהייט די שונאים, זיי זאָלען פער'מסר'ען די אידען ביים פערסישען קעניג. און אום עס זאָל קיין פערדאכט נישט זיין, אז ער וויל דעם טראָהן, האָט ער בעשטימט זיין חבר יהושע דער זוהן פון יהוצדק אלס נשיא אויף זיין ארט און ער אליין איז אוועק נאָך בבל. דאָרט האָט איהם דער קעניג בעשטימט פאר דעם הויפט פון אלע אידען אין גלות.

די מגלה מיט זיין לעבענסבעשרייבונג און די געשיכטע פון זיין פאמיליע האָט זרובבל איבערגעלאָזט צוזאמען מיט דער קעלניע צו זיין זוהן משולם און ער האָט איהם אזוי אָנ־געזאָגט :

זוהן מיינער, איך לאָז דיר איבער די מגלה מיט דער קעלניע, וואס איך האָב געארבייט מיט איהר אין פעסטונג אין גלות און אויף דער מויער אין דער הייליגער שטאָדט ירושלים. קוק אויף זיי און געדענק, וואס דיין פאטער האט געטאָן פאר זיין פאָלק און זיין לאַנד. צוליעב זיי בין איך אוועק פון בבל צוריק אהיים און צוליעב זיי בין איך אוועק צוריק נאָך בבל.

אויב גאָט וועט דיך זעצען אויף דעם טראָהן פון אונזער פאטער דוד המלך, זאָלסטו לייענען די מגלה און זעהן צו זיין געטריי גאָט, זיין פאָלק און זיין לאַנד. און אויב עס וועט אין דיין צייט נאָך נישט קומען דאס גליק דו זאָלסט אנטאָן די קרוין פון דוד, זאָלסטו זי נישט וועלען נעמען מיט געוואַלד. זאָלסט נישט מאַכען קיין אויפשטאַנד, ווייל נישט דורך אן אויפשטאנד וועט זיך אומקערען דאס קעניגרייך צו

דוד׳ס הוז, נאָר מיט דעם ווילען פון גאָט. האַלט די מגלה און דו שרייב צו דיינע איבערלעבונגען. זאָלסט הייסען דאס זעלבע טאָן דיין זוהן ביז עס וועט קומען די צייט, און גאָט וועט ברענגען די ריכטיגע גאולה אויף זיין פאָלק און די אי־דישע מלוכה וועט זיך אומקערען צו דוד׳ס קינדער.

דאס זיינען די רייד פון דיין פאטער,

זרובבל.

# דער "אָרבער קראַנץ

דאַס איז געווען אין די צייטען פון צווייטען בית המקדש. דאַס שלעכטע בבל, וואָס האָט חרוב געמאַכט ארץ ישראל, איז שוין אליין געווען צושמעטערט און פערניכטעט. דריוש און ארתחשסתא, די פערסישע מלכים, האָבען זייער גאַנצען כעס אויסגעלאָזט צו בבל. און עס איז מקוים גע־וואָרען די נבואה פון אונזערע גרויסע נביאים, אז אזוי ווי בבל האָט געטאָן מיט ארץ ישראל אזוי וועט מיט איהר געטאָן ווערען. בבל איז געוואָרען צושטערט און פערוויסט.

אָבער ארץ ישראל איז נאָך אלץ נישט געווען געהאָל־פען. א סך אידען האָבען זיך שוין אומגעקערט און צוריק אויפגעבויט די פערוויסטע שטעדט און דערפער. די אמת'ע ישועה איז אבער נאָך נישט געקומען. דאַס הייליגע לאַנד איז נאָך געווען אונטערטעניג דעם סירישען גאַווערנאָר. און דער בייזער גאַווערנאָר האָט געדריקט און געשטיקט די אידען אין הייליגען לאַנד, זיי האָבען איהם שווערע צינזען געמוזט צאָהלען און ער האָט אין אלע שטעדט ארייגעזעצט זיינע פערטרעטער, וואָס האָבען אויסגעזויגען דעם מאַרך און דאָס בלוט פון הייליגען לאַנד.

די זרובבל פאמיליע, די אור אייניקלעך פון דוד המלך האָבען זיך נישט געטאָרט מישען אין די געשעפטען פון לאַנד. דער שלעכטער סירישער גאַווערנאָר האָט מורא גע־האַט, אז איינער פון זיי זאָל זיך נישט וועלען זעצען אויפ'ן אידישען טראָהן, האָט ער זיי געצוואונגען וואוינען אין א דאָרף, וואו יעדער האָט געקריגען א שטיקעל לאַנד און זיי

האבען אליין די ערד געמוזט בעארבייטען. דוד המלך'ס קינדער האבען שטארק ליעב געהאט דאס היילינע לאנד און מיט זייער גאנצען הארצען זיינען זיי צוגעבונדען געווען צו זייער ערד.

אין יענער צייט האט א גרויס אומגליק געטראפען דעם פאלק ישראל. יוידה דער אלטער כהן גדול אין ירושלים איז געשטארבען, און זיין בכור, יוחנן, איז געווארען כהן גדול אויף זיין פאטער'ס ארט. האט ער געהאט א אינגערען ברודער ישוע וואס האט איהם מקנא געווען און נישט פערגינען די גרויסע זכיה צו זיין כהן גדול, ער אליין, ישוע, האט געוואלט ווערען כהן גדול. ער האט נישט גערוהט און געהאלטען אין איין קריגען אויף זיין עלטערען ברודער יוחנן כהן גדול.

איין טאג ווען דאס גאנצע פאלק איז געווען פערזאמעלט אין בית המקדש און ישוע האט גערעדט א סך בייזע רייד צו זיין ברודער דעם כהן גדול, איז יוחנן שטארק בייז געווארען און האט איהם אין בית המקדש דער'הרג'עט.

גרויס טרויער האט געהערשט אין ירושלים. איין ברודער האט גע'הרג'עט זיין צווייטען ברודער. און דער מארד איז געשעהן אין בית המקדש. גאט'ס הויז איז פארשוועכט געווארען פון א ברודער מערדער. ווער עס האט דאס געהערט האט אש אויף זיין קאפ געשאטען און געטרויערט.

און ווען די געשיכטע פון דעם מארד איז דערגאנגען צו די אויערען פון דעם פערסישען פעלדמארשאל דאגאזיס, וואס איז געווען גאווערנאר אין סיריען, איז זיין צארן זעהר גרויס געווען. דאגאזיס איז געווען א גוטער פריינד פון דעם ערמארדעטען ישוע, און ער האט צוזאמענגענומען א גרויסע ארמעע און איז געגאנגען אויף ירושלים. דאגאזיס האט געזאגט, אז ער געהט נעמען נקמה פאר דעם ערמארדעטען און פאר דעם כבוד פון בית המקדש וואס איז פערשוועכט געווארען. ער איז מיט זיין גאנץ מיליטער צוגעקומען צום בית המקדש און געוואלט אריין איננוויינינ.

די כהנים און דאס פערזאמעלטע פאלק האבען איהם נישט אריינגעלאזט. אין אונזער תורה שטעהט געשריבען, האבען

זיי איהם ערקלערט, אז א פּרעמדער טאָר נישט אריינגעהן אין בית המקדש.

דאָ איז דאגאזים נאָך מעהר בייז געוואָרען, און ער האָט אויסגעשריגען:

—בין איך דען מעהר טמא פון דעם טויטען ישוע וואָס איז געטויטעט געוואָרען אין אייער הייליג הויז?

ער האָט זיך איבערגעוואָלד אריינגעריסען אין בית המקדש און אַרויפגעלייגט זעהר שווערע צינזען אויף די אידען. יעדען טאָג האָט מען איהם געמוזט צאָהלען פופציג גאָלדענע שקלים, אז ניט האָט ער די כהנים נישט געלאָזט מקריב זיין דעם קרבן תמיד. זיבען יאָהר כסדר האָט מען איהם געמוזט צאָהלען די שווערע צינזען.

דעמאָלט האָט עזריה דער זוהן פון טוביה, א קינד פון דער זרובבל פאַמיליע, פערקויפט זיין חלק לאַנד און זיך אוועקגעלאָזט רייזען איבער דער וועלט.

עזריה איז נאָך גאַנץ יונג געווען. ס'איז איהם מיאוס געוואָרען צו וואוינען אין דאָרף. איך בין א בן מלכים, האָט ער זיך געטראכט, און בין געבוירען צו גרעסערע זאכען ווי צו בעאַרבייטען די ערד. וועל איך פאָהרען זוכען מיין גליק אַנ־דערשוואו.

ער איז אויסגעוועזען אין אראַביען, אין פערסיען און אין אינדיען; ער האָט געזעהן רייכע פּאַלאַצען און אָרימע שטיב־לעך; גרויסע הערען און קעניגען און ווילדע מענשען וואָס זיינען גלייך צו חיות אין וואַלד. און שפּעטער נאָך דער גרוי־סער רייזע איבער די לענדער האָט עזריה אַזוי געזאָגט:

—די אַלע אונטערשיידען זיך נאָר אין אויסווייניגסטען אויסזעהן, איינעם'ס געזיכט איז אַנדערש פון צווייטענס. אָבער הערצער האָבען זיי אַלע גלייך. און זייערע גלוסטונגען זיינען דיזעלבע. זיי האָבען איין פרייד און איין לייד. די אָרימע שלאָגען זיך איבער א שאָל פון א נוס און די רייכע שלאָגען זיך איבער פעלדער און לענדער. אין אמת'ען זיינען אַלע גלייך.

עזריה איז אָנגעקומען אין מאלאבאר וואס געפינט זיך אין דרום אינדיען. עס איז געווען אָנפאַנג אווענד. א קיהל ווינטעל האָט געבלאָזען און דערקוויקט דאָס האַרץ נאָך דעם

שרעקליכען הייסען טאָג, וואָס האָט מיט זיין היץ געברענט ווי א קאַלך אויוועז. ער איז אריין אין א דאָרף וואס איז געווען פול מיט פייגען בוימער, גרויסע ווי די צעדערן, פעל־דער בעדעקט מיט תבואה און פראַכטפולע גערטנער. אויף רעכטס און אויף לינקס האָט ער געזעהן גאָט'ס ברכה. זיינע אויגען האבען זיך נישט געקענט זאַט אנקוקען אין דער גרוי־סער שעהנקייט וואס איז געווען ארום און ארום. פול מיט פרייד האָט ער געזונגען צו גאָט דאָס געזאַנג וואָס זיין עלטער זיידע, דוד המלך, האָט געזונגען: "ווי גרויס זיינען דיינע שאַפונגען, אָ גאָט, אלץ האָסטו גאָט מיט חכמה בעשאַפען". וואויל איז דעם פאָלק וואָס האָט אזא גוטס, און גוט איז צו די וואָס וואוינען דאָ!

עזריה איז געגאַנגען טיעפער אין דאָרף און א וואונדער־שעהן בילד האָבען זיינע אויגען געזעהן. די גאַסען זיינען ברייט און בעקוועם און זעהר ריין. שעהנע הייזער מיט געשמאַק געבויט און מיט טייערע מאַלערייען אויסגעמאָלען. און פאר יעדען הויז געפינט זיך א גרינע טעראַסע, און אויף יעדער טיהר איז דאָ אָן אויפשריפט:

ברוך הבא!

אז ער האָט דערזעהן די ווערטער ברוך הבא וואָס זיי־נען אויף יעדער טיר אויף העברעאיש געווען אויפגעשריבען איז איהם זיין הארץ פון פרייד שיער אויסגעגאַנגען.

— בין איך דאָך צווישען מיינע ברידער! — האָט ער מיט שמחה זיך געוו־אָכט.

אויף די גלייכע דעכער מיט א גאַנצע אַרימגעריגעלט האָט ער געטראָפען יעדע פאַמיליע זיצען. דער פאָטער פון דער פאַמיליע זיצט אינמיטען און דערצעהלט אַלטע געשיכ־טעס און די קינדער רינגלען איהם אַרום און שלינגען זיינע רייד.

מיעד איז עזריה געווען פון דעם גאַנצען טאָג וואַנדערן, האָט ער זיך גלייך ביים ערשטען הויז אַראָפּגעלאָזט אויף דער גרינער טעראַסע און זיך אַוועקגעזעצט אָברוהען. אויף'ן דאָך איז דער בעל הבית פון הויז געזעסען. ער איז געווען א מאַן אין די בעסטע יאָהרען מיט גוטע און קלוגע אויגען, אַן איידעל צאַרט געזיכט און א לאַנגע שווארצע באָרד וואָס

האָט איהם אַזוי פיעל קראַפט און שעהנקייט צוגעגעבען. אַ קליין איינגעלע מיט בלויע אויגען און בלאָנדע לאָקען איז געזעסען ביי דעם מאַן אויף'ן שויס און זיך געשפּיעלט מיט זיין שווארצע באָרד. רעכטס פון בעל הבית איז געזעסען זיין שעהנע פרוי און געהאַלטען אויף זיך אַ פּראַכטפול מיידעלע און קעגען זיי איז רוהיג געזעסען זייער עלטסטע טאָכטער. אַ וואונדערבאַר שעהן מיידעל וואָס איז געבענטשט געוואָרען פון גאָט מיט די שעהנסטע מתנות פון הימעל'ס אוצר. אַ שעהנער געטאָקטער קאָפּ מיט לאַנגע שווארצע לאָקען מיט איינגען ווי ביי אַ יונגע טויב און באַקען ווי בליהענדע רויזען. אַ שעהן געפאָרמטער שטערן און וואונדערליך געשניצטע נאָז, אַ קליין מויל מיט רויטע ליפּעלעך מיט אַזאַ זיסען ליעבען שמייכעל אויף זיי. איהר האַלז און נאַקען ווי העלפאַנט־ביין און יעדעס גליד אויסגעפּילט ווי אַ יונגער איילבירט בוים. און פון איהר האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ גוטע נשמה, אַזאַ איידעלקייט און אַזויפיעל צניעות אַז עס האָט עזריה'ן איבעררא(ש)ט און בעצויבערט. ווי אַ הימלישע טאָכטער האָט זי אויסגעזעהן אונטער דעם ליכט פון דער שעהנער לבנה.

זי האָט די ערשטע דערזעהן עזריה'ן און זי האָט אַ וואונק געגעבען צו איהר פאָטער. האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו עזריה'ן און אין אַ שעהנעם העברעאיש געזאָגט:

—שלום עליכם, גוטער גאַסט, זייט געבענטשט מיט אייער קומען צו אונז.

—איך דאַנק אייך—האָט עזריה געענטפערט—איך קום פון הייליגען לאַנד. מיין האַרץ האָט געגלוסט צו רייזען איבער דער וועלט. דריי יאָהר בין איך שוין אונטערוועגס און איך בין אַזוי גליקליך וואָס איך האָב דאָ געטראָפען מיינע ברידער. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז דאָ ביי אייך אַן אָרט פאַר מיר צו נעכטיגען?

און ווי יענער האָט דאָס געהערט איז ער פאַר פרייד אויפגעשפּרונגען און אויסגעשריגען:

—איהר קומט פון הייליגען לאַנד? אוי, ווי גרויס איז מיין פרייד! באַלד פיער הונדערט יאָהר ווי מיר האָבען גאָר נישט געהערט פון אונזערע ברידער אין הייליגען לאַנד. יעצט וועלען מיר דאַנק פון אייך אַזוי פיעל הערען וועגען זיי.

ער איז גלייך ארונטער פון דאך, גענומען עזריה׳ן פאר׳ן האנד און איהם ארויפגעפיהרט אויף׳ן דאך. יעדער איינער פון דער פאמיליע האט איהם זיין פלאץ געוואלט אוועקגעבען פאר גרויס פרייד און ליעבע, און אלע האבען איהם זעהר נייגעריג בעטראכט.

—רבקה, מיין טאכטער—האט דער בעל הבית געזאגט צו זיין עלטסטע טאכטער—געה גרייט צו עסען פאר אונזער טייערען גאסט און ער וועט דא זיצען דערווייל מיט אונז און זיך אברוהען.

רבקה איז גלייך אוועק. פערבייגעהענדיג עזריה׳ן האט זי זיך פערדרויטעלט און באלד האט עזריה׳ס פנים אויך אנגעהויבען רויטלען זיך. ניט וויסענדיג פארוואס האבעןביידע שעמעוודיג אראפגעלאזט די אויגען.

—איך נעם אייך נישט אין הויז אריין יעצט—האט דער בעל הבית געזאגט עזריה׳ן—ווייל דא איז קיהל און לופטיג, און איהר וועט דא האבען גרויס פערגעניגען נאך דעם הייסען טאג. יעצט דערצעהלט מיר ווי עס לעבט זיך אונזערע ווייטע ברידער און צי זייט איהר זיכער מיט אייער לעבען אין הייליגען לאנד?

—זייט מיר האבען זיך אומגעקערט אהיים לאזט מען אונז צורוה—האט עזריה געענטפערט.

—וואס מיינט איהר אומגעקערט אהיים — איז דער בעל הבית אויפגעשפרונגען פערוואונדערט—האט מען דען אייך נעהאט פערטריבען?

—מיך וואונדערט שטארק צו זעהן א איד וואס זייס ניט וואס מיט זיין פאלק האט געטראפען—האט עזריה געזאגט—האט איהר גאר נישט געהערט אז מיר זיינען געוועזן אין גלות אין בבל?

—מיר זענען נישט קיין יהודים, מיר שטאמען נישט פון יהודה, מיר זענען די בני ישראל — האט דער בעל הבית געענטפערט— מיר קומען ארויס פון די עשרת השבטים וואס שלמנאסר, דער קעניג פון אשור האט פערטריבען. זייט מיר זענען עפרטריבען געווארען פון אונזער לאנד האבען מיר גאר נישט געהערט פון שבט יהודה און מיר ווייסען נישט וואס מיט איהם איז געשעהן.

—דערצעהלט מיר, ווי קומט איהר אהער אין דעם לאַנד מאַלאבאר?—האָט עזריה געפרעגט.

—איהר האָט דאָך מסתמא געהערט אז שלמנאסר האָט בעזעצט אונזערע עלטערען אין חלח און אין חבור, ביים טייך גוזן אין די שטעדט פון מדי—האָט דער בעל הבית דער־צעהלט—דאָרט האָבען זיי זעהר שטאַרק געליטען פון די פעלקער, די בערג איינוואוינער, אזעלכע צרות זיינען אונזערע עלטערען פון די גוים אויסגעשטאַנען אז דאָס לעבען איז זיי פער'מיאוס'ט געוואָרען. נאָר אז סנחריב האָט געליטען זיין גרויסע מפלה ווען ער האָט בעלאַגערט ירושלים, און שפּעטער ווען זיינע זיהן האָבען איהם ערמאָרדעט, האָבען אונזערע עלטערען פערלאָזען זייערע ערטער. צוריקקערען זיך אין היילינען לאַנד האבען זיי נישט געוואלט ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר די פרעמדע פעלקער וואָס דער קעניג פון אשור האט דארט בעזעצט זיי זיינען נישט געווען שטאַרק געווען מיט זיי מלחמה צו האלטען, האָבען זיי זיך פערשפּרייט אין די נאָהנטע און ווייטע לענדער, ביז זיי זיינען אנגעקומען אין מאַלאבאר. דאָ וואוינען מיר שוין דריי הונדערט יאָהר, ווייט פון דעם טומעל און רייסעריי פון די פעלקער. מיר האָבען דאָ שלום און לעבען רוהיג.

—יא, זעהר אַ גוט לאַנד דאָ—האָט עזריה געזאָגט—די ערד איז דאָ אַ גן עדן פון גאָט.

—אזוי זעהט איהר דאָס לאַנד יעצט—האָט דער בעל הבית געזאָגט מיט אַ שמייכעל—אמאָל איז עס אבער נישט אזוי געווען. ווען אונזערע עלטערען זיינען דאָ אָנגעקומען איז דאָס לאַנד געווען בלויז וועלדער מיט ווילדע געוויקסען און חיות, שלאַנגען און עקדיסען זיינען דאָ געווען אָהן אַ שיעור. און ווי שלעכט דאָס לאַנד איז געווען, זיינען די איינ־וואוינער נאָך ערגער געווען. ווילדע מענשען, ווילדער ווי די חיות אין וואלד. און גענוג האָבען אונזערע עלטערען געלי־טען ביז זיי האָבען דאָס לאַנד געמאַכט פאר אַ גן עדן. די וועלדער האָבען זיי אויסגעהאקט און אויסגעשניטען. זיי האָבען געמאַכט וועגען אויף פאהרען און געהן. די ווילדע חיות האָבען זיי אויסגע'הרג'עט און פעריאָגט. נאָר וועגען די ווילדע מענשען האט מען זיך נישט געקענט אויסגלייכען.

דער כהן וואָס איז מיט אונזערע עלטערען מיטגעקומען, איז געווען א כהן פון גאָט, האט אין גרויס קנאה בעפוילען צו טאָן מיט זיי דאסזעלבע וואס יהושע האט געטאן מיט די כנענים: זיי אינגאנצען צו פארטיליגען, זיי זאָלען שפּעטער אונז נישט קענען טאָן קיין בייז. אן אנדרערער האט ווידער גע־הייסען טאָן מיט זיי ווי יהושע מיט די גבעונים—זיי צו מאַכען פאר אונזערע קנעכט. דאָ איז אַרויסגעטרעטען אַן אַלטער געעהרטער מאן און אויסגערופען:

איהר זאָלט זיי נישט פארטיליגען און אויך נישט מאכען פאר קנעכט. זיי זיינען בעשאַפען געוואָרען מיט דעם צלם אלהים אַזוי ווי מיר. מיר אַלע זיינען גאָט'ס קינדער. און אויב זיי זיינען ווילד געוואָרען, לאָמיר זיי אומקערען דאס מענש־ליכע געשטאַלט. מיר וועלען זיי לערנען גאָט'ס וועג. מיר וועלען זיי געבען צו פערשטעהן אַז עס איז בעסער צו דינען גאָט אין הימעל איידער די חיות אין וואלד; מיר וועלען זיי אויפקלערען אז עס איז בעסער צו וואוינען אין א שטוב ווי צו זיצען אויף די צווייגען פון א בוים און אַז עס איז בעסער צו עסען געבאַקען ברויט איידער רויהע ביטערע גראָזען. און דאָס אַלץ וועט מען קענען טאָן ווען מיר וועלען זיי בעהאַנד־לען מיט ליעבע און רחמנות. וועלען מיר מיט זיי מלחמה האַל־טען, וועלען זיי בלייבען אונזערע אייביגע שונאים, און פון זייערע בעהעלטעניסען וועלען זיי לויערען אויף אונז און אונז טאָן בייז. וועט מען אָבער פיהרען זיך מיט זיי אויף'ן וועג פון שלום, וועלען זיי נאָך אונז העלפען אין אונזער אַרבייט.

די רייד פון דעם געעהרטען אַלטען זיינען אַלעמען גע־פעלען געוואָרען. אבער דער כהן האָט זיך אָנגערופען ווייי־טער:

—אויב איהר ווילט מיט זיי מאַכען שלום, מוזען זיי זיך מגיר זיין און ווערען ווי מיר.

—ניין—האָט דער געעהרטער אַלטער אָבגעענטפערט—פריהער לאָמיר זיי מאַכען פאַר מענשען, וועלען מיר שפּעטער זעהן צי מען זאָל זיי אויך מאַכען פאר עברים. אַז מיר וועלען זיין גוט און עהרליך צו זיי, וועלען זיי אַליין זיך מגיר זיין.

אַז דער כהן האָט דאָס דערהערט איז ער שטאַרק בייז געוואָרען און געזידעלט דעם אַלטען, אַז ער פערשוועכט די

שבועה פון הייליגען בונד וואָס גאָט האָט געשלאָסען מיט
אברהם אבינו. און צו דעם פאָלק האָט ער געזאָגט אז ער
וועט זיי פערלאָזען אויב זיי וועלען פאָלגען דעם אלטען. און
רעמאָלט וועלען זיי קיין כהן נישט האָבען מקריב צו זיין די
קרבנות און רויכען ווייריך פאַר גאָט.

דאָס פאָלק האָט אָבער בעסער געפאָלגט דעם אלטען
מאַן און קיינער האָט נישט געטרויערט ווען דער כהן איז
אוועק פון זיי אויף אייביג.

אונזערע עלטערען האָבען געבראַכט מתנות צו די אלטע
איינוואוינער פון לאַנד, גערעדט מיט זיי גוטע ברידערליכע
רייד און די ווילדע האָבען זיך דערנעהנטערט צו אונז און
אָנגעהויבען געהען אויף אונזער וועג. זיי האָבען פערביטען
זייער ווילדע שפראַך אויף אונזער שעהנעם לשון און נאָך
געהאָלפען אונז אין דער ארבייט.

און גאָט האָט געבענטשט אונזערע עלטערן און אין
צעהן יאָהר צייט איז דאָס ווילדע לאַנד געוואָרען אַ גן עדן.
און קוים פופציג זיינען ארבער, האָט מען די ווילדע נישט
געזעהן. זיי האָבען זיך אויסגעמישט מיט אונזערע עלטערען
און געוואָרען איין פאָלק.

עזריה האָט דאָס געהערט און זיין האַרץ האָט געציטערט
פאַר גרויס פרייד. ער האָט עפּעס געוואָלט פרעגען איז אָבער
רבקה אָנגעקומען און געזאָגט:

—דאָס עסען איז גרייט.

—יעצט לאָמיר ארונטערגעהן אין הויז—האָט דער בעל
הבית געזאָגט—אַז איהר וועט האָבען געגעסען וועט איהר
מיר דערצעהלען פון הייליגען לאַנד. מיין האַרץ געהט אויס צו
הערען וואָס עס האָט געטראָפען מיט אונזערע ברידער די
בני יהודה.

זיי זיינען אלע ארונטער פון דאַך און אריינגעקומען אין
ועהר אַ ריינע ציכטיגע שטוב. קיין טייערע זאַכען זיינען
דאָרט נישט געווען, אָבער אַלץ איז געווען זעהר געשמאַקפול
און פול מיט חן. עזריה האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם
עסען. די גאַנצע פאַמיליע איז געזעסען און געקוקט, און
זייערע געזיכטער האָבען געלויכטען פאַר פרייד. נאָכ'ן עסען
האָט דער בעל הבית געזאָגט:

— מיר וועלען נישט געהן פריהער שלאָפען ביז איהר וועט אַלץ דערצעהלען וועגען מיינע ברידער, די קינדער פון שבט יהודה.

עזריה האָט זיי דערצעהלט אַלצדינג. די בעלאַגערונג אויף ירושלים, דעם גלות אין בבל, דאָס אומקערען זיך צוריק און אויך וועגען דעם ברודער מאָרד אין בית־המקדש וואָס יוחנן כהן גדול איז בעגאַנגען.

—האָט איהר נאָך כהנים וואָס טוען די עבודה אין בית המקדש?—האָט דער בעל הבית געפרעגט.

—יא—האָט עזריה געענטפערט מיט א זיפץ.

— האָבען מיר שוין געטאָן קליגער — האָט דער בעל־הבית געזאָגט — אז דער כהן איז אוועק פון אונז, האָבען מיר איהם נישט געבעטען בלייבען, ער איז אונז געווען איבריג. ארבייט האָבען מיר געהאַט איבער'ן קאָפּ, די וועלדער אויס־צוהאַקען, וועגען צו שניידען, די ערד צו בעארבייטען זי זאָל געבען געזונטע פרוכט. און אז מיר זענען פארטיג געוואָרען מיט דער שווערער ארבייט האָבען מיר זיך געמאַכט געזעצען לויט דער תורה פון משה, וואָס איז דער קוואַל פון אונזער לע־בען. דערנאָך האָבען מיר געטראַכט וועגען אונזער אמונה. א סך האָבען געוואָלט שיקען שלוחים נאָך ירושלים און ברענגען כהנים. נאָר דער אַלטער מאַן וואָס האָט בעזיעגט דעם כהן, האָט געזאָגט: "וואָס דאַרף ישראל כהנים? גאָט האָט געזאָגט, אז מיר וועלען זיין אַלע א קעניגרייך פון כהנים און א הייליג פאָלק. מיר דאַרפען נישט קיינעם וואָס זאָל בעטען גאָט פאַר אונז, אונזערע גוטע מעשים און עהר־ליך הארץ וועלען אונזביישטעהן, אז גאָט זאָל אונז שיקען זיין ברכה. הערט מיין עצה: גאָט האָט אונז אויסגעלייזט פון אונזערע פיינד וואָס האָבען אונז געפאַנגען און פער־שקלאַפט, לאָמיר ווייטער בלייבען פריי און נישט קויפען זיך הערען אין די כהנים.

— ווער וועט אָבער מקריב זיין קרבנות צו גאָט און רויכערן קטרת צו איהם? — האָט איינער פון די פּראָסטע לייט געפרעגט.

— שמואל הנביא האָט געזאָגט, אז גאָט וויל בעסער מען זאָל היטען זיין געבאָט ווי צו ברענגען קרבנות — האָט

דער אַלטער דערקלערט — און ישעיה הנביא האָט אויך געזאָגט, אז גאָט וויל נישט קיין קרבנות און נישט קיין בלוט פון קיה און שעפּסען און בעק און אויך דער נביא מיכה האָט אין זיין נביאות געזאָגט : גאָט וויל קיין קרבנות נישט.

— טאָ ווי וועלען מיר דינען אונזער גאָט? — האָט נאָך איינער געפרעגט.

— דאָס האָט אונז דער נביא געלערנט — האָט דער קלוגער אַלטער געענטפערט — גאָט וויל נאָר מען זאָל טאָן חסד איינער מיט דעם אַנדערן און געהן שטיל אין גאָט'ס וועג. מיט דעם גאַנצען האַרצען וועלען מיר בעטען צו גאָט און מתפּלל זיין. מיר וועלען אויך לייענען גאָטס תורה און זי לערנען.

אַלע האָבען געפאָלגט דעם געעהרטען קלוגען אַלטען. און ביז דעם היינטיגען טאָג טוען מיר חסד איינער מיט דעם אַנדערן און געהן שטיל אין גאָט'ס וועג, און גאָט איז מיט אונז און מיט אונזערע קינדער ווי ער איז געוועזן מיט אונזערע עלטערן.

— איהר האָט געזאָגט, אז איהר לערנט די תורה — האָט עזריה געפרעגט — ווער לערנט מיט אייך, אז איהר האָט נישט די כהנים וואָס זאָלען לערנען ?

— מיר אַלע קענען די תורה — האָט דער בעל־הבית געענטפערט, — יעדער פאָטער לערנט מיט זיינע קינדער. יעדער זכר ביי אונז, אז ער ווערט צוועלף יאָהר אַלט קען די תורה פון אויסווייניג. און יעדער איינער פון אונז קען לערנען די תורה פאר דעם עולם. אַלע שבת און יום־טוב לערנט אן אנדערער לויט א גורל אין דער געמיינדע און האַלט א דרשה.

— וועגען וואָס דרשנ'ט איהר ? — איז עזריה געוועזן נייגעריג.

— מיר דרשנ'ען מוסר און גוטע מדות. מיר געפינען דאָס אַלץ אין די הייליגע ספרים.

— און וואָס פאר א תפלות האָט איהר ? — האָט עזריה ווייטער געפרעגט.

— מיר האָבען נישט קיין אָנגעשריבענע און צוגעגרייטע

תפלות. יעדער איינער טוט תפלה צו גאָט ווי זיין הארץ פיהלט. אזוי איז ביי אונז דער מנהג: צוערשט לייענט מען די סדרה. איינער האַלט א דרשה איבער דער סדרה און לערנט אונז מורא האָבען פאר גאָט און איהם ליעב האָבען און היטען זיינע מצוות. און אז אונזערע הערצער זענען דערוואַרימט און אונזערע געמיטער דערהויבען, טוט יעדער תפלה פון טיפען הארצען שטילערהייט, נאָר אונזערע ליפען בעוועגען זיך, קיין קול הערט מען נישט. דאָס טוט מען מיט מנין. אָבער אין הויז גרייט יעדער צו תפלות פאר דעם הויז־געזינד, וואָס ווערען געזאָגט אין פערשידענע צייטען פון לעבען.

— וואו דינט איהר גאָט ? — האָט עזריה געוואָלט וויסען.

— אז עס איז א שעהנער טאָג — האָט דער בעל־הבית דערצעהלט, — דינען מיר גאָט אין די פעלדער ארום וואַלד. האָבען מיר דען נאָך א שענערן און הייליגערן אָרט ווי גאָט'ס ברייטע געבענטשטע פעלדער ? דער בלויער הימעל, דאָס גרינע גראָז און די פערשידענפארביגע בלומען דערמאָנען אונז אן גאָט וואָס האָט דאָס אַלץ בעשאפען. קען מען דען שענערע געזאַנגען זינגען ווי די געזאַנגען פון די פויגעל אונטערן פרייען הימעל ? נאָר אז עס איז א רעגענדיגער טאָג פערזאַמלען מיר זיך אין א הויז וואָס מיר האָבען געבויט אַלס א הייליג הויז פאר גאָט.

— מיט וואָס פארנעמט איהר זיך ? — האָט עזריה נעפרעגט.

— מיר בעארבייטען די ערד און האָדעווען שאָף. מיר פערקויפען דאָס וואָס בלייבט איבער נאָך אונזער עסען פון די תבואות און די סטאַדעס. פאר דעם געלד קויפען מיר אַלץ וואָס איז נויטיג און דאָס וואָס בלייבט זאַמלען מיר אויף שפעטער.

— וואָס איז דער סדר פון אייער לאַנד רעגירונג ?

— אזוי ווי אונזער פאָלק האָט זיך געפיהרט אין די טעג פון די שופטים, יעדע געמיינדע קלייבט אויס דעם עלטסטען און קלוגסטען מאַן אַלס עלטסטער און ריכטער און ער קריגט קיין געהאַלט נישט זיין גאַנץ לעבען. יעדע געמיינדע קלייבט

אוים א פערטרעטער פאר דער אנפיהרונג פון דער מדינה און אַזוי ווי די מעהרהייט בעשטימט, אזוי בלייבט עס.

— וואָס טוט איהר — האָט עזריה געפרעגט — ווען איהר רוהט פון אייער ארבייט און געשעפטען ?

— פאַר נאַכט ווען מיר ווערען פארטיג מיט דער ארבייט רופט צוזאַמען יעדער פאָטער זיינע קינדער און לערנט מיט זיי גאָט'ס תורה, זיי זאָלען וויסען גאָט'ס וועג און זיינע מצוות. אין אווענד געהן מיר אלע ארוים אין פעלד. מיר לערנען אונזערע יונגען ווי צו פעכטען און צו שלאָגען זיך, זיי לערנען זיך לויפען, שיסען מיט פייל־און־בויגען, צו וואַרפען שפיזען און פיקעס. אין קריעג־פיהרונג ווייזען מיר וואונדער. יעדער איינער פון אונז קען גוט ציעלען און טרעפט שטענדיג אין ציעל. און ווען וואָלט געווען דעם פאָלק וואָס וואָלט געוואָלט מיט אונז מלחמה האלטען ! עס וואָלט זיך שוין נישט אומגעקערט אויף דעם וועג וואָס עס איז געקומען.

איצט איז אונז, א דאנק גאָט, גוט. מיר לעבען גאַנץ פריידליך מיט אונזערע שכנים און מיר זענען גאַנץ רוהיג. אַז מיר ווערען מיעד קערען מיר זיך אום אַהיים, מיר עסען נאַכט־עסען און געהן ארויף אויף די דעכער, דערציעהלען שעהנע געשיכטעס די קינדער. מיר זינגען אלטע און נייע ליעדער. מיר האָבען א סך שעהנע לידער. אונזער געבענטשט לאַנד דערפרעהט אונזער האַרץ און דערהויבט אונזערע געמיטער און מיר זינגען זעהר שעהנע ליעדער. און עס איז ביי אונז א געזעץ, אַז יעדען סוכות פערזאַמלען זיך אלע קינדער אין פעלד, ווייזען גבורות און זינגען זייערע נייע ליעדער איז די וואָס צייכענען זיך אוים טוט מען אָן לאָרבער־קרענץ אויף די קעפּ. פאר־א־יאָהרען סוכות האָט מיין טאָכטער רבקה זיך אויסגעצייכענט מיט איהרע ליעדער. און מיין גאַנצע משפחה האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט איהר נצחון.

— דער לאָרבערקראַנץ איז נאָך חשוב ביי אונז ביי אַן אנדער געלעגענהייט — האָט דער בעל־הבית ווייטער גערעדט — אַז עטליכע בחורים ווילען איין מיידעל פאר א ווייב, טרעפען זיך די בחורים אין איין טאָג און יעדער זינגט א נייַ ליעד וואָס ער שאַפט און דער וואס זינגט דאָס שענס־

טע ליעד, געהט דאָס מיידעל צו צו איהם און, אין געגענוואַרט פון דער גאַנצער געמיינדע, טוט זי איהם אָן א לאָרבער־קראַנץ אויפ'ן קאָפּ און ער איז זי מקדש און זי ווערט זיין פרוי.

— גליקליך און וואונדערבאר איז אייער לאַנד — האָט מיט פרייד עזריה געזאָגט — גליקליך זענט איהר די איינ־וואוינער ! הלואי וואָלט איך מיט אייך דאָ געקענט זיין, וואָלט איך אויך געווען גליקליך אין מיין לעבען.

— אויב איהר ווילט, מיין פריינד — האָט דער בעל־הבית איהם געענטפערט — מיין הויז איז אָפען פאר אייך, וויפיעל הענד וואָס ארבייטען דאָ אזוי־פיעל ברכה איז דאָ. עס איז שוין שפעט, איהר זענט מיעד פון וועג, קומט שלאָ־פען.

ער האָט גענומען עזריה'ן אונטער'ן האנד און איהם אריינגעפיהרט אין אויבערצימער. ווי עזריה האָט זיך געלייגט איז ער גלייך איינגעשלאָפען. יאָהרען־לאַנג האָט ער שוין נישט געהאט אזא זיסען שלאָף.

---

דוד המלך, עזריה'ס עלטער־זיידע איז געקומען אין דעם אויבערשטיבעל. זיין פידעל האָט ער געהאַלטען אין איין האַנד און מיט דער צווייטער האָט ער א לאָרבער־קראַנץ אויף עזריה'ס קאָפּ אָנגעטאָן און געזאָגט אזוי :

— דער קראַנץ, מיין קינד, וועט דיר ברענגען גליק און פרייד, דורך איהם וועלען צוויי צווייגען זיך פעראייניגען, א צווייג פון וואָרצעל פון יהודה און א צווייג פון וואָרצעל פון ישראל, זיי וועלען טראָגען פרוכט און ברענגען א ברכה אויף דער וועלט און זיין געבענטשט.

ווען די זון־שטראהלען פון דעם פריהען מאָרגען האָבען עזריה'ן אויפגעוועקט האָט ער געזעהן אז דאָס איז נאָר גע־ווען א חלום.

ער האָט שוין מעהר נישט געקענט שלאָפען. א וואונדער־ליך געזאַנג פון מוזיקאַלישען פויגעל האָט זיך פון דער הויך אין זיין צימער אריינגעצויגען. אין גאַנצען הויז איז געוואָ־רען דער מאָרגען־טומעל, אלע זענען שוין אויף פון שלאָף. ער איז אראָפּ פון בעט און דאָס פענסטער געעפענט. א ברייט

פעלד ציהט זיך ווייט, ווייט, אַ פּריש ווינטעל בלאָזט אין די פּולע זאַנגען און זיי גלאַנצען גאָלדיג אונטער דעם ליכט פון דער זון. די זון האָט אַלץ מיט איהר ליכט און שיין אַרומ־גענומען און איינגעהילט. אַ הייליגע מורא האָט עזריה׳ס הארץ אָנגעפילט און זיינע אויגען זענען פול געוואָרען מיט טרערען. מיט אַ ציטערנדיג הארץ האָט ער זיך אויף די קניה געשטעלט און תפלה געטאָן פאַר גאָט פון דער טיפע־ניש פון זיין נשמה. אז ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס האָט ער געהערט ווי די טיר עפענט זיך און ער האָט דער־זעהן דאָס גאַנצע הויזגעזינד געהט אַרוים מיט שנייד־מעסערס אין די הענד.

— גוט מאָרגען אייך, טייערע פריינד! — האָט ער זיי בעגריסט דורכ׳ן פענסטער.

— גוט מאָרגען, מיין גאַסט, זאָל גאָט אייך בענטשען — האָט דער בעל־הבית געענטפערט — וואָס זענט איהר אָבער אַזוי פריה אויפגעשטאַנען? איז אייך נישט אנגענעם ביי מיר אין הויז?

עזריה האָט איהם געוויזען אויף דער פּרעכטיגער זון און געזאָגט:

— ווער קען יעצט שלאָפען און נישט בעוואונדערען אייער זון! איהר שטעהט אויף אַזוי פריה צו דער ארבייט?

— היינט איז דער ערשטער טאָג פון שניט. און וואָס קען נאָך זיין בעסער פאַר אַ מענשען, ווען ער שניידט די פּרוכט, וואָס ער האָט פערזייהט? מיינע דינסטען האָב איך געהייסען אָנגרייטען פאַר אייך עסען און אז איהר וועט שפּעטער וועלען, קומט אַרויס אין פעלד זעהן ווי מיר שניי־דען. מיינע דינסטען וועלען אייך ווייזען דעם וועג.

דער בעל־הבית האָט געענדיגט רעדען און איז אוועק מיט דעם גאַנצען הויזגעזינד אין פעלד אריין.

אַ צייט לאַנג איז עזריה געשטאַנען און זיי נאָכגעקוקט. זיינע אויגען האָט ער נישט געקענט אַראָפּנעמען פון רבקה׳ן. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ פּויעריש מיידעל מיט אַ שנייד־מעסער אין האַנד. אַ שטאָלצע איז זי געגאַנגען און איהרע לאַנגע האָר זענען געפלויגען אונטער דעם מאָרגען־ווינטעל. אז זי איז פערשוואונדען פון זיין בליק האָט ער

זיך אָנגעטאָן, ארומטער געגאַנגען אין עס־צימער און געגע־סען. באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבען געהן אין פעלד אריין און א דינסט האָט איהם געוויזען דעם וועג.

אַז עזריה איז אָנגעקומען אויפ׳ן פעלד זענען אַלע געווען אין ברען פון דער ארבייט. איינער האָט געוואָלט דעם צווייטען איבעריאָגען אין געשיקטקייט און גיכקייט. עזריה האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט ער די זעלבע ארבייט געטאָן אויף זיין פעלד אין היילינען לאַנד. ער האָט זיך פערבענקט נאָך׳ן שנייד־מעסער, באַלד האָט ער געבעטען א מעסער און גאַנץ געשיקט איז זיין מעסער גע־לאָפען איבער די זאַנגען.

— ווי איך זעה — האָט דער בעל־הבית זיך אָנגערופען צו איהם — איז נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס איהר האַלט א שנייד־מעסער אין האַנד ?

— פון קינדוווייז אויף בין איך געוועהנט צו פעלד־אר־בייט — האָט עזריה איהם געענטפערט.

— הלואי, האָב איך א צעהן אזעלכע פלינקע ארבייטער ווי איהר — האָט דער בעל־הבית געשמייכעלט.

עזריה האָט געאַרבייט מיט נאָך גרעסערען חשק, האָ־פענדיג דערמיט רבקה׳ן צו געפעלען...

פלוצלינג זענען אַלע אויפגעציטערט געוואָרען פאר שרעק. רבקה האָט געגעבען אַ שרעקליך געשריי. זי האָט אַ פאַלשען דרעה געטאָהן מיט דעם מעסער און זיך טיעף איינגעשניטען אין האַנד. בליץ־שנעל איז עזריה צו איהר צוגעלאָפען, אָבגעריסען א שטיק פון זיין אויבערהעמד און אין קאַלט וואַסער איינגעטונקט און פארבונדען רבקה׳ס וואונד. אין אָנפאַנג האָבען זיינע הענד געציטערט אָנריה־רענדיג רבקה׳ס צאַרטע, איידעלע מיידעלישע האַנד, ער האָט זיך אָבער בעהערשט און שנעל דאָס בלוט אָבגעשטעלט און פעסט ארומגעבונדען די האַנד. א שטילען בליק פון דאַנק־באַרקייט האָבען רבקה׳ס טויבען־אויגען איהם געשאָנקען און ער איז געווען אזוי גליקליך.

נאָך גליקליכער איז עזריה געווען ווען איהר פאָטער האָט א צופרידענער צו איהם געזאָגט :

— איהר זענט נישט בלויז א גוטער שניטער, נאָר אויך

אַ וואונדערליכער דאָקטאָר.

— איך וויל בעסער זיין איין גוטער דאָקטאָר פאַר רבקה'ן איידער צעהן גוטע שניטער אויף אייער פעלד...

— איהר מיינט עס ערנסט ? — האָט דער פאָטער זיך געוואונדערט — איהר ווילט אפשר טאָן דאָס זעלבע וואָס יעקב אבינו... אָבער איך בין נישט לבן הארמי...

עזריה האָט געשוויגען. פאַר גרויס גליק האָט ער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדען. און ער האָט ווייטער שטי־לערהייט געלאָזט לויפען זיין מעסער. צעהן אַ זייגער האָט מען געבראַכט ברויט מיט עסיג, אַלע האָבען זיך געזעצט עסען און גערוהט אַ האַלבע שעה.

מיטאָג־צייט האָט דער בעל־הבית געבעטען עזריה'ן ער זאָל בלייבען ביי איהם אין הויז. מעהר האָט ער דאָך נישט געוואָלט און מיט גרויס שמחה איז ער געבליבען אין דער משפחה.

אַ פּאָר וואָכען איז שוין עזריה געווען אין דעם הויז. ער האָט געאַרבייט און איז צופריעדען געווען מיט דעם נייעם לעבען.

איין אָוועננד איז עזריה אַליין אַוועק פון הויז בעקוקען די געגענד אַרום דאָרף. ער איז אַריין אין וואַלד. די לבנה האָט זיך אַרויסגעהויבען פון אונטערן באַרג און שוואַך אַריינגע־לויכטען אין געדיכטען וואַלד אַריין. שטיל איז געווען אַרום. די וועלט האָט שטיל געשוויגען. די גאַנצע געגענד איז גע־ווען פערזונקען אין אַ זיסען שלאָף. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים און אָנגעהויבען חלום'ען אויף דער וואָך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם חלום פון זיין ערשטער נאַכט אין דעם דאָרף. ווי דוד המלך איז געקומען צו איהם. מיט רבקה'ן האָט ער נאָך דערווייל קיין וואָרט פון זיין ליעבע נישט אויסגערעדט. זייערע אויגען האָבען זיך שוין אָבער דורכגערעדט באַלד דעם ערשטען טאָג. און ווען זיי בעגע־גנען זיך, דערצעהלען זייערע אויגען, אַז זיי האָבען זיך ליעב... ער איז געלעגען און זיך געטראַכט פון רבקה'ן און ווי ליעב ער האָט זי און ווי ליעב זי האָט איהם און זיין האַרץ איז איהם שיער אויסגעגאַנגען פאַר פרייד. פּלוצלינג האָט ער דערהערט די טענער פון אַ פידעל ציהען אין וואַלד און אַ

צויבערדיגע שטימע זינגט א זיס ליעד. ווי א מלאך פון הי־מעל וואלט אראפּ אין דער שטילקייט און געזונגען דאס גע־זאנג פון די הימלען.

ער האט זיך אויפגעהויבען און אויף די שפּיץ פינגער נאכגעגאנגען דאס געזאנג. ער איז ארויסגעקומען אויף׳ן פרייען פעלד און דערזעהן ווי רבקה זיצט און שפּיעלט אויף׳ן פידעל און זינגט א ליעד פון ליעבע און בענקשאפט. זיין הארץ האט גענומען שטארק קלאפּען און ער האט זיך גע־וואלט בעהאלטען, נישט שטערען איהר דאס געזאנג. ער האט געהערט ווי זי האט מיט א שווערען זיפץ געזאגט:

— אוי, איהר בייזער גאסט, וואס האב איך אייך געטאן וואס איהר האט אוועקגערויבט מיין רוה ?...

ער האט אנגעהויבען שטארק ציטערן און האט געוואלט צוגעהן צו איהר, איז איהם אבער דער כח אבגענומען גע־ווארען און ער האט קיין טריט נישט געקענט מאכען.

— זייט איהר זענט געקומען צו אונז — האט זי שטיל גערעדט — קען איך מיר קיין רוה נישט געפינען און מיין שלאף איז אוועקגערויבט פון מיר...

עזריה האט געזעהן אז זי האט איהם נישט בעמערקט, האט ער זיך געשטארקט און צוגעגאנגען צו איהר, און אום זי זאל מיינען אז ער איז ערשט יעצט צופעליג צוגעקומען האט ער זי געפרעגט:

— ליעבע מיידעל, וואס זיצט איהר דא אזוי שפּעט ?

אז זי האט אויפגעהויבען די אויגען און איהם דערזעהן האט זי זיך שטארק דערשראקען און גענומען אנטלויפען. ער האט זי אבער צוריקגעהאלטען און געזאגט:

—אנטלויפט דאך נישט. איך טראכט דאך קיין בייז נישט פאר אייך. אין וואלד האב איך שפּאצירט און געהערט זינ־גען, בין איך געגאנגען זעהן ווער עס זינגט.

— איך האב מיין סוד ארויסגעגעבען... — האט זי צו־טומעלט צו זיך געזאגט.

— דאס איז מיין גליק — האט עזריה געענטפערט מיט פרייד, — מיר ווערט יעצט גרינג זיין צו עפענען מיין הארץ פאר אייך. איהר האט דערצעהלט אייער ליעבע דעם פרייען פעלד און מיין ליעבע וועל איך אנטפלעקען פאר אייך, מיין

איידעל מיידעל. איך האָב אייך ליעב, מיין טייערע, די ערש־טע רגע וואָס איך האָב אייך דערזעהן בין איך צוגעבונדען געוואָרען צו אייך. אייער בילד שוועבט שטענדיג פאַר מיינע אויגען. אויב אייך פערדריסט וואָס איהר האָט אייער סוד אַרויסגעגעבען, הרג׳עט מיך גלייך און אייער סוד וועט מיט מיר צוזאַמען מיטגעהן אין קבר...

— איך פארשטעה אייך נישט — האָט רבקה געפרעגט אַ פערוואונדערטע.

ער האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנד און געזאָגט:

— רבקה, איך האָב אַלץ געהערט...

אַ ווײַלע האָט זי געטראַכט און נישט רעדענדיג קיין וואָרט האָט זי איהם זי דערלאַנגט די צווייטע האַנד. ער האָט זיי צום מויל גענומען און היים געקושט.

באַלד האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— אוי, ס׳איז דאָך שוין אַזוי שפּעט. מיר דאַרפען אַ היים געהן. מען וועט מיך נאָך געהן זוכען...

זיי זענען אַוועק מיט דעם וואַלד. ביים ענד פון וואַלד האָט זי געזאָגט:

— מיר וועלען געהן אהיים בעזונדער. יעדער פון אַן אַנ־דער זייט, זאָלען מיר נישט ציהען אויף זיך לייטען׳ס אויגען...

און זיי זיינען זיך צעגאַנגען אויף פערשידענע זייטען.

אַז רבקה איז אַריין אין שטוב האָט דער פאָטער זי גע־פרעגט:

— טאָכטער מיינע, וואו ביזטו געוועזען?

— דו ווייסט דאָך, טאַטע, וואו איך געה — האָט זי געענטפערט — איך בין געוועזען אין וואַלד און געטראַכט מיר מיינע געדאַנקען.

— האָסט עפּעס טיעפע געדאַנקען? — האָט דער פאָ־טער זיך שטאַרק איינגעקוקט אין איהר און אָפען געשמייכעלט.

איהר פּנים איז רויט געוואָרען ווי צונטער און דער פאָטער האָט באַלד פערדרעהט דעם שמועס וועגען אַן אַנדער ענין נאָכ׳ן עסען זענען אַלע אַוועק אויפ׳ן דאָך, עזריה האָט זיך דעם אָווענד געזעצט ווייט פון רבקה׳ן, ער האָט מורא געהאַט

מאָמער טרעפט ער זיך מיט איהרע בליקען, וועלעןביידע שטארק צוטומעלט ווערען...

איין אוועגד האָט דער בעל הבית, מנוח, אוועקגערופען עזריה'ן אן א זייט און איהם געפרעגט, צי עס איז איהם גוט אין זיין הויז.

עזריה האָט דאָ געקראָגען די געווינשטע געלעגענהייט און געזאָגט:

— אין אייך איז געווענדט צי אייער הויז זאָל זיין פאר מיר א גן־עדן אָדער א גיהנם...

— איך פערשטעה אייך נישט, רעדט קלאָרע ווערטער.

עזריה האָט זיך געשטעלט פאר איהם אויף די קניה און געזאָגט:

— וועט איהר אזוי גוט זיין און דערפילען מיין פער־לאנג, וועל איך זיין דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. און אויב נישט, הייסט מיך בעסער גלייך פערלאָזען אייער הויז.

— גאָסט מיינער, וואָס איז אייער פערלאנג?

— איך האָב ליעב אייער טאָכטער רבקה — האָט ער געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען און ארומגענומען זיינע קניה.

— מיין פריינד, איהר איילט זיך. ערשט זענט איהר אהער געקומען. איך קען אייך נאָך נישט גוט. צוויי היגע יונגע לייט, די בעסטע פון אונזער דאָרף האָבען ליעב מיין טאָכטער און זיי האָבען שוין בעשטימט צו געהן אויף פראָ־בע היינטיגען סוכות. נאָר אויב אייער ליעבע וועט געפעלען מיין טאָכטער, וועל איך אויך איינוויליגען. און כאָטש איהר זענט נאָך א פרעמדער וועל איך אייך ערלויבען צו געהן אויף פראָבע מיט די היגע יונגע לייט, אויב איהר זענט זיכער אין זיך און ווילט געהן אויף פראָבע, איז גוט, און אויב נישט איז בעסער איהר זאָלט מיין הויז פערלאָזען...

— אויב איהר ווילט וויסען ווער איך בין — האָט עזריה געענטפערט מיט שטאָלץ — זאָג איך אייך, אז איך קום ארויס פון דוד המלך'ס הויז... איך האָב נאָך אייערע פראָבע נישט געזעהן. מיין גרויסע ליעבע צו רבקה'ן, האָף איך, וועט מיר אָבער בייזשטעהן און איך וועל בעזיעגען אלע געגנער...

— גוט, אָבער מעהר זאָלט איהר קיין וואָרט נישט רעדען וועגען דעם ביז סוכות.

און עזריה האָט געפּאָלגט און געשוויגען.

פאר סוכות האָט מנוח אריינגערופען רבקה׳ן צו זיך און גערעדט מיט איהר וועגען עזריה׳ן. ער האָט געזעהן, אז זי האָט איהם אויך שטארק ליעב, איז ער גלייך אוועק אין דער געמיינדע און זיי געבעטען פערשרייבען עזריה׳ן אלס איי־נעם פון די קאנדידאטען.

עזריה׳ס הארץ האָט געציטערט פאר שרעק. ער האָט גע־וואוסט אז די פּראָבע בעשטעהט פון לויפען און זינגען ליעדער און ער האָט דאָס ביז איצט קיינמאָל נישט געטאָן. נאָר דער חלום פון זיין ערשטער נאכט האָט איהם געשטארקט און צו־געגעבען מוטה. ער האָט אלע טאָג איבערגעזונגען תהלים — די געזאנגען פון זיין עלטער־זיידע, דער קעניג דוד, די שעהנע רייכע נאטור און זיין הייסע ליעבע צו רבקה׳ן, איז ער זיכער געווען וועלען איהם ביישטעהן און ער וועט אין טאָג פון דער פּראָבע ארוים דער זיעגער און ער וועט געווינען רבקה׳ן, די שענסטע פון אלע טעכטער.

א פּאָר טאָג פאר סכות האָט יעדער פאמיליען־פּאָטער אויפגעשטעלט א סוכה אויפ׳ן דאך. די בעסטע פרוכטען און די שענסטע בלומען האָבען זיי פון די גאָט־געבענטשטע פעלדער און גערטנער געבראַכט און אויסגעפּוצט און בע־צירט מיט זיי די סוכות. זילבערנע הענגלייכטער אנגעהאנ־גען אינווייניג און אז די ליכט האָבען געברענט די ערשטע נאכט פון סוכות איז דאס געווען איינס פון די שענסטע ביל־דער וואָס א מענשליך אויג קען נישט זאט ווערען דאָס צו זעהן.

דעם ערשטען טאָג סוכות פארמיטאג זענען אלע איינ־וואוינער אוועק אין פעלד אריין. א ספּעציעלע בימה איז גע־שטאנען אין מיטען בעדעקט מיט גרין גראָז און די טייערסטע רויזען. אויף יעדער פון די דריי זייטען פון דער בימה זענען געשטאנען א לולב, אן אתרוג, הדסים און הושענות. און ביי דער פירטער זייט איז געשטאנען א מיטגליעד פון דער גע־מיינדע און געלייענט די פרשה פון דער תורה. נאָכ׳ן לייענען האָט ער געהאלטען א דרשה וועגען דעם יום־טוב. באלד האָט

די גאַנצע געמיינדע שטילערהייט געטאָן תפלה צו גאָט, זיך געזאָגט גוט־יום־טוב און יעדע פאַמיליע איז אהיים געגאַנגען און זיך געזעצט אין סוכה.

דער צווייטער טאָג יום־טוב איז בעשטימט געוואָרען פאַר די פּראָבע פון די יונגע לייט. אַלע זענען פריה אויפגעשטאַנען און געדאַווענט און אָבגעגעסען און דאָס גאַנצע דאָרף איז אוועק אויף דעם פּראָבע־פּלאַץ.

א רונדיג ליידיג שטיק פעלד איז דאָס געווען מיט ווייסען זאַמד בעדעקט. ארום און ארום זענען געשטאַנען בענק פאַר די צושויער. אין דער הויך זיינען געשטאַנען דריי עהרען־שטוהלען פאַר די עלטסטע וואָס זענען די ריכטער אין דער פּראָבע. דאָס גאַנצע דאָרף איז שטיל געזעסען אויף די בענק און געוואַרט. איינער פון די עלטסטע האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען די נעמען פון די קאַנדידאַטען.

דריי זענען זיי געווען. אלעזר און ראובן, די היימישע און דער גאַסט עזריה. אז עזריה האָט דערהערט ווי דער עלטסטער רופט אויס זיין נאָמען, האָט זיין האַרץ אָנגעהויבען שטאַרק קלאַפּען פאַר שרעק. ער האָט אָבער דערזעהן ווי רבקה קוקט אויף איהם מיט אזויפיעל ליעבע און ער האָט געקראָגען מוטה און צוזאמען מיט די אַנדערע צוויי איז ער אריין אינמיטען פון פּראָבע־פּלאַץ.

דאָס ערשטע האָבען זיי זיך געדאַרפט ראַנגלען און פּרובירען די קרעפטען, וועך עס איז שטאַרקער. די ריכטער האָבען געוואָלט וואַרפען גורל, ווער עס זאָל דער ערשטער זיך ראַנגלען. האָט עזריה זיך באַלד אָנגערופען און געזאָגט:

— געעהרטע ריכטער, איך בין דאָך א פרעמדער דאָ, זאָלען די היימישע זיך ראַנגלען פריהער.

די ריכטער האָבען מסכים געווען און עזריה איז צופרידען געווען. זאָלען זיי זיך גוט אנארבייטען פריהער, האָט ער זיך געטראַכט, וועל איך האָבען שפּעטער לייכטער....

אלעזר און ראובן זענען אריין אין רינג און זיך גענומען ראַנגלען. אלעזר איז געווען זעהר הויך און פעסט ווי א דעמב. ראובן איז געווען א קליינער אָבער מיט אייזערנע מוסקולען און זעהר פלינק און געשיקט. א שטיק צייט האָבען זיי זיך געשלאָגען און איינער האָט דעם אַנדערען נישט געקענט ביי־

קומען. זיי זענען געשטאַנען גלייך. די ריכטער האָבען געמאַכט א פויזע און געוואָרפען גורל ווער עס זאָל דער ערשטער זיך ראַנגלען מיט עזריה'ן. און עס איז אויסגעפאַלען אויף דעם הויכען פעסטען אלעזר. עזריה האָט געוואוסט אז אלעזר איז שטאַרקער פון איהם. האָט ער זיך גענומען צו איהם מעהר מ'ט חכמה ווי מיט כח.

אלעזר האָט איהם ארומגענומען מיט זיינע אייזערנע הענד און קוועטשענדיג שטאַרק געדריקט איהם צו דער ערד, ארויפלייגענדיג זיך אויף איהם מיט זיין שווערען קערפער. איין אויגענבליק האָט געפעהלט און עזריה וואָלט געלעגען אויף דער ערד. רבקה האָט דאָס דערזעהן און פאר שרעק א געשריי געטאָן. אלעזר האָט זיך דערשראָקען און אויף א רגע איהם אָבגעלאָזט. עזריה האָט איהם גלייך דערלאנגט א פעס־טען זעץ אין די ריפען און דער קלאפ איז געווען אזוי שטארק אז אין א מינוט ארום איז אלעזר געלעגען אזוי גרויס ווי ער איז אויסגעצויגען אויף דער ערד.

א שטורם פון הורא האָט אויסגעבראָכען צווישען די צושויער וואָס דער שוואכערער עזריה האָט אוועקגעלייגט דעם ריעז אלעזר.

גלייך איז ראובן צוגעגאנגען צו עזריה'ן. אין קרעפטען האָבען זיי זיך גלייך געקענט מעסטען. ראובן איז אָבער געווען פלינקער און געשיקטער. א צייט־לאנג האָבען זיי זיך געשלאָגען אָהן רעזולטאט. צום סוף האָט עזריה געמאכט זיך ווי ער האָט שוין פערלוירען די קרעפטען. ראובן איז נישט געווען פאָרזיכטיג און עזריה האָט איהם א כאפ געטהאָן פאר די פיס און א וואָרף געטהאָן צו דער ערד. ווידער האָט דאס גאנצע דאָרף געדונערט מיט א הורא פאר עזריה'ן.

אָבער דאָס איז נאָך געווען ווייניג. עס האָט נאָך געמוזט פאָרקומען א צו־פוס לויף וועט צווישען די דריי, א רייט געיעג און א ליעד פראָבע. דער לויף־וועט איז בעשטימט גע־וואָרען אויף פארנאכט.

די זון איז שוין אונטערגעגאנגען, טונקעלע שאטענס האָבען זיך פערשפרייט אויפ'ן פעלד. מאסען מענשען האָבען זיך געשטעלט אויף ביידע זייטען פון א ברייטען וועג. דער וועג איז פינף טויזענט פוס לאנג. אויפ'ן עק וועג איז געשטא־

נען א קליין טישעל מיט א זילבערנע שיסעל. דער זיעגער אין לויף־וועט כאַפּט די שיסעל און ברענגט זי צו די ריכטער און דאָס איז א צייכען אז ער איז דער ערשטער דערלאָפען.

די ריכטער האָבען דערלאַנגט א צייכען און אלע דריי קאַנדידאַטען האָבען גענומען לויפען. אלעזר און ראובן האָ־בען גלייך מיט דער ערשטער מינוט אָנגעהויבען לויפען מיט אלע קרעפטען און ווי ווילדע. עזריה איז געלאָפען גלייך און רוהיג. און נאָך העלפט וועג איז אלעזר מיט זיין שווערען גוף מיעד געוואָרען און זיך געזעצט אָברוהען. ראובן איז ווייטער געלאָפען, ער האָט אבער אויך נישט געקענט דערלוי־פען, ווייל ער האָט זיינע כחות אויסגעניצט באלד אין אָנ־פאנג. עזריה האָט געזעהן, אז ביידע זענען מיעד, האָט דאָס איהם צוגעגעבען טאָפּעלטען כח און פלינק ווי א הירש איז ער צום טישעל צוגעלאָפען, געכאַפּט די זילבערנע שיסעל און זי אָנגעטהאָן אויפ'ן קאָפּ און אזוי צוגעגאַנגען צו די ריכטער. דאָס גאַנצע פאָלק וואָס איז געשטאַנען ביי ביידע זייטען פון וועג האָט געהאַלטען אין איין שרייען און שטורמען הידד פון זיין כבוד וועגען.

דאָס רייט־געיעג איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף צו־מאָרגענס אין דער פריה, און די ליעדער־פּראָבע אויפ'ן אוונד. צומאָרגענס איז דאָס גאַנצע דאָרף זיך צוזאַמענגע־קומען אויף דעם רייט־פּלאַץ. פאַר דעם בעסטען רייטער איז געלעגען א גאָלדענער רינג א מתנה. דער רינג איז געלעגען אויף דער ערד אויפ'ן ענד פון רייט־וועג. דריי פון די בעסטע פערד, פון איין גרויס, איין קאָליר און איין עלטער זענען געשטאַנען גרייט. די דריי קאַנדידאַטען האָבען זיך אויסגע־זעצט אויף די פערד און אז דער עלטסטער ריכטער האָט געגעבען א סיגנאַל, האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזט אין א גאַ־לאָפּ. ראובן'ס פערד איז געלאָפען ווייט פאָראויס. ער וואָלט זיכער געוואונען. האָט ער אָבער צו שטאַרק געשלאָגען זיין פערד און עס איז ווילד געוואָרען און איהם א שליידער גע־טאָן אראָפּ פון זיך. איידער ער האָט זיך אויפגעהויבען האָבען שוין אלעזר און עזריה איהם איבערגעיאָגט. א פּאָר טריט פאר דעם ציעל איז אלעזר געווען פאָראויס. דאַ האָט עזריה געגעבען א געשיקטען שפּרונג, איז ארויף אויף אלעזר'ס

פערד און פון דאָרט איז ער מיט נאָך איין שפּרונג געשטאַנען לעבען רינג און עס גלייך געכאַפּט אין האַנד.

— לאַנג לעבען זאָל אונזער גאַסט ! — האָט דאָס גאַנ־צע פאָלק געשטורמט. ער האָט נישט קיין גלייכען אין חכמה און קראַפט.

אַז זיי זיינען אהיים געקומען האָט מנוח ארומגענומען עזריה'ן און איהם בעגריסט און רבקה האָט געקוקט אויף איהם מיט ליעבע און דאַנקבאַרקייט.

דאָך איז נאָך געבליבען גענוג שווערע ארבייט פאַר עזריה'ן. די הויפּטשלאַכט, די ליעדער פּראָבע איז געווען דער עיקר. דאָ קען שוין נישט קיין גבורה און נישט חכמה העלפען. מען מוז זיין א דיכטער און א פּאָעט געבענטשט פון גאָט. עזריה האָט געגלויבט אַז אזוי ווי ער האָט געוואונען אין די ערשטע דריי פּראָבען וועט ער אויך יעצט געווינען.

אין אווענד זענען אַלע ווידער ארוים אין פרייען פעלד. אין מיטען איז געשטאַנען א בימה פאַר די דיכטער און זינ־גער. לויט דעם גורל האָט אלעזר אָנגעהויבען דער ערשטער. ער האָט געזונגען "דאָס ליעד פון שניטער". אַז ער האָט גע־ענדיגט האָבען אַלע געשוויגען, די צוהערער זענען געבליבען שטיל.

דערנאָך איז ראובן ארויף אויף דער בימה און געזונגען "א קלאָגליעד איבער די טאָכטער פון יפתח". דאָס ליעד האָט אַלעמען געריהרט ביז טרעהרען. מיט נצחון איז ראובן אַראָפּ פון בימה, ער האָט געזעהן אַז ער האָט אַלעמען בע־זיעגט. עזריה'ן איז א שוידער אריבער, זעהענדיג וואס פאַר א גוטען איינדרוק ראובן האָט געמאַכט אויף דעם פאָלק. ער איז ארויף און אָנגעהויבען זינגען "דאָס ליעד פון פערגע־בונג".

אַז ער האָט געענדיגט איז דאָס פאָלק געשטאַנען פער'־כשופ'ט, באַלד האָבען זיי אויסגעבראָכען אין א שטורעם :

— ווי גוט ! ווי וואונדערבאַר ! ווי זיס ! לאַנג לעבען זאָל דער גאַסט ! לאַנג לעבען זאָל דער זיעגער !

אַז ער איז ארונטער פון בימה האָט מען איהם בעוואָר־פען פון אַלע זייטען מיט בלומען. ער איז צוגעגאַנגען צו די עלטסטע זיי דאַנקען פאַר דער גענאָד און גערעכטיגקייט

צו איהם. רבקה איז גלייך צו צו איהם און ארויפגעלייגט דעם לארבער־קראנץ אויף זיין קאפ. עזריה האט זי אויך אבגע־פיהרט אהיים.

— יעצט ביזטו מיין זוהן, עזריה — האט מנוח איהם ארומגענומען מיט ליעבשאפט און צום הארצען צוגעדריקט. אין דרייסיג טעג ארום איז מיט גרויס פרייד געפייערט גע־ווארען די חתונה פון עזריה'ן מיט רבקה'ן.

זעקס יאהר האט עזריה רוהיג געלעבט אין זיין שווער'ס הויז. די צייט האט אויסגעזעהן ווי איין שעהנער פריהלינג־טאג. בייטאג האט ער געארבייט אין פעלד, אין אווענד גע־לערנט תורה, דערצעהלט שעהנע געשיכטעס און געזונגען שענע ליעדער. רבקה האט איהם אויך געבוירען צוויי שענע יונגלעך.

פון בלויז גוטס איז אבער עזריה'ן געווארען אומעטיג. דאסזעלבע לעבען טאג איין און טאג אויס האט איהם דער־עסען און ער האט אנגהויבען אויסזעהן שלעכט. ער האט געבענקט אהיים, נאך דעם הייליגען לאנד. עס האט נישט געהאלפען וואס דער שווער מנוח האט איהם געהאלטען ווי אן איינגען קינד, די ליעבע פון זיין גוטער שעהנער רבקה און די צוויי טייערע קינדערלעך האבען זיין אומעט נישט גע־קענט פערטרייבען. רבקה וואס האט איהם אזוי שטארק געליעבט האט באלד בעמערקט ווי עזריה האט זיך געענדערט און זי האט איהם געבעטען ער זאל איהר זאגען פארוואס ער איז אזוי טרויעריג.

— דאס לעבען דא האט מיר דערעסען — האט ער איהר געזאגט דעם אמת — איך בענק אהיים. לאמיר נעמען די קינדער און געהן אין מיין היים.

זי האט זיך דערשראקען. באלד האט זי איהם ארומגע־נומען און מיט ליעבע געזאגט:

— וואו דו וועסט געהן וועל איך אויך געהן...

אז מנוח האט דאס דערהערט האט ער נישט געוואלט איינשטימען.

— וואס פעהלט דיר דען ביי מיר, וואס דו ווילסט אוועק־געהן? נענוג האסטו שוין געוואנדערט. עס איז דיר דא גוט, בלייב מיט אונז.

עזריה האָט אָבער אַלץ געבענקט אַהיים. צום סוף האָט מנוח נאָכגעגעבען. אין אָנפאַנג פריהלינג האָט עזריה גע־נומען רבקה'ן און די צוויי קינדער און זיך געלאָזט אין וועג אריין. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיי באַגלייט אַ שטיק וועגס. עס איז זיי שווער געווען דאָס שיידען זיך, אַלע האָבען שטאַרק געוויינט. אויך עזריה און רבקה האָבען אַ סך טרע־רען פערגאָסען. זיי האָבען זיך געקושט און געהאַלזט און געזעגענט, און מיט שווערע הערצער זיך צוריקגעקערט אין דאָרף אריין.

עזריה איז מיט זיין הויזגעזינד געפאָהרען איבער אינ־דיען און פערסיען און אָנגעקומען נאָך בבל, וואו דער פער־סישער קעניג האָט דעמאָלט פערבראַכט מיט אַלע זיינע מיניסטאָרען און גענעראַלען.

אַלע וועגען זענען געווען פול מיט מיליטער. דריוש קאַדיאַמאַנוס, דער פערזישער קעניג, האָט זיך געגרייט האַל־טען מלחמה מיט אַלעכסאַנדער דעם גרויסען, דער מלך פון מאַקעדאָניען, וואָס האָט בעהערשט די וועלט.

בבל איז געווען איינע פון די שענסטע שטעדט אויף דער וועלט, זי איז געשטאַנען לעבען טייך פרת. די אויסגעצייי־כנעטע מויערען זענען געווען צושטערט פון די צייטען פון דריוש דעם ערשטען. אָבער עס איז נאָך פערבליבען אין דער שטאָדט אַ סך פון איהר אַמאָליגער שעהנקייט. די הענגענדע גערטנער אין דער לופט האָבען געהאַט אַ צויבערליך אויס־זעהן. דער קעניגליכער פּאַלאַץ איז געווען דער וואונדערבאַרס־טער אין זיין צייט. עזריה מיט רבקה'ן זענען אַ גאַנצען טאָג געגאַנגען איבער דער שטאָדט און בעוואונדערט איהר שעהנ־קייט און רייכקייט.

ווען זיי האָבען זיך צוריק געקערט צו זייער גאַסט־הויז האָבען זיי בעמערקט ווי אַ דינער פון קעניגליכען הויף געהט זיי נאָך. זיי האָבען איהם געוואָלט פרעגען וואָס ער וויל, האָט ער זיך אָבער אָװעקגעדרעהט פון זיי. און ווי זיי זענען גע־גאַנגען ווייטער האָט ער זיי ווידער נאָכגעפאָלגט ווי אַ שאָטען.

ביינאַכט ווען זיי זענען געווען אין בעסטען שלאָף האָט מען פּלוצלונג שטאַרק געקלאַפּט אין זייער טיר.

— אין נאמען פון קעניג, עפענט אויף ! — האט א שטימע בעפוילען.

עזריה האט גלייך געעפענט די טיהר און האט דערזעהן אן עלטסטען מיט צעהן בעוואפענטע סאלדאטען שטעהן. זיי זענען אריין אין צימער און דער עלטסטער האט געפרעגט :

— ביזטו דער פרעמדער וואס ביזט היינט אנגעקומען מיט דיין פאמיליע ?

— יא.

— אונזער גרויסער ליכטיגער קעניג האט געזעהן דיך און דיין פרוי פערבייגעהען זיין פאלאץ און זי איז איהם גע־פעלען, ער וויל איהר טאן די גרויסע גענאד און זי נעמען צו זיך אין הארעם פאר א ווייב.

— גיט איבער מיין גרויסען דאנק צו אייער שטארקען און גרויסען קעניג פאר דער גרויסער עהרע וואס ער וויל מיר טאן. איך וויל אבער נישט די גענאד, ווייל די פרוי וואס גאט האט מיר בעשערט געהער צו מיר און מיט מיר וועט זי בלייבען און וועה וועט זיין דעם מענשען וואס וועט זי וועלען אוועקרויבען פון מיר.

— הער אויף רעדען נארישקייטען, פרעמדער — האט דער עלטסטער זיך אנגערופען — הער בעסער מיין עצה. ביי אונז איז א געזעץ אז דער מאן וואס קריגט די עהרע אז זיין פרוי געפעלט דעם קעניג און ער וויל זי נעמען אין זיין הארעם, דאנקט ער דעם קעניג פאר דער גענאד. און אויב ער טוט דאס נישט ווערט ער מיט א קאפ קירצער. פער־שטעהסט מיך, פרעמדער ?

— איך בין נישט קיין פערסער און נישט קיין אונטער־טאן פון אייער קעניג. איך בין א איד, פון דער קעניגליכער פאמיליע און שרעק זיך נישט פאר קיין שום קעניג. און אייד־דער איך וועל ווערען מיט א קאפ קירצער וועט קיין איינער פון אייך נישט בלייבען מיט זיין קאפ אויף די אקסלען, האט איהר מיך פערשטאנען ?

— אויב דו ווילסט נישט הערען אונזער גוטע עצה — האט דער עלטסטער געזאגט — וועסטו דערפיהלען אונזער מאכט.

ער האט א וואונק געגעבען צו די סאלדאטען און זיי הא־

בען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף עזריה'ן און איהם געוואָלט בינדען. מיט זיין גאַנצע קראַפט האָט ער געקעמפּט געגען זיי, זיי האָבען איהם אָבער בעזיעגט און געבונדען.

ווען עזריה האָט גערעדט מיט דעם עלטסטען האָט רבקה זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. זי האָט אָבער נישט פערשטאַנען פּערסיש און נישט געוואוסט וואָס זיי רעדען. אַז זיי האָבען זיך אָנגעפאַנגען שלאָגען איז רבקה אַזוי צומישט געוואָרען אַז זי האט נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איהר. און באַלד האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף איהר. זי האָט שוין אַלץ פערשטאַנען און זיך געוואָלט אַרויסשליידערן דורכ'ן פענסטער. עזריה האט זי אבער דערמאָנט די קינדער און איהר צוגעזאָגט מיט גאָט'ס הילף אין דריי טעג צייט זי אויסצולייזען פון איהרע פאַנגער און זי איז געבליבען אין צימער. ווי אַ לייב האָט זי געקעמפּט געגען די רויבער. איהר פייערדיגער צאָרן האָט איהר צוגעגעבען נאָך מעהר שעהנקייט, אַז עזריה האָט זי ביז איצט אַזוי שעהן נישט געזעהן. די רויבער האָבען זי ענדליך געבונדען און אַוועקגעפיהרט מיט זיך. איידער זיי זענען אַוועקגעגאַנגען האָט דער עלטסטער געזאָגט צו עזריה'ן:

— דיין גליק איז וואָס דו ביזט אַ פרעמדער און ווייסט נישט אונזערע געזעצען. וואָלסטו געווען אַ פּערסער וואָלט איך דיך ערמאָרדעט ווי אַ הונט. אָבער דו געפעלסט מיר פאַר דיין מוטה און קראַפט און איך לאָז דיך לעבען.

אַ געבונדענער איז עזריה געלעגען אויף דער ערד, האָט געוויינט און געשריגען און געוואָלט די שטריק איבעררייסען, ער האָט אָבער נישט געקענט. די צוויי קינדער האָבען זיך דערשראָקענע אויפגעכאַפּט, געזעהן דעם פאָטער אַ געבונדענעם און די מוטער איז נישטאָ, האָבען זיי שטאַרק געוויינט און געשריגען:

— מאַמע! מאַמע! וואו ביזטו, מאַמע?

עזריה האָט געשריגען נאָך הילף און דער גאַסטהייזער איז אריין און זיך געבייזערט וואָס ער וועקט אויף די געסט אַזוי שפּעט ביינאַכט. אַז עזריה האָט איהם דערצעהלט זיין אונגליק, האָט ער איהם רוהיג געזאָגט:

— אַזעלכע זאַכען זענען ביי אונז קיין נייעס נישט.

אלע טאָג טרעפט דאָס דאָ. דער סוף איז אין אזא פאל אז דער בערויבטער מאַן ווערט נאָך ערמאָרדעט, דאנקט גאָט, וואָס איהר זענט ארויס א לעבעדיגער.

דער גאסטהייזער האָט אָבגעבונדען די שטריק און עזריה האָט געזעהן אז ער איז א גוטער מענש האָט ער איהם גע־פרעגט אן עצה ווי צו ראַטעווען רבקה'ן. אָבער יענער האָט זיך געוואונדערט אויף זיינע נאַרישע רייד און געזאָגט:

— אומזיסט אייער זוכען עצות, פערפאלען. צום קעניג געהן טאָרט איהר נישט, ער וועט אייך אומברענגען. ער האַלט דאָס פאַר א גרויס גענאָד וואָס ער טוט מיט די מע־נער וואס ער נעמט זייערע ווייבער צו זיך אין הארעם. אונ־זער קעניג איז אויסער דעם שטאַרק פערנומען מיט די קריעגס־פאָרבערייטונגען געגען אלעכסאנדער פון מאקעדאָנ־יען. ער וועט אייך אפילו נישט אויסהערען.

— פילייכט קען איך זי ארויס'גנב'ענען און אנטלויפען מיט איהר? — האָט עזריה געפרעגט.

יענער האָט זיך צולאַכט און געזאָגט:

— איהר קענט ארויס'גנב'ענען די זון פון הימעל? אזוי גוט קענט איהר דאָס טאָן. צעהן פערשלאָסענע טויערען בע־וואַכט פון בעוואַפענטע סאָלדאַטען רינגלען ארום די טירען פון דעם הארעם. די פענסטער זיינע געהן ארויס אין א גאָר־טען וואָס איז ארומגעמויערט מיט צוויי הויכע פעסטע מויע־רען און שאַרפע אייזערנע נעגעל זיינען אריינגעשטעקט אין דער הויך. אונטער דער אויסווייניגסטער מויער געהט דער טייך פרת און דאָס וואסער איז דאָרט זעהר טיעף. נו, קענט איהר האָפען זי ארויסצו'גנב'ענען?

עזריה האָט אָבער זיין האָפנונג נישט פערלוירען. א פונק האָט געטליעט אין דער טיעפעניש פון זיין הארצען.

---

באלד ווי דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען האָט עזריה די קינדער איבערגעלאָזט ביי דעם גאסטהייזער, און איז אַוועק אויף יענער זייט פון טייך וואָס איז קעגען איבער דעם הארעם. ער איז אַרויף אויף דעם העכסטען בארג וואָס אין שפיץ איז געוועזן א הויכער פעלזען און פון דאָרט האָט ער דערזעהן דעם גאַנצען הארעם. פענסטער זענען דאָרט דאָ

אין די הונדערטער. ביי יעדען פענסטער א גארטען און אָב־געצוימט איז איין גאָרטען פון אנדערן מיט א הויכער וואַנד. אין די גארטענס האָבען שפּאַציערט דעם קעניג׳ס ווייבער יעדע בעזונדער אליין אין איהר גארטען. צוויי טעג איז עזריה געשטאַנען אויף דעם הויכען פעלזען און רבקה׳ן נישט געזעהן. דעם דריטען טאָג האָט ער בעמערקט א פרוי געהט צו צו א פענסטער און קוקט ארויס. ער האָט דערקענט זיין רבקה. זי האָט אויסגעזעהן זעהר שלעכט. די אויגען רויט פון געוויין. די האָר צולאָזען אָהן אָרדנונג און די קליידער הענ־גען אויף איהר נאַכלעסיג. ער האָט ארויסגעכאַפּט זיין רויט טיכעל און געפאָכעט דערמיט. אז זי האָט איהם דערזעהן האָט זי אויפגעשוידערט און ווי זי וואָלט געוואָלט שרייען האָט זי דאָס מויל ברייט געעפענט. ער האָט אָבער גיך צו־געלייגט די האַנד צום מויל זי זאָל שווייגען. ער האָט ארויס־גענומען א שטיקעל פּאַפּיר און אויפגעשריבען א פּאָר ווער־טער און ארומגעוויקעלט ארום א שטיינדעל. ער האָט גוט געציעלט, געוואָרפען עס גלייך אין איהר פענסטער און זי האָט עס געכאַפּט.

זי האָט איבערגעלייענט די ווערטער און א שאָקעל גע־טאָן מיט דעם קאָפּ, אז זי איז גרייט צו טאָן וואס ער הייסט זי.

עזריה איז אוועק און געקויפט זעהר א סך שטריק, ווי־פיעל שטריק ער האָט געקענט קריגען, האָט ער איינגעקויפט. ער האָט זיי צוזאַמענגעבונדען און געמאַכט איין לאַנגען, לאַנגען שטריק. אויף דעם בארג האָט ער זיך אוועקגעשטעלט און ארייגעקלאַפּט א גרויסען הילצערנעם סלופּ און אָנגע־בונדען איין עק שטריק. צום צווייטען עק שטריק האָט ער אנגעבונדען א שטיין און ער האָט געוואַרט רבקה זאָל איהם געבען א צייכען. רבקה האָט געעפענט דאָס פענסטער און געפאָכט צו איהם מיט איהר ווייס טיכעל און ער האָט גלייך געשליידערט צו איהר דעם שטיין מיט דעם שטריק. זי האָט געכאַפּט דעם שטריק און אָנגעבונדען אן די פיס פון אייזער־נעם בעט. מיט איהר טיכעל האָט זי איהר האַנד צוגעבונדען צום שטריק און אזוי האָט זי זיך געצויגען איבער דעם

שטריק ביז זי איז צוגעקומען צום באַרג וואו עזריה איז געשטאַנען.

— מיין געליעבטע, מיין טייערע, ביזט ווייטער מיין ! — האָט עזריה זי אַרומגעכאַפּט א גליקליכער.

— דיינע, ריין און עהרליך ווי שטענדיג — האָט זי מיט טרערען געענטפערט — איך האָב געזאָגט, אַז איך בין קראַנק און געהאַלטען אין איין וויינען, איז דער קעניג צו מיר נישט געקומען, איך האָב איהם אפילו נישט געזעהן.

עזריה האָט איהר באַלד אנגעטאָן מענערישע קליידער וואָס ער האָט געהאַט אָנגעגרייט. ער איז מיט איהר אַרויס פון שטאָדט און דאָרט זי איבערגעלאָזט אין א בעהעלטעניש. ער איז גלייך אוועק אין גאַסט־הויז, אנגעטאָן די קינדער, מיטגענומען די זאַכען און אוועק מיט זיי הינטער'ן שטאָדט. גרויס איז געווען די פרייד פון דער מוטער מיט די קינדער, אַז זיי האָבען זיך בעגעגענט. און נאָך איידער דער מאָרגען־שטערן איז ארויס זענען זיי אַנטלאָפען אויף פלינקע פערד וואָס זיי האָבען געהאַט גרייט.

דער אָנפאנג איז געגאַנגען גאַנץ גוט. נאָר ארום אַכט א זייגער אין דער פריה איז זיי אַנטקעגען געקומען א גרופּע קעניגליכע געענראלען וואס האבען זיך אומגעקערט פון געיעג. צווישען זיי איז אויך געווען יענער קעניגליכער דינער וואס האָט רבקה'ן צוגענומען צום קעניג. און ער האָט גלייך דערקענט עזריה'ן. ער האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין רבקה'ן וואָס איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי א מאן און פּלוצלינג א געשריי געטאָן :

— שטעהט, איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

עזריה האָט זיך געמאַכט נישט וויסענדיג און געריטען ווייטער. האָט דער קעניגליכער דינער א וואונק געטאָן צו זיינע קנעכט און זיי האָבען געכאַפּט די פערד פאַר די צוימען און זיי אָבגעשטעלט.

— וואָס לאָזטו אונז נישט געהן ? — האָט עזריה גע־פרעגט.

— איך וויל וויסען ווער איז דער יונגלינג לעבען דיר ? — האָט ער געפרעגט און געוויזען אויף רבקה'ן.

— האָבט קיין רעכט נישט אָבצושטעלען רייזענדער און

זיי געהט נישט אָן וואָס דו ווילסט — האָט עזריה ווייטער פּראָטעסטירט.

דאָס האָט איהם נאָך מעהר נייגעריג געמאַכט און ער איז נעהנטער צוגעגאַנגען צו רבקה׳ן און שטאַרק איינקוקענדיג זיך אין איהר האָט ער געשוואוירען:

— איך שווער ביי הורמיז אונזער גאָט, אַז דאָס איז די פּרוי וואָס איך האָב מיט עטליכע טעג צוריק געבראַכט אין קעניג׳ס הארעם!

אַ מינוט האָט ער געטראַכט און געזאָגט אין צאָרן:

— יעצט קום צוריק אין שטאָדט און דער קעניג וועט דיך משפּט׳ען דערפאַר וואָס דו האָסט גע׳גנב׳עט איינע פון זיינע פרויען פון זיין פּאַלאַץ...

אַזוי ווי זיי האָבען גערעדט איז דער קעניג אַליין אָנגעקומען פון געיעג. אַז ער האָט דערהערט די געשיכטע האָט ער זיי געהייסען צוריקפיהרען אין שטאָדט אריין.

אַ ראָטע סאָלדאַטען האָט גלייך אַרומגערינגעלט עזריה׳ן מיט זיין הויז־געזינד און זיי געפיהרט ווי קריעגס־געפאַנגענע. ווי זיי זענען נאָר אָנגעקומען אין בבל האָט מען זיי גלייך פאָרגעפיהרט פאַר׳ן קעניג.

— ווי האָסטו געוואַגט אוועק׳גנב׳ענען מיין פרוי? — האָט דער קעניג זיך געווענדעט אין גרויס כעס צו עזריה׳ן.

עזריה האָט זיך אָנגענומען מיט מוטה און געזאָגט:

— איך האָב געטאָן דאָס זעלבע וואָס יעדער ווירדיגער מאַן טוט ווען מען רויבט ביי איהם אוועק זיין אייגענטום.

— ביי מיר אין לאַנד האָט קיינער קיין אייגענטום נישט, נאָר איך, דער קעניג. דאָס לאַנד און דאָס לעבען פון מיינע קנעכט די אונטערטאַנען און זייער אייגענטום געהערט צו מיר — האָט דער קעניג שטרענג געזאָגט.

— יאָ, היינט ביזטו דער אויבערהערשער איבער דעם גרויסען פּערסיען, וועהר ווייס אָבער צי אין אַ מאָנאַט אַרום וועט אין דיין גאַנץ לאַנד בלייבען פאַר דיר כאָטש פיער איילען ערד אויף אַ קבר... ווער ווייס צי פון דיינע אַלע גענעראַלען וועט דיר בלייבען איינער וואָס זאָל דיר געבען אַ טרונק וואַסער פאַר דיין טויט, ציטער פאַר דעם באָק וואָס איז אַזוי שטאַרק און ריעזיג — האָט איהם עזריה געדראָהט.

— ווער איז דער באָק וואָס דו שרעקסט מיך מיט איהם ?
— האָט דער קעניג געפרעגט.

—צווישען מיינע ברידער איז געווען א נביא דניאל. ער האָט געזעהן אין זיין נבואה, דעמאָלט ווען בבל האָט איינגענומען די וועלט, אז עס וועט אויפשטעהען א באראַן מיט גרויסע הערנער און וועט בעזיעגען בבל. און דערנאָך וועט קומען א באָק פון מערב זייט און וועט אָנפאלען אויף דעם באראַן, וועט זיינע הערנער צוברעכען און איהם צוטרעטען. דער באראַן איז געווען — פערסיען און דער באָק איז דער קעניג פון יון...

— צוויי מאָל פערדינסטו דעם טוידט — האָט דער קעניג אין ברענענדיגן צאָרן געזאָגט — האָסט גע'גנב'עט מיין פרוי און זאָגסט שלעכטע נביאות אויף מיר. איך וועל דיך אָבער איצט ניט טויטען. אז איך וועל בעזיעגען מיין פיינד, ווען די הערנער פון באראַן וועלען צושמעטערען די קראַפט פון באָק, וועל איך הייסען דיך מיט דיין ווייב אויסשמירען מיט פעך און אייך אָנצינדען און א גאַנצע נאַכט וועט איהר ברענען ווי צוויי שטורקאַצען פאר מיין פאַלאַץ...

נאכדעם האָט דער קעניג געהייסען עזריה'ן מיט רבקה'ן און די קינדער אריינוואַרפען אין געפענגנים.

צומאָרגענס אין דער פריה האָט מען זיי ארויסגענומען פון געפענגנים און געשלאָסען זיי אין קייטען, איינער אָן אנדערען. געשלאָסענערהייט האָט מען זיי אריינגעזעצט אין אן אייזענער שטייג, אויף א וואָגען ארויפגעלייגט און זיי מיטגעפיהרט מיט דער ארמעע.

פון קעניגליכען פאַלאַץ האָט זיך דערהערט דאָס בלאָזען פון א טרומייט. דאָס איז געווען א סיגנאַל די ארמעע זאָל זיך ריהרען פון אָרט. אויפ'ן דאַך פון פאַלאַץ האָט געגלאַנצט פון א קריסטאָלענער ראַהם א גאָלדענער באָל מיט שטראַהלען. דאָס איז געווען די פאָרם פון דער זון, צו וועמען די פערסיער האָבען געדינט. אין פראָנט פון דער ארמעע האָבען די פריסטער געטראָגען א זילבערנעם אלטאַר און אויף איהם האָט געברענט דאָס שטענדיג ברענענדע הייליג פייער. אָנדערע פריסטער זיינען נאכגעגאַנגען און געזונגען קריעגסליעדער.

הינטער זיי זענען געגאַנגען דריי הונדערט און פינף און זעכציג יונגען אין פורפּערנע קליידער. באַלד נאָך זיי איז געפאָהרען דער גענץ יופּיטער אין א קאַרעטע געשפּאַנט מיט זעכס ווייסע פערד. און נאָך דער קאַרעטע איז שטאָלץ געטרעטען א גרויס פערד, דאָס זון־פערד. זיינע רייטער זענען אין ווייסע קליידער און מיט גאָלדענע בייטשען אין די הענד נאַכגע־גאַנגען. הינטער זיי זענען אָבגערוקט אויף א שטרעקע גע־פאָהרען צעהן קאַרעטעס בעדעקט מיט גאָלד און זילבער. ערשט נאָך די קאַרעטעס איז געגאַנגען דאָס רייטער מיליטער. פון צעהן פערשידענע פעלקער איז דאָס רייטער־מיליטער בע־שטאַנען. און יעדעס פאָלק איז געגאַנגען אין זיינע בעזונ־דערע קליידער און געהאַט בעזונדער געוועהר. צו־ערשט זענען געגאַנגען די צעהן טויזענד אונשטערבליכע ריזען, בעהאַנגען מיט גאָלדענע קייטען און זייערע קליידער זענען געשטיקט געווען מיט גאָלד און בעזעצט מיט טייערע איי־דעלשטיינער.

נאָך דער מחנה זענען געפאָהרען די מיניסטאָרען, גענע־ראַלען און קריעג־פיהרער און מאַרשאַלען. זיי זענען געווען פופצעהן טויזענד מאַן אין צאָהל. און נאָך זיי זענען געגאַנ־גען דעם קעניג'ס לייבהיטער מיט גאָלדענע שפּיזען אין די הענד. גאַר צום סוף איז געפאָהרען די קאַרעטע פון קעניג. די קאַרעטע איז געווען בעזעצט מיט די טייערסטע בריי־ליאַנטען און דימאַנטען און אויסגעמאָלט מיט די אַלע אָב־געטער פון פּערסיען. דריוש איז געזעסען אויף א הויכען טייערען קעניגליכען שטוהל. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין א פורפּור קלייד, דורכגעוועבט מיט טייערע ליינען, און אויף דעם א ווייס זיידען מאַנטעל מיט גאָלד־געשטיקט. רעכטס און לינקס פון קעניג'ס רייטוואָגען זענען געריטען צוויי הונ־דערט בעוואפענטע גענעראַלען. נאָך דעם רייטוואָגען זענען נאָכגעגאַנגען צעהן טויזענד שווערע אַרטילעריע און זייערע שפּיזען זענען בעדעקט געווען מיט זילבער.

דרייסיג טויזענד סאָלדאַטען פוסגעהער האָבען נאָכגע־צויגען נאָך זיי. און דעם קעניג'ס שטאַל־דינער האָבען גע־פיהרט די בעסטע פיער הונדערט פערד פון קעניג'ס פערד־שטאַלען.

טויזענד פוס הינטער זיי זענען געפּאָהרען צוויי קאַרע־טעם. אין איינער איז געזעסען דעם קעניג׳ס מוטער און אין דער צווייטער — דעם קעניג׳ס אויסגעוועהלטע פרוי. ערשט שפּעטער זיינען געפאָהרען די הויף־פריילייגס און נאָך זיי אין פּופּצעהן קאַרעטעם דעם קעניג׳ס קינדער מיט זייערע בע־דינטע און לעהרער. דריי הונדערט און זעכציג ווייבער פון קעניג זענען געפאָהרען צו לעצט. און דריי הונדערט אייזלען און זעקס הונדערט קעמלען זיינען געגאַנגען גאָר צולעצט און געפיהרט שפּייז און געוועהר און אַלע קריעגס בעדערפניסען. דאָ איז אויך געגאַנגען דער וואָגען מיט דער אייזענער שטייג, וואו עזריה מיט רבקה׳ן און די קינדער זענען געווען איינגעשפּאַרט אין קייטען געשלאָסען. ארום זיי איז געגאַנגען אַ גרויסע ארמעע און אָבגעהיט זיי און דאָס גאַנצע שפּייז און געוועהר.

ווען די וואונדערדיגע מחנות זענען פערבייגעגאַנגען פאַר דעם וואָגען מיט דער אייזענער שטייג זיינען זיי אזוי היג־געריסען געוואָרען פון דעם פּראַכטפולען בילד און דאָס גרויסע רייכקייט, אז זיי האָבען אויף אַ מינוט פערגעסען, וואס פאַר אַ ביטערער טויט עם דערוואַרט זיי, אויב די מחנה וועט געווינען די מלחמה.

אַז די מחנה איז אָנגעקומען צום טייך גארניקוס, אין קליין־אַזיען, האָט זי זיך בעגעגענט מיט דער מאקאדאנישער ארמעע. ביי די מאקאדאניער האָט מען נישט געזעהן נישט קיין גאָלד און נישט קיין זילבער, קיין שום רייכקייט נישט. בלויז אייזען האָט מען ביי זיי געזעהן. די מאַקעדאָנישע אַר־מעע האָט פון וויימענס אויסגעזעהן ווי אַן אונגעהייער גרוי־סער וואַלד מיט שפּיזען... אלעכּסאנדער דער גרויסער איז געשטאַנען אויף אַ הויכען באַרג, פון וואַנען ער האָט דאָס גאַנצע שלאַכטפעלד געזעהן און מיט דעם מאַך פון זיין האַנד האָט די גאַנצע ארמעע זיך בעוואויגען ווי איין מאַן. די שלאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען און אין עטליכע שטונדען צייט האָט זי זיך געענדיגט. די פּערסער האָבען געקראָגען שרעקלי־כע קלעפּ און געהאַט אַ מיאוס׳ע מפּלה. זיי זענען צוטומעלט צולאָפּען אויף אַלע זייטען, וואו די אויגען האָבען זיי גע־טראָגען. אין דעם שרעק און טומעל איז דריוש אראָפּגע־

שפּרונגען פון זיין קארעטע און ארויפגעכאַפּט זיך אויף אַן אנטלויפענדיג פערד. ער איז אַנטלאָפען און זיין גאַנצע פאַ־מיליע מיט אלע אוצרות זענען אריינגעפאלען צום שונא אין די הענד אריין.

פאַרנאַכט איז אלעכסאנדער דער גרויסער געקומען אין דעם פערסישען לאַגער און מיט פרייד און שטאָלץ בעקוקט דאָס רייכטום וואָס ער האָט געקראָגען אין די הענד אריין. ער איז צוגעקומען צום וואָגען מיט דער אייזענער שטייג און זיך אָבגעשטעלט אַ פערוואונדערטער. עזריה האָט זיך געבוקט צו איהם און געזאָגט:

—גרויסער, דערהויבענער, שטאַרקער קעניג! דער גאָט פון הימעל און ערד איז געווען אין דיין הילף און דו האָסט בעזיעגט דיינע פיינד. איך בין געפאָהרען מיט מיין פאַמיליע דורך בבל, איז מיין פרוי געפעלען דריוש'ן און ער האָט זי אַוועקגערויבט פון מיר און אריינגעוואָרפען אין זיין הארעם. אַז איך האָב זי געוואָלט ראַטעווען פון זיינע הענד האָט ער אונז געשלאָסען אין קייטען און איינגעשפּארט אין דער שטייג און ער האָט געזאָגט, אַז ווען ער וועט דיך בעזיעגען וועט ער אונז טויטען מיט אַ שרעקליכען טויט. גרויסער קעניג, בעווייז דיין גענאָד און בעפריי אונז מיר זאָלען זיך קענען אומקערען אין אונזער לאַנד. די וועלט וועט הערען פון דיין גוט הארץ און זי וועט זאָגען, אַז ווי גרויס דיין קראַפט אַזוי גרויס איז דיין רחמנות און גוט הארץ.

אַז עזריה האָט גערעדט האָבען טייכען טרערען זיך גע־גאָסען פון זיינע אויגען. אלכסאנדער איז געווען גערי‌הרט און ער האָט געפרעגט:

— פון וואַנען ביזטו, וואו איז דיין לאַנד?

— פון לאַנד יהודה קומט דיין קנעכט.

— אַ, די יודען! — האָט אלעכסאַנדער אויסגערופען אונצופריעדען — איך האָב זיי נישט ליעב, אויף מיין וועג איבער קליין־אַזיען האָבען אלע פעלקער געשיקט שלוחים צו מיר און דערקלערט זייער אונטערטעניגקייט צו מיר. נאָר די אידען האָבען מיך נישט געוואָלט אַנערקענען אלס זייער אויבערהערשער. עס וועט לאַנג נישט דויערען און זיי וועלען דערפיהלען מיין מאַכט...

— שטאַרקער, מעכטיגער קעניג, גנעדיגער און עהרליכער מלך, ערלויב מיר דיר זאָגען אַ פּאָר ווערטער. נישט ווייל דו ביזט קליין אין זייערע אויגען האָבען די אידען דיר דעם כבוד נישט אָבגעגעבען. נאָר אויס דאַנקבארקייט צו די אור־עלטערן פון דריוש וואָס האָבען אונזערע עלטערען געגעבען די ערלויבניש אומצוקערען זיך אין הייליגען לאַנד ; און אויך געלד האָבען זיי אונזערע עלטערן געגעבען אויפצובויען גאָט'ס הויז. זיי האָבען געהאַלטען פאַר אַ זינד צו פעררעאַטען דאָס אייניקעל פון יענעם קעניג וואָס האָט זיי אזוי פיעל גוטעס געטאָן. מיר אידען קריצען אויס דאָס גוטסקייט פון אנדערע מענשען אויף שטיינערנע טאַוולען, אייביג צו געדענקען און דאָס בייזע פערשרייבען מיר אויף דעם זאַמד פון ים און מיר פערגעסען שנעל. טו מיט אונז גוטס און מיר וועלען דיר דאָס געדענקען אויף אייביג.

אלעכסאנדער'ן זענען די ווערטער געפעלען און ער האָט זיך בערוהיגט. ער האָט געהייסען אויפשליסען די שטייג און אראָפּנעמען די קייטען פון זיי. ווי זיי האָבען זיך דערפיהלט פריי האָבען זיי זיך געבוקט צו איהם און הייס געדאַנקט. ער האָט זיי געהייסען אויפשטעהן און נאָכגעהן נאָך איהם.

אז זיי זענען געקומען אין פּאַלאַץ האָט אלעכסאנדער געהייסען עזריה'ן אוועקזעצען ביים קעניגליכען טיש. דער פּאַלאַץ איז געווען זעהר קליין. אַגעוועהנליכער פּירשט אין פּערסיען וואָלט זיך געשעמט וואוינען אין אזא קליינעם פּאַלאַץ. עס איז גאָר נישט קענטיג געווען, אז דאָס איז דער פּאַלאַץ פון דעם מעכטיגען אלעכסאנדער. קיין זילבער, קיין גאָלד, קיין שום שטיקערייען איז נישט געווען צו זעהן, עס האָבען אפילו געפעהלט א סך נויטיגע זאכען אין הויז. אלעכסאנדער האָט צוגערוקט זיין שטוהל צו עזריה'ן און געזאָגט :

— דו האָסט פערטיידיגט דיין פאָלק און דו ביזט גערעכט. איך מוז זיי אָבער מאַכען אונטערטעניג. איך קען זיי נישט מוחל זיין וואָס זיי האָבען מיך פערשעמט אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט. אַן איינגעשפּאַרט פאָלק איז גרינג צו בעזיעגען אָבער נישט לייכט איהם צו האַלטען אין אונטערטעניגקייט. דערצעהל מיר וואָס פאַר א פאָלק עס זע־

נען די אידען, ווייל איך וויל מיט שכל און קלוגשאַפט מיט זיי אומגעהן. איז אייער מיליטער שטאַרק אין קריעג?

— מיר זענען דאָס שטאַרקסטע און דאָס שוואַכסטע פאָלק אויף דער וועלט — האָט עזריה געזאָגט.

— וואָס מיינסטו?

—ווען מיר פעראייניגען זיך אַלס איין פאָלק וואָס דיענט דעם איינציגען גאָט איז נישטאָ קיין פאָלק וואָס זאָל זיין שטאַרקער פון אונז, ווען מיר זענען צוטיילט און זענען פאַלש אונזער גאָט, קען דאָס קלענסטע פאָלק אונז בעזיעגען.

— און יעצט ווי אַזוי זענט איהר?

— פעראייניגט.

— טאָ, וואָס זאָל איך יעצט טאָן?

עזריה האָט איהם דערצעהלט אַז נאָך איידער ער האָט איהם זיין גרויס געגאָד בעוויזען האָט ער שוין געהערט זיין נאָמען. ער האָט איהם איבערגעגעבען די נבואה פון דניאל אויף איהם, אַז ער וועט צושמעטערען פערסיען און בעהער־שען די גאַנצע וועלט און ער האָט איהם געראַטען ער זאָל אָבגעבען עהרע דעם בית המקדש און דעם כהן גדול, וועט דאָס אידישע פאָלק איהם ליעב קריגען.

אַז עזריה האָט געענדיגט האָט אַלעכסאַנדער ארויפגע־לייגט די האַנד אויף זיין אַקסעל און צופרידען געזאָגט:

— דו קענסט צו יעדער צייט זיך אומקערען אין דיין לאַנד, נאָר אויב דו ווילסט מיך פאָלגען, בלייב מיט מיר, וועסטו זיין זיכער און רוהיג און דו מיט דיין פאַמיליע וועט זיין אָבגעהיט פון בייז.

עזריה האָט איינגעוויליגט און געבליבען מיט אַלעכ־סאַנדער׳ן.

עטליכע טעג האָבען זיי זיך אָבגערוהט. דערנאָך זענען זיי דורכגעגאַנגען גאַנץ סיריען, זיי האָבען איינגענומען דמשק, צידון, צור און עזה און געגאַנגען אויף ירושלים.

ווען די אידען פון ירושלים האָבען דערהערט, אַז אַלעכ־סאַנדער מיט זיין אַרמעע דערנעהנטערט זיך צו דער הויפט־שטאָדט זענען אַלע צוטומעלט געוואָרען. אַ גרויס געשריי און אַ ביטערס האָט זיך געטראָגען ביז אונטער׳ן הימעל. דער כהן גדול ידוע האָט בעשטימט אַ טאָג צום פאַסטען. דאָס

גאַנצע פאָלק האָט געפאַסט און געשריגען צו גאָט ער זאָל זיי צושיקען זיין הילף. איז א מלאך פון הימעל געקומען צום כהן גדול אין חלום און איהם געזאָגט ער און דאָס פאָלק זאָלען זיך נישט שרעקען, זיי קענען זיין רוהיג. אלעכסאנדער וועט זיי קיין בייז נישט טאָן. אויף מאָרגען זאָל ער, דער כהן גדול, מיט אַלע כהנים און דאָס גאַנצע פאָלק ארויסגעהן אַנטקעגען אלעכסאַנדער'ן און אָבגעבען כבוד דעם גרויסען קעניג וואָס גאָט האָט איהם געגעבען די מאַכט און ער וועט מיט זיי שליסען שלום.

אין דערפריה האָט דער כהן גדול צוזאמענגערופען די עלטסטע פון פאָלק און די ריכטער און מיט א פרעהליך הארץ זיי דערצעהלט די רייד פון גאָט וואָס ער האָט געהערט אין חלום. ידוע האָט זיך אָנגעטאָן די הייליגע קליידער, די כהנים האָבען זיך אָנגעטאָן די בגדי כהונה און זענען ארויס אנטקעגען. נאָך זיי איז נאכגעגאנגען דאס גאנצע פאָלק אין ווייסע קליידער אָנגעטאָן. אז זיי זיינען אָנגעקומען פאר'ן טויער פון שטאָדט האָבען זיי זיך בעגעגענט מיט אלעכסאנדער'ס ארמעע. אז אלעכסאנדער האָט דערזעהן דעם כהן גדול, איז ער אראָפּ פון קארעטע און זיך געשטעלט פאר איהם אויף די קניה. פּארמיניע זיין פריינד און פעלד־מארשאל האָט זיך שטאַרק פערוואונדערט און זיך אָנגערופען:

— ווי אזוי דערנידעריגסטו דיך, מיין קעניג, און בוקסט זיך צו א אידישען כהן?

— נישט פאר איהם בוק איך זיך — האָט אלעכסאנדער געענטפערט — נאָר פאר דעם געטליכען מלאך, וואָס האָט זיך בעוויזען צו מיר, ווען איך בין געגאנגען אויף פּערסיען, און ער האָט מיך פערזיכערט אַז איך וועל געווינען די קריעג. דער כהן זעהט אוים אזוי ווי יענער מלאך פון גאָט.

מיט פרייד און געזאַנג האָט דאָס פאָלק געפיהרט אלעכסאנדער'ן אין שטאָדט אריין. דאָרט האָט ער געהייסען אין זיין נאָמען מקריב זיין קרבנות צו גאָט און ער האָט געבעטען מען זאָל איהם פאָרלייענען די נבואה פון דניאל'ן. ער האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט דער נבואה. צומאָרגענס האָבען די אידען אָנגענומען זיין אויבערהערשאַפט. ער האָט נישט ארויפגעלייגט קיין שווערע לאַסט. און אַלע זיבען יאָהר,

דאָס יאָהר פון שמיטה, האָט ער זיי בעפרייט פון צינזען. ער האָט זיי אויך ערלויבט אריינטרעטען אין זיין ארמעע און נישט פערשוועכען דערביי די געזעצען פון זייער פאָלק און די געבאָט פון גאָט. אז ער איז אוועק פון ירושלים האָט איהם דאָס גאַנצע פאָלק געבענטשט און די כהנים האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז יעדעס אינגעל, וואָס וועט דאָס יאָהר ביי זיי געבוירען ווערען וועלען זיי איהם אַ נאָמען געבען אלעכסאַנ־דער, און אזוי האָבען זיי טאַקי געטאָן.

די שומרונים וואָס האָבען געוואוינט אין שומרון און זע־נען געווען די קינדער פון געמישטע חתונות צווישען די פרעמדע פעלקער וואָס האָבען געוואוינט אין ארץ ישראל און די רייכע אידישע אריסטאָקראטען, האָבען געהאט זייער בית המקדש אויף דעם בארג גריזים, לעבען שכם. זיי האָבען דאָס גאַנצע פאָלק געוואָלט אריבערציהען צו זיך. די חכמים פון ירושלים, די היטער פון ציון, האָבען זייערע געדאַנקען פער־שטערט און דאָס פאָלק איז געבליבען מיט ירושלים. פון דע־מאָלט אָן האָבען די שומרונים זיך אזוי געפיהרט: איז געווען גוט די אידען, האָבען זיי געזאָגט, אַז זיי זענען אידען, און אַז די אידען האָבען געהאט שלעכטע צייטען, האָבען זיי גע־לייקענט אַז זיי זענען אידען און נאָך געשלאָסען אַ בונד מיט דעם פיינט און געהאָלפען שלעכטס טאָן צו די אידען פון ירושלים.

ווען אלעכסאנדער דער גרויסער איז געגאַנגען אויף פער־סיען זענען די אידען טריי געבליבען דעם פערסישען קעניג דריוש און די שומרונים האָבען געשלאָסען א בונד מיט אלעכסאנדער׳ן, האָבען איהם געגעבען אכט הונדערט סאָל־דאטען און אַ סך געוועהר און שפייז. אז אלעכסאנדער האָט געזיעגט און געגאנגען אויף ירושלים, האָבען די שומרונים זיך געפרעהט. יעצט וועט אלעכסאנדער די אידען פערטילי־גען און זיי וועט ער בעזעצען אין ירושלים. באַלד האָבען זיי איהם געשיקט אַ שליח אָנזאָגען אַז זיי זיינען נישט קיין אידען. נאָר אַז דער קעניג האָט גאָר אָבגעגעבען גרויס כבוד צו די אידען און געשלאָסען מיט זיי אַ פריידליכען בונד זענען זיי צומישט געוואָרען און געלאָזט וויסען דעם קעניג, אַז זיי זענען יאַ אידען. ער האָט איינגעזעהן זייער פאַלשקייט און

ער האָט מיט זיי נישט געוואָלט מעהר רעדען.

דאָ זענען זיי שטאַרק בייז געוואָרען אויף איהם און אז דער גאָווערנאָר וואָס אלעכסאנדער האָט געשיקט נאָך שומרון איז אָנגעקומען, האָבען זיי געמאַכט אן אויפשטאַנד און איהם צוזאַמען מיט זיין גאַנץ הויז פערברענט אין פייער. אלעכסאנדער האָט דאָס דערהערט איז ער געגאַנגען אויף שומרון און שווער בעשטראָפט די ווידערשפעניגער. א סך פון זיין מיליטער האָט ער איבערגעלאָזט אין שומרון און א גרויס שטיק לאַנד האָט ער אָבגעריסען פון זיי און אוועקגעגעבען צו די אידען.

עזריה איז מעהר נישט מיטגעגאַנגען מיט אלעכסאנדער׳ן נאָר אוועק אין זיין געבורטס־שטאָדט, זיך געקויפט א פעלד און א גאַרטען און געבליבען מיט זיין הויז־געזינד און דער חשק צום וואַנדערען האָט זיך צו איהם מעהר נישט צוריקגעקעהרט.

אַזוי לאַנג ווי אלעכסאַנדער דער גרויסער האָט געלעבט האָט דאָס הייליגע לאַנד נישט געוואוסט פון קיין בייז. עס איז געווען שלום און רוה אין ארץ ישראל. די גוטע צייט האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג.

דער קריעגערישער קעניג אלעכסאנדער וואָס האָט אלעמאָל געהאַלטען זיך ווייט פון ווילדע פערגעניגענס, האָט, נאָך זיין גרויסען זיעג איבער פערסיען, זיך אריינגעוואָרפען אין א ווילד לעבען פון צעלאָזענקייט. זיין געזונד איז גיך רואינירט געוואָרען און ער איז געשטאָרבען יונגערהייט

דריי און דרייסיג יאָהר איז ער אַלט געווען ווען ער איז געשטאָרבען און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין קינד, וואָס זאָל ירש׳נען די קרוין.

זיינע פעלדמארשאַלען האָבען זיך צוטיילט מיט זיין קעניגרייך. תלמי, איינער פון זיינע פעלדמארשאַלען, איז געוואָרען קעניג איבער מצרים. תלמי האָט איינגענומען דאָס אידישע לאַנד דורך א שווינדעל.

ער איז אָנגעקומען מיט זיין ארמעע נאָך ירושלים אום שבת און געזאָגט, אז ער איז געקומען זעהן דאָס בית המקדש. די אידען האָבען איהם געגלויבט און אריינגעלאָזט. ער האָט גלייך אויסגעשטעלט זיין ארמעע אין שטאָדט און זיך בע־

פעסטיגט. אז די אידען האָבען זיך געכאַפּט און דערזעהן דאָס אונגליק, איז שוין געווען צו שפּעט.

תלמי האָט זיך געהאַט בעפעסטיגט. פיעל בעריהמטע אידען האָט ער גענומען געפאַנגען און אוועקגעפיהרט נאָך מצרים און ארץ ישראל איז איהם געוואָרען אונטערטעניג און געמוזט צאָהלען צינזען.

---

עזריה האָט אָנגעשריבען די מגלה און זי איבערגעגעבען זיין עלטסטען זוהן אלישרב צוזאַמען מיט דעם לארבער־קראַנץ, וואָס זיין געטרייע רבקה האָט אָנגעטאָן אויף זיין קאָפּ און ער האָט איהם געזאָגט:

„ליעבער זוהן!

איך גיב דיר איבער די מגלה צוזאַמען מיט דעם לאר־בער־קראַנץ, וואָס דיין מאַמע האָט אָנגעטאָן אויף מיין קאָפּ איז טאָג פון פריוואונג. זאָלסט זיי האַלטען צוזאַמען מיט דער מגלה, וואָס אונזער עלטער־זיידע זרובבל האָט אונז אי־בערגעלאָזט. זאָלען זיי זיין טייער פאַר דיר און פאַר דיינע קינדער און קינדס־קינדער אויף אייביג.

דאָס זיינען די רייד פון דיין פאָטער,

עזריה בן טוביה, דער זוהן פון
פדיה, אן אור־אייניקעל פון זרובבל
פון מלכות בית־דוד".

# „דער צאָפּ“

דאָס איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר
דריי טויזענד, פינף הונדערט און זיבען
און ניינציג, לויט דעם אידישען רעכנונג.

אז אלכסנדר מוקדון איז געשטאָרבען האָבען זייגע פעלד־מאַרשאַלען צוטיילט די מלוכה צווישען זיך. יעדער פעלד־מאַרשאַל האָט זיך געלאָזט קרוינען אלס קעניג איבער אַן אַנדער לאַנד.

צוויי נייע קעניגרייכען זענען אויסגעוואקסען לעבען די גרעניצען פון ארץ ישראל. אויף צפון־זייט און אויף דרום־זייט. סיריען און מצרים.

דאָס אידישע לאַנד האָט געליטען גרויסע צרות פון זיי — די צוויי לענדער האָבען אָפט געהאַלטען מלחמות. און זייערע ארמעען זענען אלעמאָל דורכגעגאַנגען דאָס אידישע לאַנד, האָבען בערויבט די איינוואוינער און זיי שטאַרק גע־פּייניגט.

שמעון הצדיק, דער זוהן פון יוחנן כהן גדול, וואָס איז געווען דער לעצטער פון די כנסת הגדולה, האָט רעגירט דאָס פאָלק אין גאַט'ס גייסט. אין דער צייט האָבען רעגירט די כהנים. די פּרינצען פון מלכות בית דוד האָבען אָבגעטראָטען די הערשאַפט צו די כהנים און לעהרער. ביז דעם טאָג ווען גאָט וועט שיקען די אמת'ע גאולה און די קרוין וועט זיך אומקערען צו דוד'ס קינדער.

שמעון הצדיק האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער פאַר א רייכען, אנגעזעהנעם כהן מיט'ן נאָמען טוביה. און זיין זוהן יוחנן איז נאָך שמעון'ס טויט געוואָרען כהן גדול אונ־טער'ן נאָמען חוניו דער צווייטער.

דעמאָלט האָט דאָס הייליגע לאַנד געצאָהלט צינזען צו

תלמי דעם דריטען, דעם קעניג פון מצרים. סעלייקוס דער צווייטער, דער קעניג פון סיריען האָט אָבער געוואָלט פער־נעמען דאָס הייליגע לאַנד פאר זיך. האָט ער שטילערהייט אָנגערעדט דעם כהן גדול חוניו, ער זאָל אויפהערען צאָהלען צינזען צו תלמי'ן, דער קעניג פון מצרים. חוניו האָט איהם געפאָלגט.

אז תלמי האָט נישט געקראָגען די אידישע צינזען אין צייט, האָט ער געשיקט אַ גענעראַל צו חוניו'ען און איהם גע־וואָרענט גלייך צו צאָהלען די צינזען, אז נישט וועט ער זיך נוקם זיין אָן איהם און אָן גאַנצען פאָלק.

חוניו האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט צאָה־לען. האָט זיך אויפגעהויבען זיין שוועסטער'ס זוהן, יוסף, דער זוהן פון טוביה, פאר די אויגען פון די עלטסטע האָט ער גערעדט זעהר שאַרפע רייד צו חוניו'ען און זיך אונטערגע־נומען צו געהן צום קעניג פון מצרים און איהם בערוהיגען.

די עלטסטע האָבען איינגעשטימט. יוסף איז געפאָהרען נאָך אלעקסאנדריען. מיט זיין קלוגשאַפט און כיטרעקייט האָט ער אויסגענומען ביים קעניג. ער האָט געקראָגען אין ארענדע די צינזען פון אַלע שטעדט צווישען סיריען און מצרים. דער קעניג האָט איהם איבערגעגעבען צוויי טויזענד סאָלדאַטען, ער זאָל מיט זייער הילף קענען איינמאָהנען די צינזען פון אלע איינוואוינער.

צוויי און צוואַנציג יאָהר איז יוסף געווען אויף דעם אמט. ער איז די גאַנצע צייט געווען דער ריכטיגער הערשער אין לאַנד. ער האָט אָנגעזאַמעלט אַ גרויס פערמעגען. זיינע אָנגע־שטעלטע און מיטהעלפער האָבען אויך געמאַכט אַ סך געלד.

וואָס רייכער זיי זענען געוואָרען האָבען זיי זיך אַלץ מעהר דערווייטערט פון אידישען וועג. זיי האָבען אָנגעהויבען זינדיגען און זיך אויפגעפיהרט ווי די גריכען. זיי האָבען גע־רעדט גריכיש, געהאלטען די גריכישע פייערטעג. מענער און ווייבער און יונגע קינדער האָבען געזונקען אין זינד. מיט זייערע שלעכטע מעשים האָבען זיי פעראומרייניגט דאָס אידישע לאַנד.

צוויי פּאַרטייען זענען אויסגעוואַקסען ביי אידען. די "פּרושים". וואס האבען זיך געהאלטען ביי די לעהרען פון



דער גריכישער אָבגאָט צעאוס

שמעון הצדיק. און די "העלעניסטען", מיט זייערע פיהרער צדוק און ביתוס, די שלעכטע תלמידים פון אנטיגנוס איש סוכו. די העלעניסטען האבען פערלייקענט די אידישע תורה און אנגענומען די לעהרען פון די גריכען.

דאס שלעכטס האט זיך אנגעהויבען פון טוביה הכהן'ס הויז. די אייניקלעך פון שמעון הצדיק זענען געווען די ערשטע וואס האבען אבגעקערט פון גאט'ס וועג.

פאר צוויי דורות האט אנגעהאלטען דער קריעג צווישען די אידישע פארטייען, ביז עס איז געקומען אנטיוכוס דער גרויסער, דער קעניג פון סיריען, און האט איינגענומען דאס הייליגע לאנד.

אז אנטיוכוס דער גרויסער איז געשטאנען פאר די טויערן פון ירושלים זענען איהם אנטקעגען געגאנגען דער כהן גדול און די עלטסטע. זיי האבען געפונען חן אין זיינע אויגען. האט ער געגעבען גרויסע מתנות פאר'ן בית המקדש. די כהנים און די געלעהרטע האט ער בעפרייט פון צינזען. ער האט פערבאטען נישט־אידען אריינצוגעהן אין בית המקדש. א שטרענגען בעפעהל האט ער ארויסגעגעבען צו די גוים זיי זאלען נישט אריינפיהרען טמא זאכען אין ירושלים. און נאך א סך גוטס האט ער געטאן צו די אידען אזוי לאנג ווי ער האט געלעבט.

דרייצעהן יאהר שפעטער האט אנטיוכוס געהאט א גרויסע מפלה אין זיין מלחמה מיט די רוימער, לעבען דער שטאדט מאגנעזיא.

די רוימער האבען פערנומען אלע זיינע שטעדט און לענדער און זיינע שיפען, פופצעהן טויזנד צענטער גאלד האט ער געמוזט צאהלען צו די רוימער א יעהרליכען צינז. נאר ארץ ישראל האבען זיי ביי איהם נישט אוועקגענומען.

אנטיוכוס דער גרויסער וואלט נישט געווען בעפאלען דאס הייליגע לאנד, ווען יוסף'ס קינדער וואלטען איהם נישט געווען גערופען דאס צו טאן. זיי האבען זיך געקריגט צווישען זיך יאהרען־לאנג ביז זיי האבען גערופען דעם פרעמדען קעניג מיט זיין ארמעע אין אידישען לאנד.

דער קריעג האט אויסגעבראכען איבער יוסף'ס יונגסטען זוהן, הורקנוס. די עלטערע ברידער האבען איהם שטארק

פיינט געהאַט, ווייל דער פאָטער האָט איהם ליעבער געהאַט פון אלעמען.

די געבורט פון הורקנוס בעווייזט ווי געזונקען אין זינד יוסף איז געווען.

יוסף איז דעמאָלט געווען אין קעניגליכען הויף אין אלעקסאנדריען. האָט ער זיך פערליעבט אין איינע פון די הויף־טענצערקעס. ער איז שוין געווען אן אלטער מאן. און דאָך האָט ער געוואָלט זינדיגען מיט דעם קעניג׳ס טענצערין.

שלום, יוסף׳ס ברודער, האָט דאָס בעמערקט און ער האָט געוואוסט, אז דער קעניג וועט דערפאַר יוסף׳ן ערמאָרדען, האָט ער איינגערעדט דעם שכור׳ען יוסף׳ן ער זאָל איצט גאָר נישט טאָן. שפּעט ביינאַכט וועט ער איהם אין צימער אריינ־ברענגען די טענצערין.

ביינאַכט האָט שלום איהם אנשטאט די טענצערין אריינ־געבראכט זיין יונגסטע טאָכטער, און איידער עס איז ליכטיג געוואָרען איז זי ארויס פון זיין צימער.

צומאָרגענס אז יוסף האָט זיך אויסגעניכטערט פון וויין האָט ער געציטערט פאַר שרעק, דער קעניג זאָל איהם נישט טויטען. שלום, זיין ברודער, האָט געזעהן יוסף׳ס שרעק און ער האָט איהם בערוהיגט. דערפאַר האָט ער מיט זיין ברו־דער׳ס טאָכטער התונה געהאַט און זי האָט איהם געשאָנקען א זוהן אויף זיינע עלטערע יאָהרען. דאָס איז געווען הורקנוס. ער איז געווען זעהר א גרויסע קינד און יוסף האָט איהם ליעבער געהאַט פון אלע קינדער.

האָבען דערפאַר יוסף׳ס קינדער שטאַרק פיינט געהאַט הורקנוס׳ען. נאָך גרעסער איז געוואָרען זייער שנאה צו איהם, ווען יוסף האָט איהם געשיקט נאָך אלעקסאנדריען צו בעגרי־סען דעם קעניג מיט די קעניגין צום געבורט פון זייער זוהן.

הורקנוס איז געפאָהרען מיט גרויס פּאַראַד נאָך אלעק־סאנדריען. א גרויס פערמעגען האָט ער אויסגעגעבען אויף דער רייזע. ער האָט געקויפט הונדערט קנעכט און הונדערט דינסטען. איטליכער קנעכט און איטליכע דינסט האָבען גע־טראָגען א צענטער גאָלד. די הונדערט קנעכט מיט די הונ־דערט צענטער גאָלד זענען געווען זיין מתנה צום קעניג

תלמי און די הונדערט דינסטען מיט די הונדערט צענטער גאָלד זענען געווען א מתנה צו דער קעניגין.

מיט דער וואונדערליכער מתנה האָט הורקנוס שטאַרק אויסגענומען אין קעניגליכען הויף. זיין מתנה איז געווען די שענסטע פון די מתנות, וואָס אלע אַנדערע פעלקער האָבען געבראַכט.

מיט זיין חכמה און שענקייט האָט ער בעצויבערט דעם קעניג און די קעניגין און זיי האָבען איהם אָבגעשיקט אהיים מיט גרויס כבוד.

אויפ'ן וועג האָבען זיינע ברידער איהם אָבגעוואַרט און געוואָלט טויטען. ער האָט זיי אָבער בעזיעגט. צוויי ברידער האָט ער דערשטאָכען מיט זיין אייגענער שווערד און די איבעריגע זענען אין גרויס שרעק זיך צולאָפען.

אַז יוסף איז געשטאָרבען האָט דער קעניג פון מצרים געמאַכט הורקנוס'ן פאַר צינזען־מייסטער און הורקנוס איז געוואָרען רייכער און בעריהמטער פון זיי אלע.

אזוי לאַנג ווי תלמי האָט געלעבט האָבען הורקנוס' ברידער געמוזט שווייגען. אַז תלמי איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזען א פינף־יעהריג יונגעל אויפ'ן טראָהן, זענען דעמאָלט יוסף'ס קינדער אוועק צו אנטיוכוס דעם גרויסען, ער זאָל בעפאַלען דאָס אידישע לאַנד.

ער האָט זיי געפאָלגט. מיט א גרויסער אַרמעע איז ער בעפאַלען ארץ ישראל און עס איינגענומען. ער האָט אַראָפּגעזעצט הורקנוס'ען פון זיין אַמט. צו די אידען איז ער אָבער געווען א גוטער מלך.

לאַנג האָט נישט געדויערט און הורקנוס איז געוואָרען צוריק צינזען־מייסטער. אנטיוכס דער גרויסער האָט גענומען דעם יונגען קעניג פון מצרים, תלמי דער פינפטער פאַר אַן איידים, ער האָט איהם געגעבען זיין טאָכטער קלעאָפּאַטראַ פאַר א ווייב. ער האָט איהם געגעבען א גרויסען נדן. די צינזען פון אלע זיינע לענדער.

תלמי דער פינפטער האָט צוריק גערופען הורקנוס'ן און איהם בעשטימט אלס צינזען־מייסטער פון אלע זיינע לענדער.

הורקנוס האָט זיך בעזעצט אין דער פעסטונג תירם, לעבען דער שטאָדט חשבון. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט א אידי־

שע אַרמעע און אונטערטעניג געמאכט די איינוואוינער פון חשבון און מידבא, וואָס האָבען פריהער נישט געוואָלט ליידען א איד זאָל הערשען איבער זיי.

פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרען רייכער און שטאַרקען. ער האָט אויסגעהאַלטען זיין אַרמעע און אַלע גוטע פריינד. דאָס איבעריגע געלד האָט ער געשיקט צו בעהאַלטען אין די שאַצקאַמערען פון בית המקדש.

הורקנוס איז געווען אַן עהרליכער און פרומער איד און געהיט די געבאָט פון גאָט.

די שטאָדט תירס איז געווען אַ פעסטונג און אַ גן־עדן. דער פאַלאַץ איז געווען פון מאַרמאָרשטיין זעהר קינסטלעריש געבויט. טייערע גערטנער מיט אַלערליי פרוכט־בוימער און בלומען האָבען ארומגערינגעלט די שטאָדט. פאָנטאַנען וואָס האָבען געשפּריצט פריש קיהל וואַסער זענען געווען אין אַלע גאַסען פון תירס. די מויער פון פעסטונג איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַ ברייט טיעף וואַסער און דער אריינגאַנג אין פעסטונג איז געווען אַזוי שמאָל, אַז צוויי מענשען אין דער ברייט האָבען נישט געקענט געהן.

הורקנוס האָט געמוזט זיך אויפהאַלטען אין אַזא שטאַרקע פעסטונג, ווייל ער האָט געהאַט אַ סך שונאים צווישען די פעלקער, וואָס האָבען איהם געמוזט צאָהלען די צינזען פאַר'ן קעניג פון מצרים. זיינע ברידער און די העלעניסטען האָבען איהם אויך שטאַרק געהאַסט.

ער האָט אָבער גוט געלעבט מיט די גאָטספאָרכטיגע אידען, מיט זייער אַנפיהרער דעם כהן גדול, חוניו דער דריטער.

שלומית הורקנוס' ווייב, איז אויך געווען אַ פרומע און גאָטספאָרכטיגע. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם גרויסען ירושלים'ער מיליאָנער רציץ און אַן אייניקעל פון דעם רייכען כהן אלעזר בן חרסם.

דער רייכער כהן אלעזר בן חרסם האָט זיין גאַנץ פערמעגען איבערגעלאָזט אויף הפקר. בלויז אַ זעקעל מעהל האָט ער מיטגענומען מיט זיך און איז אַוועק צווישען פאָלק, צו לערנען זיי גאָט'ס תורה.

שלומית איז געגאַנגען אין וועג פון איהר גרויסען זיידע.

פון איהר קאַסע האָט זי אויסגעהאַלטען אַלע תלמידים פון יוסי בן יועזר, פון צרדה, און יוסי בן יוחנן, פון ירושלים.

רציץ, שלומית'עס פאָטער און הורקנוס' שווער האָט דעמאָלט געגרינדעט די פּאַרטיי פון "חסידים" צו בעקעמפען די אויסגעלאַסענע העלעניסטען, די פערדאָרבענע אידען, וואָס האָבען געוואָלט זיין גריכען.

אין דער חסידים פּאַרטיי זענען געווען מתתיהו דער חשמונאי, די תנאים יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן, מתתיהו'ס פינף זיהן, צווישען זיי יהודה המכבי און זיין חבר עמיהוד דער זוהן פון אלידע, פון מלכות בית דוד.

עמיהוד האָט געהאַט א גוט אין עין־גדי. ער האָט אָבער זיין גוט איבערגעלאָזט און אוועק נאָך ירושלים לערנען אין ישיבה. ער האָט זיך בעקענט מיט יהודה המכבי, זיי זענען געוואָרען גוטע חברים און האָבען זיך זעהר ליעב געהאַט.

עמיהוד איז נאָך געווען אונפערהייראַט. די רייכע לייט פון ירושלים האָבען זיך געיאָגט נאָך איהם. יעדער האָט געוואָלט זיך משדך זיין מיט דוד המלך'ס משפחה, קריגען דעם אידישען פּרינץ פאַר אן איידים.

יהודה המכבי האט איהם אבער אריינגעפיהרט אין הויז פון רציץ, וועמעס קינדער עס האָבען געלערענט אין דער זעלבער ישיבה.

די טעכטער פון יהודה זענען זעהר שעהן און די טעכטער פון ירושלים זענען נאָך שענער. נאָר שענקייט אליין איז ווייניג. די גריכישע טעכטער זיינען אויך שעהן. זיי זיינען אבער אויסגעלאַסען. די טעכטער פון ירושלים זיינען אָבער שעהן און פרום און צניעות'דיג. געלויבט זאָלען זיין ירושלים'ס טעכטער פאַר זייער שעהנקייט אין פרומקייט און צניעות!

דער רייכער "חסיד" רציץ האט געהאט א יונגע טאָכטער שושנה, איז זי געווען אזוי שעהן ווי די רויז פון די טאָלען. די רייכסטע בחורים, פון גרעסטען יחוס אין ירושלים זיינען איהר נאָכגעלאָפען. עמיהוד פון מלכות בית דוד האט זיך אויך שטאַרק פערליעבט אין איהר. ער האָט אָבער געשוויגען און דעם סוד פון זיין הייליגער ליעבע טיעף אין הארצען גע־

טראָגען און געוואַרט אויף דעם טאָג פון גרויסען גליק. צי שושנה האָט איהם אויך ליעב — האָט ער נישט געוואוסט.

אנטיוכוס דער גרויסער איז געשטאָרבען. זיין עלטסטער זוהן סעלייקוס דער פערטער איז געוואָרען קעניג. אַז סעלייקוס האָט געהערט ווי די אידישע פּארטייען קריגען זיך און רייסען זיך אַרום, האָט ער אריינגעשיקט נאָך ירושלים אַ סקאַדראָן סאָלדאַטען, אָנצוהאַלטען אָרדנונג אין שטאָדט.

די סאָלדאטען זיינען געשטאַנען אין פעסטונג אקרא, האָבען די אידישע פערדעטער, די העלעניסטען, זיך צוגע׳חנפ׳עט צו די מיליטער פיהרער, געשלאָסען גוט־פריינדשאַפט מיט זיי און ווי די מאַלפּעס זיי אלץ נאָכגעטהאָן אבי צו זיין גלייך מיט זיי.

ישוע דער ברודער פון חוניו כהן גדול האָט פערביטען זיין נאָמען אויף "יאזאָן", אליקום, א פּלימעניק פון דעם תנא יוסי בן יועזר האט זיך א נאָמען געגעבען "אלקימוס". יוחנן, דער ברודער פון שמעון, דער אויפזעהער פון בית המקדש, האט זיך א נאָמען געגעבען "מענעלאס", נאָך א יונ׳ישען קעניג, וואָס זיין ווייב האָט איהם אוועקגעוואָרפען און אנטלאָפען מיט א געליעבטען.

נישט בלויז די מענער האָבען אבגעקערט פון אידישען וועג, נאָר אויך די פרויען. מרים די טאָכטער פון בלגה, א כהן פון דער בלגי־משפחה, האָט זיך געשעמט מיט דעם נאָמען פון מרים הנביאה און האָט זיך א נאָמען געגעבען "פריינר", א נאָמען פון א בעקאנטע אויסגעלאסענע פרוי אין אטהען, וואס האט זיך אויסגעטאָן נאקעט פאר די אויגען פון אלע גריכען.

די אַלע פערדעטער האָבען אָנגעהויבען זייער פעררראַט וואס זיי האבען געביטען זייערע נעמען און געענדיגט האבען זיי, וואס זיי האבען פערראטען דאס אידישע פאָלק און דעם אידישען גאָט.

די "חסידים" פּארטיי, די געטרייע אידען, האָבען געזעהן ווי די פערדעטער דערנעהנטערן זיך צופיעל מיט די פרעמדע מיליטערישע פיהרער, האָבען זיי מורא געהאט, די פערדעטער זאלען נישט געווינען דאס מיליטער אויף זייער זייט און טאָן שלעכטס צו די געטרייע אידען.

האבען זיי בעשלאָסען זיך אויך צו דערנעהנטערן צו די בעאַמטע, איבער שלום וועגען, זיי איינלאדען אין די אידי־שע הייזער און אויסמיידען דורכדעם דאס שלעכטס.

ווען עס איז געווען דער געבורטסטאָג פון קעניג סעליי־קוס, האָט דער רייכער "חסיד" רציץ געמאכט א גרויסען באָל און איינגעלאדען אלע מיליטער בעאמטע, א סך פיהרער פון דער "חסידים" פארטיי און אויך פון די "העלעניסטען".

דער באָל איז געווען אין רציץ'ס זומער פּאלאַץ לעבען טייך גיחון. אלע זיינען געקומען צום באָל. די בעריהמטע מיליטער פיהרער: אפּאָלאָניוס, פיליפּוס, סייראָן, גארגיאַש, קלעסטענעס און אפּאלעס מיט זייערע געהילפען.

זיי האבען געגעסען און געטרונקען און זיך געלאָזט וואויל געהן. וויין האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער. די סירישע גענע־ראלען האבען אריינגעגאָסען א סך וויין אין זיך. די צונג איז ביי זיי געוואָרען פריי און וואס זיי האבען געהאט אויף דער לונג האבען זיי געבראכט אויף דער צונג.

דער ערשטער האָט אָנגעהויבען אפּאָלאָניוס.

— מיינע העררען—האט ער געזאָגט — אייער ירושלים דערמאָנט מיך אָן א טויטען־שטאָדט. ביי אייך איז טויט. קיין פרייד איז דאָ נישטאָ. אייער אמונה האָט אייך געמאכט אנ־דערש פון אלע פעלקער אויף דער וועלט. איהר האט א גאָט וואָס איז פערבאָרגען, קיינער זעהט איהם נישט, איהר האָט שטארק מורא פאר איהם, און איהר געניסט נישט די פרייד פון לעבען.

ווי לאנג לעבט דען דער מענש? אויב דער מענש געניסט נישט ביים לעבען, ווען וועט ער געניסען? נאָכ'ן טויט? קומט נאָר אין אונזערע שטעדט וועט איהר זעהן. איך רעד נישט פון אנטיוכא און אלעכסאנדריען. די הויפּט־שטעדט האָבען צופיעל לעבען און גענוס פאר אייך. נאָר אפילו די קליינע סירישע שטעדט לעבען אייער גרענעץ שטורמען פון לעבענס פרייד. אומעטום איז פאראן פערגניגען פלעצער פאר גרויס און קליין. טעאטערן און צירקוסען אין יעדען דאָרף. אלע טאָג בעלער און אזוי פיעל ליעבע! אינגלאך קושען מייד־לעך, מענער האלזען פרויען. פריי פאר די אויגען פון דער

גאַנצער וועלט. איהר זינדיגט וואָס איהר געניסט נישט די פרייד פון לעבען.

ער איז א ווײלע שטיל געבליבען. די העלעניסטען זיינען אויפגעשפרונגען און זיך טיעף פערנייגט פאר איהם. די פער־רעטער האבען איהם בעוויזען אז זיי האלטען מיט איהם.

פריינע, די פעררעטערישע כהן־טאָכטער, איז געזעסען קעגענאיבער עמיהודען, דער פרינץ פון מלכות בית דוד, איהרע אויגען האָבען געברענט מיט אן אויסגעלאסען פייער. איהרע פייערינגע בליקען האט זי אנגעשטעלט אויף עמיהודען, ער האָט אָבער גיך די אויגען אָבגעקערט פון איהר און נאָכגע־קוקט שושנה'ן, די שעהנע, פרומע טאָכטער פון בעל הבית, וואס האט זיך אין דער רגע אויפגעהויבען צוזאמען מיט איהר מוטער און שטיל ארוים אין גאָרטען.

די חסידים־געסט זיינען געוואָרען אויפגערעגט פון דעם גענעראל'ס רייד, עמיהוד האָט איהם געוואָלט אויסזידלען, נאָר יהודה המכבי האט איהם א וואונק געגעבען, ער זאל שווייגען. דער גענעראל האט ווייטער אנגעהויבען רעדען און געשפריצט מיט פייער:

— ווען איך קוק אויף אייך, איינוואוינער פון יהודה און ירושלים, טוט מיך שטארק וואונדערן. די נאַטור האָט אייך ליעבער פון אלע שם'ס קינדער. איהר זענט אייזען שטאַרק און פעסט געבויט. אייערע יונגע לייט זיינען ווי די צעדער־בוימער פון לבנון, אייערע טעכטער ווי די שעהנע שלאַנקע טייטעל־בוימער. איהר האָט דאָך א סך אפּאָלאָנס און אפּ־ראָדיטעס, אזוי פיעל גראציעס זעה איך צווישען אייערע טעכטער.

פאַרוואָס פערבאָרגט איהר אייער שעהנקייט אין קליי־דער? ווי וואונדערליך איז דאָס בילד ווען אונזערע יונגע לייט און מיידלאך ראנגלען זיך נאקעטע אין די גאסען פון אונזערע שטעדט. זיי געהען נאקעט ווי אונזערע אבגעטער. אלע זעהען זייערע שעהנע קערפּער. דאס בלוט קאָכט, די אויגען ברענען ווי פלאקערן און דאָס הארץ קלאפּט אזוי שטאַרק, וויל ארויסשפּרינגען ווי א פויגעל פון שטייג. מיר האבען די פרייד פון לעבען, אונזערע אלטע לייט ווערען יונג,

ווען זיי זעהען אונזערע ליעבע שפּילערייען, זיי ווערען יונג און קרעפּטיג.

די פערעטערישע העלעניסטען זיינען אויפגעשפּרונגען און געשטורעמט פאַר פרייד. זיי האָבען געשלונגען זייערע רייד. די אויסגעלאָסענע פּרייני האָט געפּאַטשט בראַוואָ ווי א שכור'ע און געברענט מיט אויסגעלאַסען פייער צו עמיהוד'ן.

ער האט אבער נישט געוואָלט קוקען אויף איהר, איז זי צוגעגאנגען צו מענעלאסען און איהם ארומגענומען. ער האט זיך אבער ארויסגעדרעהט פון איהרע ארעמס און געהאלטען אין איין נאָכקוקען שושנה'ן ווי זי האט שפּאצירט אין דרויסען מיט איהר מוטער.

איצט האט רציץ זיך אויפגעהויבען און געזאגט צו דעם גריכישען גענעראל:

— גוטער מענש, איהר ווילט אונז טאָן גרויס גענאַד, וואָס איהר ווילט אונז פיהרען אויף דעם וועג פון אייער פאָלק. אייערע זיסע רייד זיינען אבער אומזיסט. אזוי ווי אייער פאָלק וויל נישט פערלאָזען די געטער, וואס זיי האבען געמאכט מיט זייערע הענד, אזוי וועלען מיר נישט פערלאָזען אונזער גאָט וואס האט אונז בעשאפען און אונז אויסגעקליבען אלס זיין געליעבט פאָלק.

גאָט האָט אייך געשאָנקען די מתנה פון קונסט, איהר זענט גרויסע קינסטלער, מיט אייער קונסט זענט איהר בערימט אויף דער וועלט. מיר האבען פון גאָט אן אנדער מתנה, די מתנה פון גייסט. גאָט האט אונז בעשאָנקען מיט זיין הייליגען גייסט און ער פיהרט אונז, די גאנצע וועלט וועט שפּעטער אויסגעפינען אז אונזער גאָט איז דער איינציגער גאָט.

אויזערע עלטערן האָבען שוין געדינט צו אָבגעטער און געזעהן אז זיי זיינען נאריש, ווילט איהר אז מיר זאלען ווידער פערראטען אונזער גאָט? דאס וועט נישט זיין. פרעהט איהר זיך מיט אייערע געטער, וואס איהר האט געמאכט און לאָזט אונז דינען אונזער גאָט, וואָס האָט אונז געוויזען זיינע גרויסע וואונדער.

די העלעניסטען האבען געמאכט ס'געשפּעט פון זיינע רייד. די יונגים האבען שפּאָטיש געשמייכעלט און אפּאלאניוס האט מיט א געלעכטער געפרעגט:

— קיין מענשליך אויג האָט נאָך נישט געזעהן אייער גאָט, ווי ווייסט איהר וואס ער וויל?

— אונזערע נביאים האָבען אונז געלערנט גאָט׳ס תורה, די תורה פון גאָט איז פערשריבען אין אונזערע היילינע ספרים—האט רציץ געענטפערט.

— אלע פעלקער האבען היילינע ספרים און זיי זאגען דאָס פערקערטע וואָס ביי אייך אין די ספרים איז פער־שריבען.

דאָ האָט עמיהוד נישט געקענט איינהאלטען זיין פרינ־ציפיעלן שטאָלץ און ער האט זיך אריינגעמישט און ער האט געזאגט:

— דער בעל הבית וועט מיר ענטשולדיגען, וואס איך דענק נישט ווי איהר, און איהר, גענעראל, זייט נישט בייז, אויב איך וועל רעדען שאַרף. מיר קענען נישט אוועקשטעלען אונזער אמונה גלייך מיט אייערע. איך וועל אייך ווייזען אז אונזער אמונה איז העכער פון אייערע.

אייער הויכער בארג אלימפוס, וואו עס וואוינען איי־ערע געטער, קען זיך נישט פערגלייכען מיט דעם שטויב פון בארג סיני, וואו אונזער גאָט האט זיך נאָר איינמאָל בעווי־זען. איהר קענט נישט גלייכען אייערע לעהרער צו אונזערע נביאים. משה רבנו, אונזער לעהרער האט אונז געמאכט א פאָלק מיט די רייד פון גאָט. אייער לעהרער האָמער האט אייך געשאפען א גאָט לויט דעם ווילען פון אייער פאלק.

מיר מאַכען אונטערטעניג דעם גוף צום גייסט און ביי אייך דינט דער גייסט צום פּראָסטען קערפּער. מיר בעהעפ־טען זיך אין די מדות פון אונזער היילינען גאָט צו טאָן גוטס ווי גאָט. אייערע געטער בעהעפטען זיך אין די זיטען פון די מענשען און לויט אייער לעהרע זיינען זיי פערזונקען אין תאוה נאָכמעהר ווי די מענשען.

אייערע געטער עסען און טרינקען, שלאָפען און זינ־דיגען און שטארבען. אונזער גאָט איז אייביג און העכער פון מענשענס געדאנק. אָט וועל איך אייך דערצעהלען די היסטאָ־ריע פון אייערע געטער:

— אויפ׳ן בארג אלימפוס האט כאאס געבארען זיין טאָכטער געיא. געיא זיין טאָכטער איז געוואָרען כאאסעס

ווייב, און געבוירען איהם דעם זוהן אוראנוס, אוראנוס האט חתונה געהאט מיט זיין מאמע און זי האט איהם געבוירען זיהן און טעכטער.

דער אינגסטער זוהן קראנאס האט מסרם געווען זיין פאָטער, אראפּגעוואָרפען איהם פון טראָהן און געקעניגט אויף זיין אָרט. ער האט חתונה געהאט מיט זיין שוועסטער רעיא און זי האָט איהם געבוירען זיהן און טעכטער. דער אינגסטער, צעאוס, האָט מלחמה געהאַלטען מיט זיין פאטער ביז ער האָט איהם אראָבגעוואָרפען פון טראָהן און געקעניגט אנשטאט איהם.

אָט דער צעאוס, אייער הויפּט גאט, דער גאָט פון אַלע אייערע געטער, האט חתונה געהאט מיט זיין שוועסטער הערא. זי האט איהם געבוירען צוויי זיהן און איין טאָכטער. ער איז אבער געוואָרען אומטריי זיין שוועסטער־ווייב הערא און האט געלעבט מיט נאָך א שוועסטער און מיט דריי מוהמעס און פיער קוזינעס.

דאס איז אייער אויבער גאָט צעאוס נאָך געווען וועניג, האט ער גע׳גנב׳עט און גע׳גזל׳ט און גערויבט, אנגערעדט צו זינד פינף מענשען־טעכטער און געלעבט מיט זיי. זיין באנדע ווייבער האבען איהם געבוירען קינדער. זיינע קינדער זיינען דאס אייערע געטער.

אפילו צעאוס אליין איז געלעגען אין קימפּעט. אטענא איז געבוירען געוואָרען פון זיין קאָפּ און דיאניסעס פון זיינע לענדען. ער איז דער פאטער פון שכרות און תאוה.

אָט דאס איז די געשיכטע פון אייער אויבער־גאָט צעאוס. ווילט איהר איך זאָל אייך נאָך דערצעהלען די געשיכטע פון אייער געטין אפראָדיטא, די געטין וואס פערפלייצט די וועלט מיט זנות און אויסגעלאסענהייט? שעמט איהר זיך גאָר נישט מיט אזעלכע געצען?!

די פרומע האבען געשוויגען און זיי האבען מורא געהאט די גענעראלען זאָלען נישט ווערען בייז, וואס ער בעשמוצט אזוי זייערע געטער. די אידישע פערדעטער האבען געקוקט בייז, עטליכע גענעראלען האבען פאר כעס געקריצט מיט די צייהן, נאָר אפּאלאניוס האָט זיך געמאכט ווי עס אַרט איהם נישט און ער האט געזאגט:

— איך זעה אז דו ווייסט די געשיכטע פון אונזערע גע־טער, עס איז אבער נישט פּראָסט אזוי, ווי דו רעדסט. עס איז נאָר א ביישפּיל אויף דער נאַטור און איהרע איבערוואַנד־לונגען.

— יא, — האט עמיהוד ווייטער גערעדט—ווען אייערע פילאָזאָפען און געלעהרטע האָבען געוואָלט לערנען אייער פאָלק אז די גאנצע געשיכטע פון אייערע געטער־געבורט איז נאָר א ביישפּיל און זיי געוואָלט פיהרען אויף א בעסערען וועג, האָט איהר זיי ערמאָרדעט. אָט וואָס איהר האָט געטאָן מיט אייערע לעהרער:

סאקראטעסען האט איהר פערגיפטעט, פּראדיקוסען האט איהר געקוילעט מיט א שווערד. אנאקסאגארעס און דיאגא־רעס האבען געמוזט אנטלויפען פון אטהען, פּראטאגאראסען האט איהר ארויסגעטריבען און זיינע בעלעהרענדע ביכער האט איהר פערברענט.

— גענוג! הער אויף!—האָט רציץ געשריגען צו עמיהוד'ן. עמיהוד האט אבער דערקענט אז נישט נאָר איז רציץ נישט בייז אויף איהם, נאָר נאָך שטארק צופרידען מיט זיינע קלוגע און שארפע רייד.

— זאָל זיין גענוג!—האט רציץ געזאגט—מיר ווילען זיך פערטיידיגען און דו אטאקירסט נאָר זיי! וואס דארפען מיר דאס?

עמיהוד האט געקוקט צו רציץ'ען און איז געבליבען צו־מישט פאר פרייד. הינטער רציץ'ן זיינען געשטאַנען שושנה און איהר מוטער און ביידע האָבען געקוקט אויף איהם מיט אויגען פול אכטונג און ליעבע.

— ער פערדינט דעם טויט, דער עמיהוד!—האט מענע־לאס, דער אידישער פעררעטער אויסגעשריגען בייז—ער האט געלעסטערט די געטער פון אלימפּוס, די שטארקע גריכישע געטער, וואָס זייער עהרע איז פול די גאַנצע וועלט.

— זייט רוהיג, מיין הערר, וואָס איהר נעמט זיך אָן די קריוודע פון פרעמדע געטער—האט מתתיהו דער חשמונאי געזאָגט צו מענעלאס'ן — עמיהוד איז ביי זיך אין דער היים, צווישען זיין פאָלק, ער שטעלט זיך איין פאר זיין אמונה. די סירישע הערשער האבען מיט אונז געשלאָסען א בונד צו

בעשיצען אונזער פאלק און אונזער אמונה.

— זאל זיין גענוג!—האט רציץ אבגעשטעלט די דיסקו־סיעס—עס איז שוין שפעט אין אבענד. די גענעראלען ווילען אהיים פאהרען און זיי האבען א ווייטען וועג.

אלע געסט האבען זיך אויפגעהויבען און פריינדליך גע־זעגענט. די יונ'ישע גענעראלען זענען אוועק אונצופרידען.

ביים ארויסגעהן האבען זיי געזעהן אז קלעסטענעס פעהלט. נאך א לאנגען ארומזוכען האט מען איהם געפונען ליגען אין א בעהאלטען ווינקעל מיט פרייני'ן, די פעררעטערישע כהן'ס טאכטער.

אפאלאניוס האט איהם שטארק אויסגעזידעלט. פרייני האט איהם אבער שטארק געבעטען ער זאל קלעסטענעסען ערלויבען זי אבצופיהרען אהיים. ער האט איהם געגעבען די ערלויבניש.

די פרומע האבען זיך שטארק פערשעמט. דאס הארץ האט זיי וועה געטהאן אויף דער כהן־טאכטער, וואס פער־שוועכט דעם כבוד פון איהרע עלטערן.

אז פרייני האט זיך געזעגענט מיט חנה'ן די בעל־הבית'טע און מיט שושנה'ן האבען זיי איהר געענטפערט מיט'ן האל־בען מויל.

מיט די גענעראלען זיינען מיטגעגאנגען אלע אידישע פער־רעטער, נאר מענעלאס איז געבליבען. עמיהוד און יהודה המכבי זיינען געזעסען מיט שושנה'ן און איהר מוטער און שושנה האט געזאגט:

— עמיהוד, איך דאנק אייך פאר דעם קלוגען, שטאלצען ענטפער וואס איהר האט די פרעמדע געגעבען.

דא איז מענעלאס אונטערגעקומען און זיך געווענדעט צו שושנה'ן:

— אויב איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען, איידעלע טאכטער, הער מיך אויס, איך האב דיר צו זאגען עפעס וויכ־טיגעס. עס איז א סוד.

— הער העלעניסט—האט שושנה איהם אבגעהאקט— אויב איהר האט א סוד, דערצעהלט איהם די גריכישע גענערא־לען, אייערע פריינד, מיך לאזט צורוה, איך וויל נישט וויסען אייערע סודות.

-- וואס האב איך געזינדיגט, וואס די ביזט אזוי בייז אויף מיר?

—זייט איהר שוין אזוי געזונקען אז איהר ווייסט שוין נישט אייערע זינד?—האט שושנה געזאגט בייז — ערשט האט איהר זיך דאך געשטעלט אויף דער זייט פון אונזערע פיינד. ווען מען פאלגט אייך, וואלט איהר דאך בעשטראפט אונזער פריינד....

זי האט געוויזען אויף עמיהוד'ען און שטארק רויט געווארען.

— ווייסט איהר נישט אז איך האב דאס געזאגט פון שלום וועגען?—האט מענעלאס געפרובט טענה'ן.

— פאר רשעים איז נישטא קיין שלום, זאגט גאט—האט זיך אנגערופען איהר מוטער חנה—איידער איהר ווילט זאגען א סוד מיין טאכטער, וויל איך אייך זאגען אפען דא פאר אלע פריינד אונזערע: געגוג, העלעניסטען, פעררעטער, צו קומען אין אונזער געזעלשאפט, איהר זענט אונזערע פיינד!

שושנה האט זיך געווארפען צו דער מוטער און זי שטארק געקושט פאר דאנקבארקייט. מענעלאס איז ארויסגעלאפען בעליידיגט און דער צארן האט געברענט אין איהם ווי פייער.

דאס איז געווען אין די ערשטע טעג פון חודש תמוז. באלד זיינען געקומען די "דריי וואכען", די טעג פון טרויער אויף'ן חורבן פון בית המקדש.

די נבואה פון נביא אז שבעה עשר בתמוז און תשעה באב וועלען ווערען טעג פון פרייד, איז נאך נישט מקוים געווארען.

די אידען זיינען צוריקגעקומען נאך ארץ ישראל. דאס בית המקדש איז ווידער אויפגעבויט. אבער די אידען זיינען נאך אונטער א פרעמדען יאך, מוזען צאהלען צינזען צו פרעמדע הערשער.

גאנץ ירושלים האט געקלאגט און געטרויערט אין די דריי וואכען ביז עס זיינען געקומען די טעג פון טרייסט. בעזונדער חמשה עשר באב, דער פופצעהנטער טאג אין אב, דער גרעסטער און ליעבער טאג פאר דער אידישער יוגענד.

דעם טאג געהען די אידישע טעכטער ארום אין די וויינגערטנער און טאנצען ארום די וויינטרויבען. די בחורים קו־

מען צו די וויינגערטנער און קלייבען זיך אוים זייערע בע־
שערטע.

אלע שדוכים ווערען געשלאָסען דעם טאָג. יעדער שדוך איז מיט דעם ווילען פון די עלטערן. דעם טאָג ווערען געבוים נייע פאמיליען הייזער אין אידישען לאנד.

אן אלטער מנהג איז אז אלע מיידלאך געהען דעם טאָג אין איינפאכע ווייסע לייוועגטענע קליידער. אָהן צירונג, נישט אין זיידענס, נאָר איינפאך. די ארעמע מיידלעך זאלען נישט פערשעמט ווערען פאר די רייכע.

קיין מיידעל טאָר אויך די פראָסטע קליידער נישט מאַ־כען זיך פאר אייגען געלד, נאָר זי מוז לייהען די קליידער פון א חבר'טע. עס זאלען נישט פערשעמט ווערען די וואס האבען אפילו נישט אויף פראסטע לייוועגטענע קליידער.

די רייכע אידען לאָזען זיך קאָסטען דעם טאָג א סך געלד. זיי עפענען זייערע וויינגערטנער פריי פאר אלעמען. זיי ברענגען בערימטע זינגער און מוזיקאנטען. גרויסע טישען גערעקט מיט אלדאסגוטס פאר די טאַנצענדע מיידלאך און פאר די בחורים וואס קומען צוקוקען.

דעם חמשה עשר באב איז צום גרויסען יום טוב געקומען נאָך ירושלים הורקנוס מיט זיין ווייב שלומית. צוואנציג סאָל־דאטען האט ער מיטגענומען פון זיין פעסטונג תירם, זיי זאָ־לען איהם היטען פון אן אנפאל אויף זיין לעבען.

אין רציץ'ס גרויסען גארטען לעבען זיין זומער פאלאץ, נישט ווייט פון טייך גיחון, זענען זיך די פרומע בחורים צוזאמענגעקומען קוקען אויפ'ן טאַנץ פון די שעהנע אידישע טעכטער.

עס איז געווען א פרעכטיג־בילד. אלע שעהנע ציון'ס טעכ־טער זענען זיך צוזאמענגעקומען אין די וויינגערטנער. אלע זיינען געגאנגען אין ווייסע לייוועגטענע קליידער. די לייוועגט איז געווען זעהר דין, דאס קלייד איז ווי א ברייט העמד גע־נעהט און פערשפילעט זיך אויף דער לינקער פלייצע. א שטי־קעל פון די ווייסע בלענדענדע מיידעלשע שולטערן האָט זיך ארויסגעזעהן.

די ארבעל האבען געגרייכט ביז'ן עלענבויגען. א לייוועג־טענער גארטעל פעסט ארום דער טאליע און דאס קלייד איז

פונקט געפּאַסט צום לייב. א בלויער דינער שלייער, ווי א בלויער נעפּעל, האָט אַראָפּגעהאַנגען פון די שעהן געשניצטע שולטערן ביז צו דער ערד. קליינע שיכעלעך פון דינעם רויטען לעדער מיט בלויע בענדלעך פעסט פערבונדען. אזוי זענען די ציון טעכטער געגאַנגען אָנגעטאָן דעם פופצעהנטען טאָג אין אָב.

אַלע ציון׳ס טעכטער זענען געווען שעהן און ליעב. די הויט פון פנים וויים ווי די ווייסע לייוועגט פון זייערע קליידער. די באקען רויטלען זיך ווי די רויז פון טאָל. די אויגען גרויס און ברענענדיג ווי ביי אן אינד. טונקעלע ברעמען און וויהעס וואס גיבען דעם פנים גענוג שאטען, די ווייסלען, וואס רינגלען ארום זייערע שווארצאפלען זאלען זיין נאָך ווייסער, א דינע נאָז, לענגליך מיט א קליין הארבעלע פון אויבען, דער בעווייז אויף דער ריינקייט פון סעמיטישען שטאַם.

א הויכער שטערן, טיעף און קלוג. קעפּ שווארצע האָר ווי ראָבען, פערפלאָכטען אין צוויי לאנגע שווערע צעפּ, פערשלייפט אונטען מיט צוויי בלויע שלייפעלעך.

קיין שום צירונג, נישט פון זלבער, נישט פון גאָלד, קיין פעריל האט קיין איינע נישט געטראָגען, נאָר א רויטע רויז האט יעדע ציון טאָכטער געטראגען אויף דער ברוסט, רעכטס.

ווי לעבעדיגע ליליעס האבען זיך די אידישע טעכטער געטראגען אויף זייער גאנג אין די וויינגערטנער און אז זיי זיינען אוועק אין טאַנץ, זיינען זייערע שלייערען געפלויגען הויך אויפ׳ן ווינד, האט זיך געדאכט אז א מחנה פויגעל טראגט זיך, שפּרייטען די פליגעל צו פליהען צום הימעל...

אז עמיהוד מיט זיינע חברים זיינען צוגעקומען צום טאנץ פעלד, האבען זיי קיין מיידעל נישט דערקענט. אלע האבען גלייך אויסגעזעהן. באַלד איז צוגעקומען שושנה, רציץ׳ס טאָכטער און זי האט געלויכטען מעהר פון אלע. ווי דער מאָרגען שטערן לייכט צווישען די שטערען אין הימעל האָט שושנה געשיינט און געלויכטען.

זי האט זיי בעגריסט און פארגעלייגט זיי זאָלען זיך בעטיילינגען אין די שפּילערייען.

די בחורים האָבען זיך געשטעלט אין איין רייה, די מייד־

לעך — אין א צווייטע און זיי האבען געשפּילט אין באלעם.

עס זיינען געווען "ריכטער" וואס האבען אכטונג געגעבען עס זאָל געשפּילט ווערען ריכטיג. דער וואָס איז געווען א שלעכטער שפּילער איז בעשטראפט געוואָרען.

נאָך דעם באלעם שפּיל האָבען זיי זיך אָבגערוהט און גענומען שפּילען אין רייפען־שפּיל. יעדער קריגט א קליין שטעקעלע אין האנד. א רייף ווערט געוואָרפען אין דער הויך און עמיצער מוז די רייף כאפּען מיט'ן שטעקעלע און איבער־געבען צום שכן. מאכט איינער א פעהלער ווערט ער בע־שטראָפט.

אין רייפען־שפּיל איז שושנה געשטאנען לעבען עמיהוד'ן.ביידע זיינען שטארק אויפגערעגט געווען און ביידע האבען געמאכט פעהלער אין שפּילען.

האט מען ביידע, שושנה און עמיהוד'ען געבראכט צו די "ריכטער", און זיי זיינען בעשטראָפט געוואָרען צו שפּילען דעם "שפּארבער און די טויב".

די בחורים און די מיידלאך האבען זיך אויסגעשטעלט אין א ראָד, מיט די פּנים'ער צום דרויסען, אין ראָד שטעהט שושנה די טויב, אין דרויסען עמיהוד דער שפּארבער. דער שפּארבער מוז זיך ארייגרייסען אין ראד צו כאפּען די טויב.

לאָזט איהם אבער קיינער נישט דורך. און אויב ער רייסט זיך שוין אריין, לויפט דערווייל די טויב ארויס פון ראד. לויפט דער שפּארבער זעהר לאנג ביז עס געלינגט איהם צו כאפּען די טויב.

די שפּילערייען דערנעהנטערן די הערצער פון די יונגע לייט און עס לאזט זיך אויס—מיט א ברכה פון די עלטערן און א חופּה.

די בחורים און מיידלאך זיינען געשטאנען אין א ראד. שושנה איז געווען אינווייניג און עמיהוד אין דרויסען. קיינער האט איהם נישט געוואָלט דורכלאָזען אין ראָד אריין. ענדליך האט ער זיך ארייגעריסען.

האט דאָך יעצט די טויב—שושנה—געדארפט ארויסלוי־פען. איז זי געבליבען שטעהן און גליקליך געשמייכעלט. עמי־הוד איז צו איהר צוגעלאָפען. זי האט איהם אנגענומען פאר'ן האנד און ליעב געקוקט אין די אויגען. ער האט זי גענומען

אונטער'ן ארעם, ארויסגעפיהרט פון ראָד און אוועק אין די וויינגערטנער שפּאַצירען.

א זיס ציטערן איז דורכגעלאָפען עמיהוד'ען. פאר פרייד און איבעררא‎שונג האט ער נישט געקענט עפענען דאס מויל. אין שושנה'ס הארץ איז אויך געווען א גרויסער שטורם. זי האט זיך אבער בעהערשט און מיט אראפּגעלאזטע אויגען האט זי געמורמעלט:

— וואס וועט זיין מיט דער טויב וואס האט זיך אליין איבערגעגעבען אין די הענד פון שפּארבער, וואס האט זי געוואלט פאנגען?...

— יעדעס עוף ציהט צו זיין מין — האָט עמיהוד געזאָגט — אויב ער האָט געבענקט נאָך דער טויב איז ער איהר פאָר...

מיט אמאָל האָט די מוזיק אָנגעהויבען שפּילען. די עלטסטע זענען שוין אָנגעקומען. עס הויבען זיך אָן די צערעמאָניעס פון שליסען שדוכים.

די פייפלען האָבען אָנגעהויבען פייפען; די צימבלען צו צימבלען. די מוזיק האָט געשפּילט דאָס נאציאָנאלע געזאנג. און די מיידלעך האָבען צוגעזונגען:

בחור, בחור, הויב אויף דיינע אויגען,
זעה וואָס דו קלייבסט, זאָל גוט טויגען.
בחור, בחור, הויב אויף דיינע אויגען,
זעה וואָס דו קלייבסט, זאָל גוט טויגען.

עמיהוד'ס הארץ האָט געצאַפּעלט פאר אויפרעגונג און ער האָט געזאָגט מיט געבעט:

—גאָט! ווי גליקליך וואָלט איך געווען צו הערען דאס פון מיין געליבטע, די שענסטע פון אלע טעכטער!

שושנה האט גליקליך געשמייכעלט. א קוואל פון ליעבע האָבען איהרע אויגען געגאָסען אויף איהם. מיט דעם זעלבען נגון האָט זי איהר זיסע שטימע אויפגעהויבען און געזונגען:

—קוק נישט, בחור, אויף שעהנקייט!...

— ווי זאָל איך נישט קוקען אויף שעהנקייט, אז די שענסטע שטעהט פאר מיר — האָט עמיהוד אָבגעענט-

פּערט — דו ביזט די שענסטע פון אַלע ציון'ס טעכטער. דיין משפּחה איז די גרעסטע. דער רוהם פון דיין פאָטער'ס הויז געהט איבער'ן גאַנצען לאַנד. און פרום ביזטו — ווער נאָך ווי איך ווייס דיין פרומקייט און דיין גרויסע ליעבע צו דיין גאָט און דיין פאָלק.

— אין איין רגע האָסטו מיך שוין אזוי פיעל אנגעלויבט — האָט שושנה איהם געענטפערט — און דאָס איז שטענדיג מיט אייך מענער. דו האָסט אזוי גוט אויסגערעכענט אז איך בין פאַר דיר. איך, מיין פאַמיליע, — אַלץ איז פאַסיג פאַר דיר. איך האָב גאָרנישט אוסגערעכענט. דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב דיך דערזעהן האָב איך דיך ליעב בעקומען.

— גרויס איז דיין חסד, גאָט — האָט עמיהוד פון טיעפען הארצען אויסגעשריגען — האָסט מיך געפיהרט אין ריכטיגען וועג און מיר באשערט אַ גליק, וואס איך האָב גאָר נישט דערוואַרט.

— ווייסטו אז דעם סוד פון מיין ליעבע צו דיר האָב איך נישט פערבאָרגען אין הארצען — האָט שושנה איהם דערצעהלט — איך האָב עס אויסגעזאָגט מיין מאַמע. מיין מאַמע האט עס דערצעהלט דעם טאַטען. זיי זענען צופרידען דו געפעלסט זיי. זיי האָבען דיך אויך ליעב. לאָמיר געהן צו זיי נעמען זייער ברכה. זיי זיצען צווישען די עלטסטע. לאָמיר געהן צו זיי אין דער גוטער שעה און זיי וועלען אונז בענטשען אין נאָמען פון גאָט.

שנעל ווי די אינדען זענען זיי געלאָפען אין גאַרטען צו דער גרויסער סוכה. דאָרט זענען געזעסען די עלטסטע לייט פון ירושלים. די צוויי תנאים יוסי, דער אַלטער כהן אלעזר בן חרסם. זיין איידעם רציץ, חוניו, דער כהן גדול. מתתיהו הכהן, דער חשמונאי מיט זיינע דריי עלטערע זיהן. הורקנוס און שמעון דער אויפזעהער איבער'ן בית המקדש.

חנה, רציץ'ס ווייב און איהר יונגערע שוועסטער שלומית, הורקנוס' ווייב, האָבען זיך געפּאָרעט ביי די טישען און אַנגעוויזען די דינער ווי שענער און ריינער צו גרייטען פאַר די געסט.

אז עמיהוד מיט שושנה'ן זענען צוגעקומען זענען שוין

געשטאַנען פאַרלעך און געוואַרט צו קריגען די ברכה פון די עלטסטע. עמיהוד און שושנה זענען צוערשט צוגעגאַנגען צו איהרע עלטערן. רציץ און חנה האָבען זיי אַרומגענומען און געדריקט צום הארצען און זיי געגעבען זייער הייסע ברכה. חנה האָט זיך געוואָרפען אויף איהר טאָכטער׳ס האַלז און שטארק געוויינט. שושנה האָט אויך געוויינט. דאָס איז אָבער געווען טרערען פון פרייד און גרויס גליק.

די צוויי תנאים, עמיהוד׳ס רבי׳ס, האָבען איהם אויך געבענשט. יוסי בן יועזר האָט איהם געוואונשען אז דאס הויז וואָס ער בויט זאָל זיין א "פערזאמלונגס־הויז פאר קלוגע און געלערנטע". יוסי בן יוחנן האָט איהם געוואונשען זיין הויז זאָל זיין "ברייט אָפען פאר אָרימע לייט". ער האָט איהם אויך אָנגעזאָגט, ער זאָל נישט רעדען צופיעל מיט׳ן ווייב...

דער עולם האָט געגעסען און געטרונקען און זיך געלאָזט וואוילגעהן. נייע פאַרלעך זיינען געקומען זיך לאָזען בענטשען. די מוזיק האָט געשפּילט און די פרייד איז געווען גרויס.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט א שטורם פון טרומפּייטען און פּויקען. עס האָט זיך געטראָגען דאָס קול פון א גריכישען מיליטער־מארש. די אידישע מוזיק איז אַנטשוויגען געוואָרען. א גרויסער טומעל האָט זיך אויפגעהויבען.

אַלע זענען דערשראָקענע ארויסגעלאָפען פון סוכה און זיי האָבען דערזעהן ווי די אידישע טעכטער צולויפען זיך אין גרויס שרעק. עס האָט אויסגעזעהן ווי טויבען לויפען צוריק אין טויבענשלאַק.

וואָס איז דאָ געשעהן ? וואָס איז דאָס געלויף ?

באַלד איז קלאָר געוואָרען. א מחנה גריכישע מיליטער־פיהרער מיט העלעניסטען, אידישע פעררעטער, זענען אָנגעלאָפען אויף דעם טאַנץ־פּעלד, האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די קליידער און געבליבען שטעהן נאַקעט. די העלעניסטען האָבען זיך אויך אויסגעטאָן נאַקעט, נאָר אויף די געזיכטער האָבען זיי געטראָגען מאַסקעס, מען זאָל זיי נישט דערקענען.

זיי האָבען זיך נאַקעטערהייט אוועקגעשטעלט פאַר די אויגען פון די אידישע טעכטער און אָנגעהויבען שפּילען א גריכיש שפּיעל.

די צניעות׳דיגע אידישע מיידלעך האָבען זיך פערשעמט

און דערשראָקען און זיינען זולאָפּען אויף אלע זייטען. זענען די אונפערשעמטע העלעניסטען זיי נאָכגעלאָפען און גע־וואָלט זיי צוריקטרייבען אויפ'ן טאַנץ־פעלד. העכער פון אלע האט געשריגען די אויסגעלאסענע פרייני, די פערעטערישע כהן־טאָכטער, זי האָט געוואָלט גערונ׳ען די אידישע טעכטער און זיי אָנגערעדט צוריקצוגעהן צו רוקען ווי די נאַקעטע גריכען און העלעניסטען שפּילען.

די עלטסטע זענען דערציטערט געוואָרען פון דעם שרעק־ליכען אונווירדיגען בילד. זיי האָבען צוריסען זייערע קליי־דער און געשריגען:

— אוי, וועה, וואָס פאַר אן אונווירדיגקייט עס איז צו ירושלים געטאָן געוואָרען!

הורקנוס האָט געברענט ווי פייער פאר צאָרן. די אויגען זיינע זיינען געווען ווי שטורקאַצען אין אַ פינסטערער נאַכט. ער האָט אַ שטאַרקען פייף געטאָן. עס איז צוגעשפרונ־גען צו איהם איינער פון זיינע בעגלייטער און אויך אָנגע־הויבען פייפען.

אַ מחנה סאָלדאַטען מיט פערדבייטשען אין די הענד האָ־בען איהם ארומגערינגעלט און זיך געלאָזט לויפען צווישען די קוסטעס. הורקנוס האָט בעפוילען אלע בחורים צו שטעלען זיך אין רייהען, ער, רציץ און מתתיהו דער חשמונאי זענען געוואָרען די אנפיהרער און זיי זענען אוועק צום טאַנץ־פעלד, וואו די גריכישע מיליטער פיהרער האָבען געהוליעט.

— ארויס פון מיין פעלד! — האָט רציץ צו זיי געשריגען

— נאַקעטע קענט איהר דאָ נישט זיין. וועט איהר גלייך דאָס אָרט נישט פערלאָזען וועט בלוט פערגאָסען ווערען. איהר וועט מוזען אָבגעבען דין וחשבון דעם קעניג. דער קעניג האָט אייך געשיקט צו האַלטען אָרדנונג, נישט צו בעליידיגען אונז.

די מיליטער פיהרער האָבען זיך דערשראָקען. זיי האָבען געזעהן אז רציץ איז גערעכט. האבען זיי זיך שנעל אנגעטאָן און ווי אויסגעפאַטשטע גיך אַוועק.

הורקנוס האָט צוריקגעפיהרט די בחורים צו דער סוכה. און פּלוצלינג איז אָנגעלאָפען אַ מחנה העלעניסטען, וואָס הורקנוס' סאָלדאַטען האָבען צוזאַמענגעטריבען אהער. ווי

מלחמה־געפאנגענע זענען זיי געווען ארומגערינגעלט פון הורקנוס׳ סאָלדאטען פון איין זייט און פון די בחורים פון דער צווייטער זייט.

— בלייבט דאָ ! — האָט הורקנוס בעפוילען — ביז די עלטסטע וועלען בעשטימען אייער שטראָף פאר דער גרויסער שאנד וואָס איהר האָט געטאָן צו ירושלים.

שושנה מיט איהר מוטער און די אנדערע געעהרטע פרויען זענען גיך אוועק אין זומער־פּאלאץ, זיי זאָלען נישט זעהן די שטראָף, וואָס די העלעניסטען וועלען קריגען.

איינציגווייז זענען די געפאנגענע פערדעטער אריינגעפיהרט געוואָרען אין סוכה. מען האָט אראָבגעריסען פון זיי די מאַסקעס און מען האָט דערזעהן אז א סך פון זיי זיינען קרובים פון די עלטסטע, וואָס זיצען צווישען די ריכטער.

דאָ איז געווען יאזאן, דעם כהן גדול׳ס ברודער. אלקימוס יוסי׳ס פּלימעניק, מענעלאס, דער ברודער פון שמעון דער אויפזעהער איבער׳ן בית המקדש, זיין אינגערער ברודער ליסימכאס. נאָך א סך כהנים און אנגעזעהענע לייט. אויך אן אלטער מאן איז געווען צווישען זיי. חורן, הורקנוס׳עס עלטסטער ברודער און די אויסגעלאסענע פריינד.

די עלטסטע האָבען ארויסגעגעבען זייער אורטייל : די וואָס האָבען זיך נישט אויסגעטאָן נאקעט, זאָל מען שטארק אויסזידלען. און די נאקעטע זאָל מען שלאָגען "מלקות", פערציג שמיץ זאָל יעדער פון זיי בעקומען.

דעם כהן גדול׳ס ברודער יאזאן און דער אלטער חורן זענען נישט געווען נאקעט, זענען זיי אָבגעקומען גרינג, אלקימאס, יוסי׳ס פּלימעניק, האָט געקראָגען די שמיץ. דער פעטער אליין האָט געהייסען איהם שמייסען. מענעלאס און ליסימכאס האָבען אויך געקראָגען געשמיסען, כאָטש זייער ברודער שמעון, דער בית המקדש אויפזעהער האָט זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאר זיי.

ער האָט זיך שטארק געקריגט מיט דעם כהן גדול חוניו. אז שמעון האָט געזעהן אז זיינע רייד העלפען נישט, האָט ער אלעמען געזידעלט און געשאָלטען און איז ארויסגעלאָפען בייז.

די עלטסטע האָבען געזעהן אין דעם א צייכען, אז ער

האלט מיט די העלעניסטען און זייער הארץ האט זיך גע־
שראקען, ער זאל נישט פערשוועכען דעם כבוד פון בית
המקדש, וואס ער איז זיין אויפזעהער.

אויף דער כהנים־פאמיליע בלגי, וואס האט אזא טאכטער
ווי פרייני זענען די עלטסטע אויך געווארען בייז. די עלטסטע
האבען געזאגט, אז איהרע עלטערען זענען שולדיג, וואס זי
איז אראפ פון גוטען וועג. וואלטען זיי געווען פרומע, וואלט
זי נישט געקענט זינדיגען. ווי זאגט מען : "וואס די אלטע
ברומען, זינגען די יונגע".

די פרומע האבען זיך נישט בערוהיגט און געשיקט אנ־
זאגען דעם קעניג סעלייקוס פון דער שאנד, וואס זיינע מי־
ליטער־בעאמטע האבען געטאן צו די אידען. דער קעניג איז
שטארק בייז געווארען. ער האט אראפגעזעצט די אלע מילי־
טער־בעאמטע פון זייערע שטעלעס און דאס מיליטער האט
ער ארויסגעצויגען פון ירושלים און אוועקגעפיהרט אין די
גרעניץ־שטעדט.

ער האט בעפאלמעכטיגט דעם כהן גדול צו הערשען אין
קעניג'ס נאמען אין ירושלים און אבצוהיטען די אידישע
אמונה לויט די לעהרען פון גאט'ס תורה.

אין די הייזער פון די פרומע איז די שמחה געווען גרויס.
און די העלעניסטען האבען זיך שטארק געשעמט. זיי האבען
געהאט א גרויסע מפלה.

דעמאלט איז מיט גרויס פאראד געפייערט געווארען די
חתונה פון עמיהוד מיט שושנה'ן. נאך דער חתונה זענען זיי
געפאהרען מיט זייער שוואגער הורקנוס אין זיין פעסטונג
תירם און זיך דארט בעזעצט.

אז דאס סירישע מיליטער איז אוועק פון ירושלים, איז
פרייני פערשוואונדען געווארען. מען האט געזאגט, אז זי איז
נאכגעלאפען איהר גריכישען געליעבטען. זי האט געבראכט
גרויס שאנד אויף איהר פאטער'ס הויז און איהר כהנים־פא־
מיליע, וואס איז געווען פון די פיער און צוואנציג כהנים־
אבטיילונגען אין בית המקדש.

דער כהן גדול חוניו איז געווארען זעהר שטרענג. ער האט
שטארק גע'רודפ'ט די העלעניסטען און אלע אידישע פער־
רעטער. דעם אויפזעהער שמעון, מענעלאס'עם ברודער, האט

ער ארויסגעטריבען פון הייליגען לאנד. הורקנוס'עס ברודער חורן און די אנדערע טוביה'ס קינדער, וואס זענען געווען העלעניסטישע פיהרער, האט ער אויך פערטריבען. ער האט געווארפען א שרעק אויף די אויסגעלאסענע. און זיי האבען מורא געהאט צו טאן זייערע ווילדע מעשים אין דער אפענקייט.

נאר וואס שטארקער די פרומע זענען געווען און געדריקט די פאררעטער און אויסגעלאסענע אלץ איינגעשפארטער אין זייער שלעכטס און פעררעט זיינען די העלעניסטען געווארען. און שטילערהייט האבען זיי געזוכט עצות אויסצופיהרען זייער בייזען ווילען.

---

אזוי לאנג ווי סעלייקוס דער פערטער האט געלעבט איז די רעגיערונגס־מאכט געווען אין די הענד פון די פרומע. דער כהן גדול חוניו און דער מיליאנער רציץ זענען געווען די אנפיהרער. עמיהוד איז אויך געווען זעהר רייך. פינף יאהר נאך דער חתונה האט איהם זיין ליעבע און געטרייע פרוי שושנה געבוירען א איינגעל — אלעזר. עמיהוד האט ארויסגעהאלפען דעם שווער און דעם כהן גדול אין דער אידישער פיהרערשאפט. די אידען האבען געהאט צעהן גוטע, רוהיגע יאהרען.

פלוצלונג איז ווידער געקומען א שווערע צייט פאר אידען. אפאלאניוס, דער אראפגעזעצטער סירישער גענעראל איז צוריק דערהויבען געווארען און ער איז בעשטימט געווארען גובערנאטאר איבער ארם און צור. דער ארויסגעטריבענער בית המקדש אויפזעהער, שמעון, איז אוועק צו איהם און איהם דערצעהלט אז אין די שאצקאמערען פון בית המקדש איז דא א גרויס פערמעגען. דאס געלד זאמלען די אידען צו קויפען געוועהר, זיי זאלען קענען מאכען אן אויפשטאנד קעגען זייערע סירישע אויבערהערשער.

מיט זיין מסירה האט שמעון געוואלט אויפרייצען סיריען געגען די פרומע אידען. אפאלאניוס האט זיך דערמאנט אז דורך די פרומע אידען האט ער געליטען גרויסע חרפות, ער איז אראפגעזעצט געווארען פון זיין אמט, האט ער פער־

מוסר'ט די אידען פאר סעלייקוס'ען. דער קעניג איז דעמאָלט געווען זעהר געדריקט. ער האָט נישט געהאַט צו צאָהלען דעם יעהרליכען צינז צו רוים, האָט ער געשיקט זיין גענעראל הי־ליאדאראס נאָך ירושלים, ער זאָל צונעמען דאָס גאנצע גאָלד וואָס ליגט אין די שאַצקאַמערען פון בית המקדש און עס ברענגען אין זיין הויפּטשטאָדט אַנטיוכא.

אז דער גענעראל איז געקומען מיט זיין ארמעע נאָך ירושלים און איבערגעגעבען דעם קעניגליכען בעפעהל צום כהן גדול חוניו, האָט חוניו זיך דערשראָקען און געבעטען דעם גענעראל ער זאָל נישט טאָן דאָס פערברעכען.

— גענעראל, דאָס געלד איז פאר יתומים און אלמנות, מיר שפּייזען דערמיט די אָרימע, נעמט דאָס נישט, עס איז א פערברעכען צו בערויבען גאָט'ס אוצרות!

הילאדאראס האָט איהם נישט געוואָלט פאָלגען. ער מוז אויספיהרען דעם קעניגליכען בעפעהל, האָט ער געזאָגט, און זיך געוואָלט מיט געוואלט אריינברעכען אין גאָט'ס הויז.

א גרויסער טומעל איז געוואָרען אין בית המקדש. גרויס טרויער האָט זיך פערשפּרייט אין שטאָדט. מענשען זענען געגאַנגען אין די גאַסען און געוויינט. פרויען זענען געגאַנגען פער־שוועכען גאָט'ס הייליגקייט. דער כהן גדול האָט אויסגע־שטרעקט די הענד צום הימעל און געבעטען צו גאָט נאָך הילף.

אז הילאדאראס איז צוגעקומען צום היכל האָט ער דער־זעהן א שרעקליך בילד. א ריזיגער רייטער אויף א פייערדיג פערד לויפט־אן גלאַך אויף איהם. צוויי יונגע לייט אָנגע־טאָן אין ווייסען, זעהען אויס ווי געטליכע מלאכים, בעפאלען איהם פון אלע זייטען און שלאָגען איהם מיט גרויס צאָרן.

הילאדאראס איז פאר גרויס שרעק געפאלען אין חלשות. אז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבען די צוויי בחורים זיך ווידער בעוויזען צו איהם און איהם שטרענג בעפוילען, ער זאָל איבערבעטען דעם כהן גדול.

— מיר וואָלטען דיך געווען געטויט, ווען נישט דער כהן גדול, וואס האט געבעטען פאר דיין לעבען.—האבען זיי איהם געזאָגט.

הילאדאראס האט זיי געפאָלגט. ער האט געלאָזט מקריב זיין א קרבן און געדאַנקט חוניו'ן. ער האָט גענומען זיין אַר־

מעע און זיך אומגעקערט צום קעניג סעלייקוס און איהם אזוי געזאגט:

— הערר קעניג, איב דו האסט א פיינד, וואס דו ווילסט איהם אומברענגען, שיק איהם נאך ירושלים צו פערשוועכען גאט'ס הויז, דער גאט פון ירושלים איז א פורכטבארער, ווער עס בעליידיגט איהם, געהט נישט ארויס ריין.

שמעון האט אבער נישט גערוהט. ער איז ווידער געגאנגען צו אפאלאניוס'ען און איהם געזאגט אז דער כהן גדול האט געטאן כשוף אבצושרעקען היליאדאראס'ן. אפאלאניוס האט געפרובט ווירקען אויף סעלייקוס'ן, ער זאל שיקען א נייע אר־מעע נאך ירושלים צו נעמען דאס גאלד פון בית המקדש. דער קעניג האט אבער מורא געהאט דאס צו טהאן און דערוועקען אויף זיך דעם צארן פון אידישען גאט. ער האט זיך אבער גע־לאזט צורעדען צוריקצוגעבען דעם ארויסגעטריבענעם שמעון זיין אמט אין בית המקדש. אפאלאניוס האט איהם געהאלפען. שמעון האט גלייך צוריקגעבראכט טוביה'ס ארויסגעטריבענע קינדער נאך ירושלים.

די פעררעטערישע העלעניסטען האבען צוריק אויפגעהוי־בען דעם קאפ, און די קריגערייען און רייסערייען צווישען די אידישע פארטייען האבען זיך פערשטארקט מיט נאך גרע־סערן פייער.

דער כהן גדול חוניו האט געזעהן אז די העלעניסטען פיה־רען זיך זעהר פרעך פאר אלעמענס אויגען, און דער גובער־נאטאר אפאלאניוס העלפט זיי, האט ער מורא געהאט זיי זאלען נישט געווינען אויף זייער זייט אויך דעם קעניג, האט ער אויסגעקליבען עטליכע בעריהמטע לייט פון דער פרומער פארטיי און ער איז מיט זיי אוועק נאך אנטיוכא רעדען מיט'ן קעניג און איהם בעטען, צו האלטען טריי דעם בונד, וואס זיין פאטער אנטיוכוס דער גרויסער האט געשלאסען מיט די אידען.

איידער חוניו האט פערלאזט ירושלים האט ער איבערגע־לאזט זיין ברודער יאזאן אלס זיין שטעלפערטרעטער.

חוניו איז געוועזען ביים קעניג און איהם דערצעהלט די וויל־דע זאכען, וואס שמעון מיט זיינע מענשען טוען אין ירושלים.

דער קעניג איז געוואָרען זעהר בייז און בעפוילען צו ברענ־גען פאר איהם שמעון'ען געשלאָסען אין קייטען.

עס האט איהם אויך פערדראסען אויף אפּאלאניוס'ן און ער האָט געשיקט נאָך איהם, ער זאָל קומען דערקלערען, פאר־וואָס ער העלפט די באנדע רוה־שטערער צו העצען די אידען איינעם אויפ'ן אנדערן.

אז די סאָלדאָטען זיינען געקומען ארעסטירען שמעון'ען, האָט ער געוואוסט אז ער וועט קריגען ביים קעניג זיין פער־דינטע שטראף, האָט ער זיך אויף א מינוט אָבגעבעטען ביי די סאלדאטען, איז ארויס אין גאָרטען און האט זיך אויפ־געהאנגען.

אפּאלאניוס איז געפאָהרען זיך צו פערענטפערן פאר'ן קע־ניג. איז אבער א גרויס אונגליק געשעהן. איינער פון דעם קע־ניג'ס גענעראלען איז געוואָרען אין כעס אויפ'ן קעניג און ער האָט איהם פער'סם'ט. דער גוטער קעניג סעלייקוס איז געווען טויט און זיין איינגערער ברודער אנטיוכוס איז געוואָ־רען קעניג.

צוליעב דעם איבערבייט, איז חוניו נאָך פערבליבען אין אנטיוכא. ער האָט געוואָלט רעדען מיט דעם נייעם קעניג און איהם געווינען אויף זיין זייט. אפּאלאניוס האָט זיך אָבער געפעדערט, געווען פריהער ביים נייען קעניג און אויסגערעדט שלעכטס אויף חוניו'ן און די פרומע אידען.

— זיי שפּעטען פון אלע געטער פון אַנדערע פעלקער — האט ער געזאגט דעם קעניג—זיי אונטערדריקען יעדען אי־דען, וואס וויל זיך פיהרען אנדערש.

אפּאלאניוס האט געשטעלט אלס עדות די מיליטער פיה־רער וואס זיינען מיט איהם געשטאנען אין ירושלים, און זיי האבען אויך אנגערעדט פיעל בייז אויף די אידען.

אנטיוכוס, דער נייער קעניג, האט גערופען צו זיך דעם כהן גדול חוניו און שטרענג פערזאָגט :

— פערבלייב אין דער הויפּט שטאָדט מיינער, זאָלסט נישט ארויסטרעטען פון איהרע גרעניצען ביז איך וועל אלץ אויספאָרשען.

אז די טרויריגע נייעס איז אָנגעקומען אין ירושלים, זיי־נען די פרומע געוואָרען שטארק פערזארגט. די העלעניסטען

האבען זיך שטארק געפרעהט און געטאנצט אין די גאסען. זיי האבען שטילערהייד געשיקט שלוחים נאך אנטיוכא, זיי זאָלען צוזאמען מיט זייערע בעקאנטע גענעראלען איבעררעדען דעם קעניג און איהם געווינען אויף זייער זייט.

חוניו האט געזעהן אז די ארמעע פון זיינע פיינד ווערט אלץ גרעסער. ער האט מורא געהאט זיי זאלען איהם נישט טויטען און איז אנטלאָפען נאך דאפנא, א גריכישע עיר מקלט, וואס יעדער אנטלאָפענער איז דארט געווען זיכער מיט זיין לעבען.

אויף אן אונערהערליכען וועג איז אנטיוכוס געוואָרען קעניג. דער טראָהן האט גאָר געהערט צו זיין עלטערן ברודער די־מיטריוס. איז זיין עלטערער ברודער געוועזן אין רוים ווען סעלייקוס איז ערמאָרדעט געוואָרען, האָט ער פערכאַפּט די מלוכה. ווי אונעהרליך ער האט פערכאפט די קרוין אזוי דום, נאריש און שלעכט האט ער געפיהרט זיין הערשאפט. ער איז געוועזן א ווילדער און האלב־משוגע.

אין די הענד פון א האלב־משוגענעם קעניג איז איבערגע־ענטפערט געוואָרען דאָס שיקזאַל פון אידישען פאָלק. און זייט אידען זיינען געוואָרען א פאלק האבען זיי נישט געהאט אזא עת צרה, אַזא שרעקליכע צייט ווי אין זיינע טעג.

אנטיוכוס האט גלייך געוואָרפען אן אויג אויף מצרים. ער האָט זי געוואָלט איינגעמען. אָנגעהויבען האָט ער מיט די לענדער פון יענער זייט ירדן, וואָס זיין פאָטער האָט געגעבען נדן צו זיין טאָכטער קלעאָפּאטרא. די אידישע פערטרעטער האָבען איהם אויסגעזאָגט אז לעבען חשבון אין דער פעסטונג תירם וואוינט הורקנוס דער צינזען־מייסטער. ער האט מיט זיך אַ שטארקע אַרמעע, און אַזוי לאַנג הורקנוס לעבט וועט אַנטיוכוס נישט קענען איינגעמען די לענדער, ער וועט אויך נישט קענען בעזיגען מצרים.

האט אנטיוכוס גלייך געשיקט זיין גענעראַל אפאלאניוס מיט א גרויסע ארמעע אויף הורקנוס׳ן.

אפּאלאניוס האָט געטראָגען אן אַלטען האַס אויף הורקנוס׳ן איז ער ווילד בעפאלען די פעסטונג תירס. די העלעניסטען טוביה׳ס קינדער האָבען איהם איבערגעגעבען די געהיימניסע פון דער פעסטונג, האט ער זי באלד איינגענומען. אז הורקנוס

האט געזעהן אז ער איז פערלוירען, האט ער זיך דערשטאָכען מיט זיין אייגענע שווערד.

אפאלאניוס האט אויסגעקוילעט אלע איינוואוינער פון תירס. קיין איין לעבעדיגען נפש האט ער נישט איבערגעלאָזט. דאָס גאנצע פערמעגען האָט ער פערנומען פאר זיין קעניג. ער האט פערניכטעט די פעסטונג און דעם פאלאץ. אין איין טאָג האט זיך אויסגעגאָסען דאס גאנצע אונגליק אויף הורקנוס'ן און זיין הויז־געזינד.

אז די טרויעריגע נאכריכט איז געקומען נאָך ירושלים האבען אלע פרומע לייט געוויינט און געקלאגט. הורקנוס איז געווען אן עהרליכער און פרומער איד און האט געטהאָן א סך צדקה.

נאָר די העלעניסטען האבען זיך געפרעהט, זיי האבען דערלעבט נקמה. יאזאן דעם כהן גדול'ס שטעלפערטרעטער האט גענומען דאס גאנצע גאָלד פון בית המקדש, וואס הורקנוס האט דארט בעהאלטען און געשיקט א מתנה צום קעניג אנטיוכוס און איהם געבעטען, ער זאָל אראָפּזעצען חוניו'ן פון דעם הייליגען אמט און איהם, יאזאנ'ען, בעשטעטיגען אלס כהן גדול אויף זיין גאנץ לעבען.

אנטיוכוס האט אזוי געטהאָן. יאזאן איז געוואָרען כהן גדול. באלד האָט ער איינגעפיהרט די גריכישע שפיעל־הייזער אין ירושלים. ער האָט אריינגעבראכט די גריכישע אויסגעלאַסענהייט אין דער הייליגער שטאָדט.

און צו זיין זיכער אז די פרומע וועלען זיי נישט שטערען אין זייער אויסגעלאסענקייט, האבען זיי זיך בעפעסטיגט אין דער פעסטונג אקרא, געגענאיבער דעם בית המקדש.

דארט זיינען זייערע יונגען געגאנגען נאקעט ביים שפילען די אויסגעלאסענע גריכישע שפילערייען. דאס אויסגעלאסענהייט האָט זיך פערשפרייט. א סך כהנים האָבען פערנאכלעסיגט דאס הייליגע דיענסט אין גאָט'ס הויז און בעסער געשפיעלט מיט די העלעניסטען.

א סך העלעניסטען האָבען אויפגעהערט מל זיין זייערע קינדער, מען זאל שפעטער נישט דערקענען אז זיי זיינען אידען. א גרויסער טייל פון פאָלק האָט זיך בלינד נאָכגעשלעפט נאָך די פארפיהרער. די פרומע האבען דאס געזעהן און זייערע

הערצער זיינען צוגאַנגען פאר וועהטאַג. זיי האָבען אָבער מורא געהאַט ארויסצוגעהן אין א קאמף מיט זיי, ווייל דער קעניג האט געהאַלטען מיט די פעררעטער.

די העלעניסטען האבען זיך נאָכמעהר צוגע׳חנפ׳עט צו די גריכען. זיי האָבען געהערט אז אין צור וועט געפייערט ווערען א גרויסער יום טוב פאר דעם אָבגאָט "הערקולעס" און אז דער קעניג וועט זיין דארט. האבען זיי צוגערעדט יאזאנען, דעם כהן גדול, ער זאל שיקען פערטרעטער צו דעם יום טוב און זיי מיטגעבען דריי הונדערט גאָלדשטיק, זיי זאָלען קענען מקריב זיין א קרבן צום אָבגאָט און בעווייזען, אז די אידען גיבען אָב עהרע דעם גריכישען אָבגאָט.

יאזאן איז אבער אזוי פערדאָרבען נאָך נישט געווען. ער האט נישט געוואָלט פערשוועכען זיין הייליגען אמט און שיקען קרבנות צו פרעמדע אָבגעטער. האָט ער געהייסען זיינע פערטרעטער וואס ער האט געשיקט, זיי זאלען דאס געלד שענקען אויף דעם קעניג׳ס פלאָט.

דאס האט פערדראָסען די אידישע פעררעטער. זיי האבען בעשלאָסען אראָפּצוּוואַרפען יאזאנ׳ען פון אמט און בעשטימען א כהן גדול פון זייערע לייט, וואס שטאַמט נישט פון אהרן הכהן.

די גריכישע פריסטער, האבען זיי געזאגט, ירשנ׳ען נישט דעם אמט, נאָר יעדער ווערט אויסגעקליבען צו זיין א פריסטער. וועלען זיי אויך אזוי טהאָן.

די פעררעטער האָבען אויסגעקליבען מענעלאס׳ען, יאזאן׳ס חבר. יאזאן האט מיט מענעלאס׳ן געשיקט דעם יעהרליכען צינז צו אנטיוכוס׳ן, האט מענעלאס פארגעלייגט דעם שלעכטען קעניג אראפּצוזעצען יאזאנ׳ען און איהם בעשטימען אלס כהן גדול. וועט ער איהם צאָהלען מעהר מיט דריי הונדערט צענטער גאָלד א יאהר און ער וועט אין גאנץ יהודה איינפיהרען דאס גריכישע דיענסט.

דער ווילדער קעניג האט זיך לייכט געלאָזט איבעררעדען. ער האט מיט איהם מיטגעשיקט אן ארמעע סאלדאטען צו פערטרייבען דעם אראפּגעזעצטען יאזאן און העלפען איינמאָנען די צינזען.

**יאזאן האָט געהאַט א בייזען סוף. ער האָט פערראטען זיין**

ברודער חוניו, איז געקומען זיין חבר מענעלאס און איהם פערראטען, ער האט איהם פעריאגט פון אידישען לאנד. יאזאן האט זיך בעזעצט אין עמון.

דאס פאלק אין ירושלים און יהודה איז שטארק פערבי־טערט געווארען. אזא שאנד איז נאך ביי אידען נישט געשעהן. א פרעמדער, נישט פון אהרן'ס קינדער, זאל ווערן א כהן. מע־נעלאס האט געשטאמט פון שבט בנימין. ער האט פערשוועכט דאס הייליגע הויז. דאס פאלק האט אבער געשוויגען אויס מורא פאר דער סירישער ארמעע, וואס מענעלאס האט מיט־געבראכט.

מענעלאס האט אבער נישט געקענט צונויפזאמלען די שווערע יעהרליכע צינזען, וואס ער האט צוגעזאגט דעם קעניג. האט ער ארויסגענומען די זילבערנע און גאלדענע כלים פון בית המקדש און זיי פערקויפט און איז אוועק צום קעניג מיט'ן געלד.

אלס שטעלפערטרעטער האט ער איבערגעלאזט זיין ברו־דער ליסימכאס. דער קעניג איז דעמאלט נישט געווען אין דער הויפט־שטאדט, ווייל ער האט דעמאלט בעלאגערט קילי־קיא, אין קליין־אזיען. האט אויף זיין ארט רעגירט דער מי־ניסטער אנדראניקאס.

דער אראפגעזעצטער כהן גדול איז נאך אלץ געווען אין דאפנא. ווען ער איז געוואהר געווארען פון דער שענד־ליכער טהאט, וואס מענעלאס האט געטהאן מיט די הייליגע כלים פון בית המקדש, האט ער אויפגעהויבען א שטארקען שטורם געגען דעם רויבען הייליגקייטען. אזא זאך איז אויך ביי די גריכען א גרויס פערברעכען.

מענעלאס האט זיך דערשראקען אז דאס וועט ברענגען זיין מפלה, האט ער אוועקגעגעבען דאס געלד פון די הייליגע כלים צום רעגענט אנדראניקאס און איהם אנגערעדט, ער זאל טויטען חוניו'ן.

אנדראניקאס האט געלאזט רופען צו זיך חוניו'ן און איהם צוגעשוואוירען אז קיין בייז וועט איהם נישט געשעהן. חוניו האט זיך געלאזט אבנארען, און ווי ער איז נאר ארויס פון די גרענעצען פון דאפנא, האט אנדראניקאס איהם גלייך ער־מארדעט.

דער שענדליכער מאָרד האט אויפגערעגט די גריכען. אלע האָבען געשריגען צום קעניג, ער זאָל נישט שווייגען דאָס אונ־שולדיג פערגאָסענע בלוט פון חוניו'ן. דער קעניג האָט זיך ניט געקענט העלפען. האט ער געהייסען אוועקפיהרען אנדראני־קאָס'ן צום פּלאַץ וואו חוניו איז געטויטעט געוואָרען און איהם געלאזט ערמאָרדען.

מענעלאס האָט געוואוסט אז נאָר מיט גאָלד וועט ער געווינען גענאָד ביים קעניג. האָט ער געהייסען זיין ברודער ליסימכאס, ער זאָל נעמען נאָך טייערע כלים פון בית המקדש און שיקען צו איהם.

דאָס האט שוין אנגעצונדען דעם צאָרן פון גאנצען פאָלק. דאס לאנד יהודה האט פערלארען דעם געדולד. און פון אלע שטעדט און דערפער זיינען מאַסען אידען געקומען נאָך ירושלים זיך נוקם זיין פאר דעם פערשוועכטען בית המקדש.

ליסימכאס האָט צוזאמענגערופען די העלעניסטען. דער אלטער פעררעטער, חוראן, הורקנוס'עס ברודער האָט זיך געשטעלט אן דער שפּיץ. דאָס סירישע מיליטער וואָס איז געווען אין ירושלים איז צוגעשטאַנען צו זיי. און עס האָט אויסגעבראָכען א שלאַכט אין די גאסען פון ירושלים.

דאָס אויפגערעגטע פאָלק האָט זיך נישט דערשראָקען פאר די סאָלדאטען מיט זייער געוועהר. מיט שטורם זענען זיי בעפאַלען די אידישע פיינדליכע פעררעטער, מיט שטע־קענס און שטיינער האָבען זיי אויסגע'הרג'עט די פעררעטער און זיי צוטריבען. ליסימכאס'ען האָבען זיי געפאנגען און אומגעבראַכט מיט א שרעקליכען טויט.

דעם גאנצען אויפשטאנד האָט דאָס פאָלק אליין גע־פיהרט. די געלעהרטע און די פרומע פארטיי האָבען זיך נישט געמישט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז דאָס וועט ברענגען א גרוים אונגליק אויפ'ן אידישען לאנד.

די פרומע האָבען געוואוסט אז מענעלאס וועט נישט שווייגען, ער וועט זיי פער'מסר'ען פאר'ן קעניג, האָבען זיי געשיקט דריי פערטרעטער פון די אנגעזעהענסטע לייט פון ירושלים, צו דערצעהלען דעם קעניג דעם גאנצען אמת און בעווייזען זייער גערעכטיגקייט און איבערצייגען דעם קעניג אז די גאנצע שולד פאלט אויף מענעלאס'ען.

דער קעניג האָט אָבער געגלויבט מענעלאס'ען און ער האָט די דריי אידישע פערטרעטער געהייסען אומברענגען.

אנטיוכוס איז נאכדעם געגאַנגען מיט אַ גרויסע אַרמעע אויף מצרים און זי בעזיעגט. איהרע אַרמעען האָט ער צו־שלאָגען און איינגענומען איהרע פעסטונגען. נאָר די הויפּט־שטאָדט אַלעקסאַנדריען איז איהם נישט געלונגען איינצו־נעמען. האָט ער בעשלאָסען אוועקצוגעהן אהיים און אָנזאַמ־לען נאָך אַ גרעסערע און שטאַרקערע אַרמעע און געהן אויפס־ניי אויף דער הויפּט־שטאָדט פון מצרים.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ פאַלשע נאַכריכט נאָך ירושלים. מען האָט דערצעהלט אז אַנטיוכוס האָט פערלוירען די מלחמה און ער איז געפאַלען אין שלאַכט. דאָס פאָלק האָט זיך גע־פרעהט. יאזאן האָט פערלאָזט עמון און צוזאַמענגעשטעלט אַ קליינע אַרמעע פון טויזענד מאַן און געגאַנגען אויף ירושלים.

מענעלאס האָט זיך בעפעסטיגט אין שטאָדט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע קריג צווישען די צוויי רשעים. מענעלאס האט געהאַט ווייניג אַנהענגער, האָט יאזאן גע־זיעגט. איז מענעלאס אַנטלאָפען אין פעסטונג אקרא און זיך דאָרט בעפעסטיגט.

אנטיוכוס האָט דערהערט וואָס אין ירושלים איז פאָר־געקומען, האָט אַ בייזער צאָרן צוברענט זיך אין איהם. און ער איז געגאַנגען מיט זיין אַרמעע אויף ירושלים.

ער האָט איינגענומען די הייליגע שטאָדט און געלאָזט אויסקוילען אַ סך איינוואוינער. אין דער צייט וואָס זיין מיליטער האָט געקוילעט דאָס פאָלק און גערויבט מענשען און פערמעגענס, האָט ער אַליין זיך אריינגעריסען אין בית המקדש און ארויסגענומען אַלע טייערע הייליגע כלים, וואָס מענעלאס און ליסימכאס האָבען נישט בעוויזען צו רויבען. ער האָט צוגענומען דעם שלחן, די מנורה, דעם גאָלדענעם מזבח און אַלדאָסגאָלד וואס איז נאָך געווען בעהאַלטען אין די שאַצקאַמערן.

דער בייזער קעניג האָט געוואָלט זיך גערעכט מאַכען אין די אויגען פון די פעלקער פאַר דעם שענדליכען פערברעכען, וואָס ער האָט געטאָן צו די אידען, האָט ער געזאָגט אַז אויס־

רייד, אז ער האָט אין "קדשי קדשים" געפונען אן אייזעל־קאָפּ אויסגעגאָסען פון גאָלד. און די אידען בוקען זיך צו דעם אייזעלקאָפּ.

ער האָט אויך געזאָגט, אז ער האָט געפונען אין בית המקדש א געפאנגענעם גרעק, וואָס די אידען האָבען געוואָלט מקריב זיין פאר א קרבן. יעדעס יאָהר מוזען די אידען קוילען פאר א קרבן א גרעק, האָט ער געזאָגט, זיי פּאשען אוים דעם גרעק, און נאָ:׳ן קוילען, שווערען זיי אויף זיין בלוט אייביגע פיינדשאפט און פערניכטונג צו אלע פעלקער.

אין די אלע בלבולים האָט מענעלאָס ארויסגעהאָלפען דעם ווילדען קעניג. אנטיוכוס האָט שטארק פערפאָלגט יאזאנ׳ען. יאזאן איז געווען יאָהרען לאנג נע־ונד ביז ער איז געקומען נאָך ספּארטא און דאָרט איז ער געשטאָרבען אין גרויס אָרימקייט.

אויפ׳ן אנדערן יאָהר איז אנטיוכוס ווידער געגאנגען אויף מצרים. און רוים האָט דאָס געוואָהר געוואָרען און איהם געלאָזט וויסען דורך דריי רוימישע קאָנסולען, ער זאָל לאָזען מצרים צורוה. ער האָט דאָס נישט געוואָלט טאָן, נאָר די מורא פאר רוים האָט איהם געצוואונגען דאָס צו טאָן. מיט פערבאָרגענעם האס און גרויס חרפּה האָט ער זיך אומגע־קערט אהיים.

ווי ער איז אָנגעקומען אין זיין הויפּט־שטאָדט האָט איהם מענעלאָס געלאָזט זאָגען, אז די אידען ווילען נישט צאָהלען די צינזען און ער האָט נישט גענוג קראפט איינצומאָהנען.

דער פערדאָרבענער פעררעטער האָט נישט געזאָגט דעם אמת צום קעניג, אז די אידען זענען שטארק פעראָרימט גע־וואָרען פון דעם אָנפאל, וואָס דאָס סירישע מיליטער האָט פאר־א־יאָהרען אויף זיי געמאכט און אלעמען בעראַבעוועט. ער האָט נישט דערצעהלט, אז דאָס פאָלק קען נישט צאָהלען די שווערע צינזען, נאָר גע׳מסר׳ט, אז זיי ווילען נישט צאָהלען.

דאָס איז פאר אנטיוכוס׳ען געווען ווי אויל אויפ׳ן פייער פון האס וואָס האָט געברענט אין זיין פערדאָרבען הארץ. ער האָט גלייך בעשטימט ד׳עם גענעראַל אפּאָלאָניוס אלס צינזען־

מייסטער פון לאַנד יהודה און איהם געשיקט אויף ירושלים מיט אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמעע.

אַפּאָלאָניוס איז געקומען נאָך ירושלים און געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ער איז געקומען צוליעב פריעדליכע צוועקען. עס איז געקומען שבת האָט ער אויסגעשטעלט די אַרמעע אין די גאַסען פון ירושלים. דאָס רוהיגע פאָלק האָט גאָרנישט פער־דעכטיגט און געקומען אין גרויסע מאַסען צוקוקען ווי ער וועט מושטירען די אַרמעע.

פּלוצלינג האָט אַפּאָלאָניוס געגעבען אַ סיגנאַל און די סאָלדאַטען זענען בעפאַלען דאָס רוהיגע פאָלק, אַ סך אויס־געקוילעט אויפ'ן אָרט. זיי האָבען זיך צושפּרייט איבער אַלע הייזער, געקוילעט און געשאָכטען און גענומען אַ סך רויב. פרויען און קינדער האָבען זיי געפאַנגען און אװעקגעפיהרט אין די גריכישע שטעדט צו פערקויפען פאַר שקלאַפען.

אַ גרויסער בראָך איז יענעם טאָג געשעהן צו דער שטאָדט ירושלים. אבער דער פערדאָרבענער קעניג איז נאָך נישט געווען צופרידען. ער האָט ארויסגעגעבען אַ שטרענגען בע־פעהל, אַז די אידען מוזען זיך שמד'ען. זיי מוזען פערלאָזען דעם גאָט פון זייערע עלטערען. זיי טאָרען נישט מל זיין די קינדער, מוזען ארבייטען אום שבת, עסען חזיר און דינען צו די גריכישע אָבגעטער. דער וואָס וועט נישט פאָלגען דעם קעניג'ס בעפעהל זאָל געטויט ווערען אויפ'ן אָרט.

אין דער שרעקליכער עת צרה איז ירושלים פערלאָזט גע־וואָרען פון איהרע בעסטע קינדער. די פרומע זענען אַנטלאָ־פען פון שטאָדט און זיך פערבאָרגען אין די הייהלען פון די בערג. אַרום זיי האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע טרייע, גאָטס־פאָרכטיגע אידען. און זיי האָבען זיך אַװעקגעלאָזט אין די שטעדט און דערפער און געשטאַרקט דעם מוטה פון פאָלק צו בלייבען געטריי דעם גאָט פון די עלטערן.

דער כהן מתתיהו, דער חשמונאי און זיינע זיהן זענען אַנטלאָפען נאָך מודיעין, אַ קליין פּראָווינץ־שטעדטעל. יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן, די צוויי תנאים, זענען געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון דאָרף צו דאָרף און געמונ־טערט דאָס פאָלק און געשטאַרקט זיין מוטה צו זיין געטריי דעם אידישען גאָט.

דאָסזעלבע האָט געטאָן רציץ און אַנדערע פרומע. זיי האָבען זיך מיאש געווען פון ירושלים. די הייליגע שטאָדט איז געווען צופיל פערשוועכט פון די אידישע פעררעטער.

עס איז נאָר געבליבען אין ירושלים דער אַלטער כהן אַלעזר בן חרסם. ער איז געווען צו אַלט צו לאָזען זיך אין וועג אַריין. עמיהוד האָט אויך געוואָלט פערלאָזען ירושלים און זיך אומקעהרען אויף זיין גוט אין עין גדי. נאָר איידער שושנה האָט געמאַכט אַלע פאַרבערייטונגען צו אַנטלויפען, איז געקומען אויף זיי דאָס אונגליק אומגעריכט.

אַנטיוכוס האָט געוואָלט אויספיהרען שטרענג זיין שמד-בעפעהל, האָט ער געשיקט נאָך ירושלים נאָך אַן ארמעע אָנגעפיהרט פון גענעראַל פיליפּאס, צו העלפען אַפּאָלאָניוס'ן אומברענגען די אידען. צו זיי זענען צוגעשטאַנען די אַלע מי-ליטער-פיהרער וואָס דער פערשטאָרבענער קעניג סעלייקוס דער פירטער האָט אראָפּגעזעצט אויפ'ן געבעט פון די פרומע. אַן אַלטער גריכישער פריסטער אפאסטאמאס איז מיט זיי מיטגעקומען איינצופיהרען דאס גריכישע געצענדיענסט אין גאָט'ס הויז.

דאָס ערשטע האָט ער דעם בית המקדש אַ נאָמען געגע-בען: "דער טעמפּעל פון צעאוס אָלימפּוס" — דער אויבער-געץ פון די גריכען. ער האָט געקוילעט אַ חזיר אויפ'ן הייליגען מזבח און דאָס חזיר'ישע בלוט געשפּריצט אויפ'ן "היכל" און "קדשי קדשים". דאָס פלייש פון חזיר האָט ער געגעבען צו עסען צו מענעלאָס'ען און זיינע פריינד. מיט דעם שמאַלץ פון חזיר האָבען זיי בעשמירט דאָס ספר תורה און שפּעטער עס אריינגעוואָרפען אין פייער און פערברענט. אפאסטאמאס האָט דעם זעלבען טאָג אריינגעשטעלט אַן אָבגאָט אין היכל פון אידישען גאָט.

די אַלע שענדליכקייטען זענען אָבגעטאָן געוואָרען דעם זיבעצענטען טאָג אין תמוז, דער טאָג פון אומגליק פאַר אידען.

ווען דער אַלטער גריכישער פריסטער אפאסטאמאס האָט פערשוועכט דאָס בית המקדש איז לעבען איהם געשטאַנען די פעררעטערין פריני, די אויסגעלאַסענע כהן-טאָכטער, וואָס האָט זיך גע'שמד'ט און חתונה געהאַט מיט איהר גע-

ליעבטען קלעסטענעס. איהר מאן איז געווען אן אנפיהרער פון מיליטער. אז זי האט געזעהן די שאנד, וואס ווערט גע־טאן צום הייליגען מזבח, האט זי געבריקעט אויפ'ן מזבח מיט איהרע פיס און מיט שפאט געזאגט:

— אוי, דו לוקוס (וואלף), אזוי פיעל אידיש געלד האסטו אויפגעפרעסען און דו שטעהסט זיי נישט ביי אין זייער נויט!

מענעלאס האט אנגעהעצט די גענעראלען אפאלאניוס און פיליפאס, אויפצוזוכען די פרומע אידען און זיי צווינגען צו שמד.

— אז די פרומע פיהרער ווילען זיך שמד'ען — האט מענעלאס זיי אויפגעקלערט — וועט דאס פאלק זיי נאכ־טאן. און אויב נישט, דארף מען זיי אויסראטען פון דער וועלט, ווילען זיי נישט שטערען דאס פאלק אבצוקערען פון אידישען גאט.

די עצה איז געפעלען געווען אין די אויגען פון די גרי־כישע גענעראלען. יעדען טאג האבען זיי געפאנגען פרומע אידען און געקוילעט אין מיטען גאס. גרוים טרויער האט געהערשט אין גאנצען לאנד. א יאמער־געשריי האט זיך גע־טראגען אין אלע שטעדט און דערפער פון יהודה.

גרעסער איז דער טרויער און דער יאמער געווען אין ירושלים, דא האבען די אידישע פעררעטער פער'מסר'ט די פרומע מעהר ווי אומעטום.

אין איינעם פון די דאזיגע שרעקליכע טעג האט עמיהוד זיך געגרייט צו פערלאזען ירושלים און זיך אומקערען מיט זיין הויזגעזינד אויף זיין גוט אין עין־גדי. איז ער אוועק אין דער פריה צו דער טאל־גאס, וואו עס האט געוואוינט דער אלטער אלעזר בן חרסם, זיין ווייב'ס זיידע. ער האט זיך גע־וואלט געזעגענען מיט דעם אלטען פאר'ן פערלאזען ירושלים.

ווי עמיהוד איז צוגעקומען צו דעם אלטען'ס הויז, האט ער דארטען געפונען א גרויסען עולם. א מחנה סאלדאטען האט ארומגערינגעלט דעם אלטען אלעזר און איהם אוועקגעפיהרט אין פעסטונג אקרא צו די גריכישע גענעראלען. ער האט זיך שטארק דערשראקען, דאס הארץ האט איהם געזאגט אז עס רוקט זיך אויף זיי א גרויס אונגליק.

דאָס פאָלק איז נאָכגעגאַנגען די סאָלדאַטען. עמיהוד האָט זיך אויסגעמישט מיט'ן עולם און אויך נאָכגעגאַנגען.

דער גענעראַל פיליפּאָס איז ארויסגעגאַנגען אנטקעגען דעם אַלטען. אלעזר בן חרסם איז געווען אין גאַנצען ווייס, ווייס ווי שניי. דער גענעראַל האָט אָנגעהויבען רעדען צו איהם ווייך:

— עסט, אַלטער, אַ שטיקעל חזיר, דאָס איז דעם קעניג'ס בעפעהל. איהר וועט ראַטעווען אייער לעבען.

— טו, גענעראַל, וואָס דו ווילסט — האָט דער אַלטער אלעזר פעסט געענטפערט — איך וועל גאָט'ס געבאָט נישט איבערטרעטען.

דער גענעראַל האָט איהם עפּעס איינגערוימט אויפ'ן אויער, האָט דער אַלטער צדיק הויך אויפגעהויבען זיין שטימע און געשריגען:

—דו הייסט מיר עסען אַ שטיקעל כשר פלייש, וואס דו וועסט מיר ברענגען, דו ווילסט נאָר אז דאָס פאָלק זאָל דאָס נישט וויסען און מיינען, אז איך עס חזיר! דו ווילסט איך זאָל אָפּנאַרען מיין פאָלק. עס וועט זעהן, וועט עס זאָגען, אז איך, דער נייַנציג יאָהריגער, עס חזיר בפרהסיה, מעג עס אויך עסען. ניין. דו קענסט מיך טויטען, איך וועל נישט טאָן דיין בעפעהל!

פיליפּאָס איז געוואָרען שטאַרק בייז און ער האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען שלאָגען דעם פרומען אַלטען. ווילד האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף איהם און מערדערליך געשלאָגען. די האָר פון זיין גרויער באָרד האָבען זיי איינציגווייז אויסגעריסען, דאָס גאַנצע לייב זיינס בעדעקט מיט טיעפע וואונדען.

דער אַלטער צדיק האָט שטיל צוגענומען די יסורים און פּיין. ער האָט געזעהן אז די לעצטע כחות געהן איהם אויס, האָט ער זיך געשטאַרקט און הויך געזאָגט:

— שמע ישראל ד' אלהינו, ד' אחד!

און זיין הייליגע נשמה איז אויסגעגאַנגען אונטער די קלעפּ פון די גריכישע סאָלדאַטען.

אַ צובראָכענער און דערשלאָגענער איז עמיהוד אוועק פון דער גרויזאַמער סצענע. עס האָט געקאָכט אין איהם. ער

האט זיך געוואלט ווארפען אויף דעם גענעראל און זיך נוקם זיין אין איהם פאר דעם פערגאסענעם בלוט פון אלטען צדיק.

ער האט זיך אבער דערמאנט אן זיין ווייב שושנה און זיין קינד אלעזר. ער האט געוואוסט אז דעם גענעראל קען ער נישט טויטען. ער איז ארומגערינגעלט מיט א סך סאל־דאטען. ער וועט נאר ברענגען דעם טויט אויף זיך און א גרויס אונגליק אויף שושנה'ן מיט'ן קינד.

ער האט זיך געכאפט אז עס איז שוין שפעט, שוין מיטאג־צייט, און ער האט די שטאדט געוואלט פערלאזען נאך אין דער פריה. ער איז נאר ארויס אויף א מינוט פון הויז, דא זוימט ער זיך אזוי לאנג, שושנה שרעקט זיך געוויס. האט ער זיך געאיילט א היים. לויפען האט ער אבער מורא גע־האט פאר די גריכישע סאלדאטען, זיי קענען איהם פערדעכ־טיגען און פאנגען.

אז עמיהוד איז צוגעקומען צום הויז האט ער געזעהן ווי עס איז בעלאגערט מיט מענשען. זיין הארץ איז שיער צו־שפרונגען פאר שרעק. ווילד האט ער זיך געווארפען צו דער טהיר און ווי ער האט זי געעפענט, האט ער געזעהן אין קאָ־רידאר שטעהט א קליינע אבטיילונג בעוואפענטע סאלדאטען אויף דער וואך.

פון זאאל האט ער געהערט שושנה'ן וויינען און א מאן רעדט צו איהר אויף העברעאיש:

— דאס איז דער איינציגער וועג ווי דו קענסט ראטעווען דיך און דיין קינד נישט פערקויפט צו ווערען פאר שקלאפען. וועסטו מיך נישט פאלגען, וועל איך דיך נאך מעהר פייניגען. דיך וועל איך פערקויפען בעזונדער און דיין קינד בעזונדער און דיינע אויגען וועלען איהם שוין נישט זעהן דיין גאנץ לעבען.

עמיהוד איז צוגעשפרונגען צו א סאלדאט און ארויסגע־כאפט זיין שווערד און געוואלט ארייַנלויפען אין זאאל. די סאלדאטען האבען איהם אבער ארומגערינגעלט, ארויסגע־ריסען ביי איהם די שווערד און איהם פערהאלטען.

אויף דעם טומעל אין קארידאר איז ארויסגעקומען דער מאן פון אינווייניג און עמיהוד האט געזעהן אז ס'איז דער פערדארבענער פעררעטערישער מענעלאס!

עמיהוד האָט געקריצט מיט די צייהן פאר גרויס כעס. ער האָט זיך געוואָלט ווארפען אויף מענעלאס'ען, די סאָלדאטען האָבען איהם אָבער פעסט געהאַלטען און פון גרויס וועה־טאָג און מאכטלאָזיגקייט האָט ער זיך צואוויינט ווי א קליין קינד.

—עס פערדריסט דיך, יא? — האָט מענעלאס געזאָגט צו איהם שפּאָטיש — מיך אַרט נישט. איך וויל דיר נישט טאָן קיין בייז. איך קען דאָך דיך גלייך טויטען, נאָר עס איז מיר א שאָד. דיין לעבען איז מיר טייער. דו ביזט שעהן און ריזיג. דו וועסט זיין א גוטער שקלאַף פאר מיר. עס וועט מיר זיין זעהר אנגענעהם, ווען דו וועסט מיך בעדינען און דערלאנגען ווייז מיר און שושנה'ן דיין ווייב...

עמיהוד'ס אויגען זענען פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט. פון טיפען האס האָט ער אזש קיין וואָרט נישט גע־קענט ארויסרעדען. און דער פערדאָרבענער מענעלאס האָט איהם געשאָטען זאַלץ אויף די וואונדען:

— דיין ווייב האָב איך ליעב געהאַט ווען זי איז נאָך געווען א מיידעל. זי האָט מיך אָבער נישט געוואָלט און גענומען דיך. איצט וועט זי שוין זיין קלוג און פעררעכטען דעם פעהלער וואָס זי איז בעגאַנגען. די אידישע אמונה איז שוין בטל געוואָרען. אייער חתונה איז צונישט געוואָרען. זי איז איצט פריי חתונה צו האָבען מיט דעם מאַן, וואָס וועט איהר געבען גרויס כבוד. איהר זוהן וועט אין מיר אויך האָבען א קלוגען טאטען און פעהיגען לעהרער, וואָס וועט איהם גע־בען א וועלטליכע ערציהונג און ער וועט נישט אויסוואַקסען אזא דומער, נארישער פרומער ווי דו...

אין דעם איז געוואָרען א גייער טומעל. נאָך אן אבטיילונג סאָלדאטען האָט זיך אריינגעריסען אין הויז. די נייע סאָל־דאטען זענען אָנגעפיהרט געוואָרען פון קלעסטענעס'ען און פרייני'ן. פרייני האָט נאָך דערהערט מענעלאס'עס לעצטע ווערטער, האָט זי זיך בייז צושריגען אויף איהם:

— אוועק, דו נארישער אייזעל! דאָס הויז־געזינד געהער צו אונז. זיי זיינען אין אונזערע הענד. גענעראַל אפּאלאָניוס האָט אזוי בעפוילען, איך זאָל קענען נעמען נקמה אין מיינע פיינד.

מענעלאַס האָט נישט געוואָלט אָבלאָזען זיינע געפאַנגענע. האָט קלעסטענעס ארויסגעצויגען זיין שווערד און געגעבען א בעפעהל צו מענעלאַס'עס סאָלדאַטען:

—געהט אהיים!

די סאָלדאַטען זענען אוועק און מענעלאַס איז געבליבען אליין און געבערענט פון האַס.

די נייע אָבטיילונג סאָלדאַטען האָט איבערגענומען עמיהוד'ען און זיי האָבען איהם נישט געלאָזט ריהרען פון אָרט. שושנה איז ארויסגעקומען אין קאָרידאָר. געגאַנגען איז זי ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס. דאָס פּנים וויים ווי די וואַנט און די אויגען פול שרעק. לעבען איהר איז געשטאַנען איהר פינף־יעהריג אינגעלע אלעזר, זייער בן־יחיד, דאָס דער־שראָקענע קינד האָט פעסט אָנגעהאַלטען די מוטער און זיך געטוליעט צו איהר.

אז שושנה האָט דערזעהן עמיהוד'ען, האָט זי אויסגע־שטרעקט די הענד און געוואָלט וואַרפען זיך אויף זיין האַלז. די סאָלדאַטען האָבען זי גראָב געשטויסען צוריק און זי איז שיער אומגעפאַלען.

פרייני האָט געוואָרפען א בליק אויף שושנה'ן און עמיהוד'ן און אויף העברעאיש געזאָגט צו מענעלאַס'ען:

— ארויס פון דאַנען, שענדליכער מענש! די מענשען פון דעם הויז געהערען צו אונז. די פרוי וועל איך צונעמען פאַר א שקלאַפין, זי וועט מיך בעדינען און אויך איהר מאַן, אויב ער וועט האָבען שכל...

אז זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זי עמיהוד'ען געגעסען מיט איהרע ליידענשאַפטליכע בליקען און געשמייכעלט צו איהם.

עמיהוד און שושנה האָבען צוטומעלט געשוויגען.

קלעסטענעס איז געוואָרען בייז וואָס פרייני רעדט העב־רעאיש מיט מענעלאַס'ן און ער האָט שטרענג געזאָגט:

— וואָס רעדט איהר העברעאיש? איהר ווייסט דאָך, אז דער קעניג האָט פערבאָטען צו רעדען העברעאיש!

— עס איז פערבאָטען פאַר די אידען, מיר אָבער, וואָס העלפען אויספיהרען דעם קעניגליכען בעפעהל, מעגען יא — האָט פרייני געזאָגט צו איהם אויף גריכיש.

מענעלאס האט זיך ארייננעמישט און געזאגט:

— זי רעדט העברעאיש, ווייל דאס וואס זי האט געזאגט וואלט דיר, איהר מאן, נישט געשמעקט. זי איז פערליעבט אין דעם מאן — האט ער אנגעוויזען אויף עמיהוד'ען.

קלעסטענעס איז אויפגעשפרונגען ווי אן אונטערגעשאסענער און געפרעגט פרייני'ן אויפגערעגט:

— איז אמת וואס דער איד זאגט?

פרייני איז רויט געווארען און געשוויגען. עמיהוד האט זיך געשטארקט און געזאגט צו קלעסטענעס'ען:

— אויב דו ביזט געקומען אונז בעשטראפען, שטראף אונז, גריך, מיר זענען געטריי אוניער גאט און וועלען זיין טריי ביז'ן לעצטען אטעם. פארוואס אבער זאלען אונז פייניגען די אידישע פערדעטער, וואס מאכען זיך ווי זיי פיהרען אוים דעם קעניג'ס בעפעהל און זייער בעהאלטענער צוועק איז אויסגעלאסענקייט.

—רעד נישט קיין שלעכטס אויף פרייני'ן — האט שושנה זיך געבעטען ביי עמיהוד'ען — דו זעהסט דאך זי איז רויט געווארען, זי פערמאגט נאך א ביסעל בושה...

—שווייג, אידין — האט פרייני א צוקאכטע געשריגען אויף גריכיש — איך וויל נישט הערען ווי דו פערטיידיגסט מיך. וואס מיין הארץ פיהלט וועל איך נישט פערבארגען פון מיין מאן. איך שרעק זיך נישט פאר איהם. איהר האט מיר גענוג בייז געטאן, נאר מענעלאס מעהר פון אלע. איך בין געוועזען פרום און עהרליך, האט ער מיך איבערגערעדט און געשענדעט. שפעטער האט ער מיך אוועקגעווארפען און פערליעבט זיך אין שושנה'ן. האב איך זיך פערליעבט אין עמיהוד'ען, האט איהם שושנה צוגענומען. נאך דעמאלט איז מיין הארץ פול געווארען מיט האס צו אייך. איך האב געווארט אויף דעם טאג פון נקמה. און איך האב דערלעבט. היינט איז דער טאג, וואס איך האב אזוי לאנג געהאפט אויף איהם.

— דאס מיינסטו! — האט מענעלאס געזאגט איהר אויף העברעאיש — איז גוט. פאלג מיך. מיר ביידע וועלען נעמען נקמה. איך וועל צונעמען שושנה'ן און דו נעם דיר עמיהוד'ען...

פרייני האט געטראכט א ווײַלע, געקוקט אויף די אונ־גליקליכע עמיהוד, שושנה און זייער קינד און זי האט איהם אבגעענטפערט אויף גריכיש:

— דיין עצה קומט פון שטן. אזוי פערדארבען ווי דו בין איך נאך נישט. נאר איידער איך געה זיך נוקם זיין אין זיי, וועל איך זיך אברעכענען מיט דיר, אונווירדיגער, נידערטרעכ־טיגער מענש. קלעסטענעס טייערער, אויב דו האסט מיך ליב, דערשטעך איהם מיט דיין שווערד. וועסט טאן א גוטע זאך, וועסט אברוימען דעם ערגסטען מענש פון דער וועלט.

— איך טו נאר וואס דער קעניג הייסט — האט קלעס־טענעס געענטפערט — דער קעניג האט מיך נישט בעפוילען איהם צו טויטען.

— וועל איך איהם טויטען! — האט פרייני דערהיצט אויסגעשריגען. זי האט פון אונטער'ן מאנטעל ארויסגעצויגען א שארף מעסער און ווי א טיגער א שפרונג געטאן אויף מע־נעלאס'ען. ער האט זיך אבער געשיקט אויסגעדרעהט און ארוים פון הויז.

פרייני איז געווען שטארק צוקאכט. אין פנים האבען זיך געביטען די קאלירען. און זי האט שטיל געבעטען איהר מאן:

— האסט מיר פריהער נישט געוואלט צוליעב טאן, בעט איך דיך, טו מיר איצט צוליעב, לאז צורוה די מענשען פון דעם הויז. זיי זענען אונשולדיג. שיק אהיים די סאלדאטען.

— איך קען נישט, איך מוז זיי ארעסטירען — האט ער זיך איינגעשפארט.

— טא ארעסטיר מיך צוזאמען מיט זיי — איך בין נישט בעסער פון זיי.

— דאס וועל איך דיר אויך נישט צוליעב טאן, איך האב אויף דעם נישט בעקומען קיין בעפעהל — האט דער גריך געזאגט רוהיג.

— געצענדינער! פארוואס ווילסטו זיי ארעסטירען, ווייל זיי זענען טריי זייער גאט? איך בין פונקט ווי זיי. איך האב חרטה אויף מיינע זינד. איך בין געווען נאריש און פערפיהרט. איך בלייב איצט טריי דעם גאט פון מיין פאלק! — האט פרייני געשריגען.

די טיר האט זיך געעפענט. א מיליטערישער קוריער איז

אריין און געזאָגט צו קלעסטענעס'ן :
—גענעראל אפּאָלאָניוס לאָזט דיר זאָגען אז ס'איז אָנגע־קומען א בעפעהל פון קעניג צו שליסען אין קייטען דעם אי־דישען פיהרער רציץ'ס הויזגעזינד און זיי ברענגען אין דער הויפּט־שטאָדט אנטיוכא. דער קעניג וועט זיי האלטען דאָרט ביז זיין געבורטס־טאָג. און איינס פון די צוויי : אָדער זיי וועלען מקריב זיין קרבנות צו צעאוס'ען אונזער אָבגאָט, אָדער זיי וועלען זיין די קרבנות.
די אונגליקליכע געפאַנגענע זענען שיער אויסגעגאנגען פאר שרעק פון דעם נייעם אונגליק, וואָס דערנעהנטערט זיך אויף זיי, איז מענעלאס אריין אין טיר און שפּאָטיש געזאָגט :
— איך וועל אייך ברענגען די גוטע בשורה, אייער זיידע אלעזר איז שוין אויסגעגאנגען אונטער די קלעפּ פון די גרי־כישע סאָלדאטען. אייער מאמע חנה מיט איהרע זיבען זיהן האָט מען שוין געבונדען און אוועקגעשיקט צום קעניג. איצט זוכט מען אייער פאָטער רציץ, ער בעהאלט זיך אויס אין די יהודה־בערג. אן אָבטיילונג סאָלדאטען און שפּיאָנען זענען שוין אוועק איהם זוכען און פאנגען א לעבעדיגען...
— ס'איז אמת — האָט דער מיליטערישער קוריער בע־שטעטיגט
מענעלאס האָט זיך שפּאָטיש צולאכט און פערשוואונדען.
— אוי ! — האָט שושנה גשגעבען א געשריי. איהרע גע־שרייען זענען געוואָרען אלץ העכער און העכער. דאָס פּנים איז געוואָרען בלייך און טויט. זי האָט זיך א כאפּ געטאָן פאר'ן הארצען און אומגעפאלען.
דאָס אינגעלע האָט זיך ביטער צושריגען. עמיהוד האָט זיך ארויסגעריסען פון די סאָלדאטען און צוגעלאָפען צו איהר. פריני איז אויך געקומען צו הילף. זיי האָבען זי געוואָלט דערמינטערען. עס איז אָבער געווען אומזיסט. זי איז געווען טויט. דאָס הארץ איהר'ס האָט געפּלאצט.
עמיהוד האָט אָנגעהויבען שרייען ייי א פערוואונדעטער לייב. דאָס קינד האָט שטארק געוויינט. פריני האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, לעבען איהר אמאָליגער חבר'טע, האָט זי געקושט און געוויינט.
קלעסטענעס און די סאָלדאטען האָבען זיי נישט גע־

שטערט. זיי זענען געריהרט געוואָרען, די ווילדע גריכען פון דעם שוידערליכען בילד. פלוצלינג האָט בלוט אָנגעהויבען שטראָמען איבער דער פאָדלאָגע. פרייני איז געלעגען אויס־געצויגען לעבען שושנה'ן און מיט א שוואך קול האָט זי גע־מורמעלט:

—גאָט פון מיינע עלטערן! זאָל מיין טויט זיין א כפרה פאר מיינע זינד. זאָל די ריינע נשמה פון מיין חבר'טע מיך בעשיצען פאר דיין משפט...

אז קלעסטענעס איז צוגעלאָפען צו איהר האָט ער גע־פונען דאָס שארפע מעסער שטעקען אין פרייני'ס הארץ... אין עטליכע מינוט ארום איז זי אויסגעגאנגען.

עמיהוד איז צוגעשפרונגען און געכאפט דאָס מעסער. ער האָט געוואָלט דערשטעכען זיך און זיין קינד, זיי זאָלען נישט אריינפאלען אין פיינד'ס הענד. קלעסטענעס האָט אָבער גיך ארויסגעריסען דאָס מעסער און דערלאנגט צו א סאָלדאָט.

א מינוט האָט קלעסטענעס געקוקט אויף דער טויטער פרייני, וואָס איז א צייט געוועזן זיין פרוי. פלוצלינג האָט ער איהר אָנגעשפיגען אין טויטען פנים און בעפוילען די סאָל־דאטען, זיי זאָלען אויסליידיגען דאָס הויז און אלץ מיטנעמען.

— געה! — האָט ער גראָב א שטופ געגעבען עמיהוד'ען; — ביזט מיין געפאנגענער, נעם מיט דיין זוהן.

ער האָט עמיהוד'ען ערלויבט צו געזעגענען זיך מיט דער טויטער שושנה. ער האָט איהם אויך צוליעב געטהאָן און מיט זיין שווערד אָבגעהאקט איינעם פון איהרע וואונדערליכע צעפ און איהם דערלאנגט, ער זאָל עס האַלטען פאר אן אנדענקען.

עמיהוד האָט גענומען זיין קינד און ארומגערינגעלט פון די סאָלדאטען ארויס אין דרויסען.

א מחנה אידען זענען געשטאַנען ארום דאָס הויז און היך געוויינט. עמיהוד האָט זיך געשטארקט און געזאָגט צו זיי:

— זייט געזונד, ברידער! שטארקט אייך אין אייער אמונה. טוט מיר די גענאָד און ברענגט צו קבורה מיין ווייב און די אידישע פרוי, וואָס ליגט לעבען איהר. איך געה

אוועק און גאָט וויים אויב איך וועל צוריק קומען.

דאָס פאָלק האָט זיך שטארק צואוויינט. עמיהוד האָט גע־וואָרפען דעם לעצטען בליק אויף זיין הויז, וואו ער האָט




געוועהר פון אמאליגע צייטען

צעהן יאָהר געלעבט גליקליך מיט שושנה'ן. די סאָלדאַטען האָבען איהם געבראַכט אין פעסטונג אקרא. דאָ האָט מען איהם געשמידט אין קייטען און מיט בעוואָפענטע סאָלדאַטען אוועקגעפיהרט דורך שער שכם אויפ'ן וועג נאָך גבעה. אין גבעה האָבען שוין געווארט נאָך געפאנגענע אוועקגעפיהרט צו ווערען צו קעניג אנטיוכוס.

---

עמיהוד איז געגאנגען ארומגערינגעלט מיט די בעוואָ־פענטע סאָלדאַטען. דאָס קינד האָט ער געטראָגען אויף די פלייצעס. די קייטען אויף די פיס האָבען איהם שטארק וועה געטאָן. זיי זענען געגאנגען און געגאנגען ביז זיי זענען צו־געקומען צו א שמאָלען וועג, וואָס ציהט זיך דורך הויכע בערג.

די סאָלדאַטען האָבען זיך געזעצט אָברוהען און געגעסען. א גאנצען טאָג האָט עמיהוד גאָר ניט געהאַט אין מויל. ער האָט זיך אָבער נישט צוגעריהרט צום ברויט, וואָס די סאָל־

ראַטעוון האָבען איהם דערלאַנגט. ער איז געווען זאַט פון די צרות.

מיט אַמאָל האָט אַ שטורם־געשריי זיך געטראָגען פון די בערג. ווי עס וואָלט שטאַרק געדונערט:

— לד' הישועה! ביי גאָט איז די הילף! העלף גאָט! גאָט העלף! — האָט געדונערט פון די בערג — ביי גאָט איז די הילף! און פייל'ען האָבען ווי אַ האָגעל אָנגעהויבען פליהען פון אַלע זייטען. אַלע רגע איז אַן אַנדער סאָלדאַט געפאַלען פון אַ פייל. אין איין אויגענבליק זענען ארויסגעשפרונגען אידען פון די בעהעלטניסען און מיט זייער שווערדען זיך געוואָרפען אויף די סאָלדאַטען און זיי צוהאַקט אויף שטיקער.

עמיהוד איז געוואָרען צוטומעלט און צומישט. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ בעקאַנטע שטימע:

— עמיהוד, מיר האָבען דיך געראַטעוועט!

דאָס איז געווען זיין חבר יהודה המכבי. די חברים האָבען זיך ארומגענומען און צוקושט. עמיהוד איז געווען פריי, אַראָבגעוואָרפען די קייטען פון די פיס. איינער פון יהודה המכבי'ס אנהענגער האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענד. זיי האָבען צוגענומען דאָס געוועהר פון די דערמאָרדעטע סאָלדאַטען, בעהאַלטען די טויטע קערפּער אין די שפּאַלטען פון די פעלזען. און גיך אוועק דורך פערבאָרגענע וועגען אין אַ הייהל. דאָרט אין הייהל האָבען זיך אויפגעהאַלטען אַ הונדערט נפשות. מענער, פרויען און קינדער.

עמיהוד האָט געמיינט אַז ער חלום'ט. קיין פרייד איז איהם אָבער נישט איינגעגאַנגען. וואָס טויג איהם זיין לעבען אַז שושנה איז טויט!

יהודה המכבי האָט געהאַט זיינע מענשען אין שטאָדט און זיי האָבען איהם אַלץ געלאָזט וויסען. ער האָט געוואוסט ווען עמיהוד וועט אוועקגעפיהרט ווערען, האָט ער זיין לעבען איינגעשטעלט צו ראַטעווען איהם.

יהודה המכבי האָט איהם געטרייסט און דערצעהלט אַז זיין גוט אין "עין גדי" איז צורויבט געוואָרען. די גריכען האָבען אַלעמען אויסגע'הרג'עט. וואָלט עמיהוד געווען פריהער

דאָרט אַרויסגעפֿאָהרען, וואָלט ער און זיין קינד שוין אויך נישט געלעבט.

— שטאַרק דיך, חבר מיינער, גאָט'ס הילף וועט קומען, שטעה צו צו אונז, מיר וועלען אין נאָמען פון גאָט בעזיגען דעם פיינד — האָט יהודה המכבי איהם געטרייסט און בערוהיגט — לד' הישועה! ביי גאָט איז די הילף!

---

חנה און איהרע זיבען זיהן

רציץ'ס ווייב חנה מיט איהרע זיבען זיהן, אין קייטען געשלאָסען, זענען געבראַכט געוואָרען פאַר אנטיוכוס'ען. ער האָט צוגערופען דעם עלטסטען זוהן און איהם געזאָגט:

— בוק דיך צו צעאוס'ען.

— גאָט האָט געזאָגט אויפ'ן בארג סיני: "אנכי ד' אלהיך", וועל איך זיך נישט בוקען צו אַן אָפּגאָט — האָט ער דעם קעניג געענטפערט.

— האַקט איהם אָב דעם קאָפּ! — האָט דער קעניג בעפֿוילען די סאָלדאַטען.

— בוק דו זיך! — האָט דער קעניג געזאָגט צום צווייטען זוהן.

— "זאָלסט נישט האָבען קיין אנדערע געטער", האָט גאָט אונז געבאָטען" — האָט דער צווייטער זוהן געענטפערט — איך וועל זיך צו דיין אָפּגאָט נישט בוקען.

— דערשטעכט איהם מיט א שווערד! — איז געוועזען דעם ווילדען קעניג'ס בעפֿעהל.

— וועסטו מקריב זיין א חזיר צעאוס'ען? — האָט דער קעניג געפֿרעגט דעם דריטען זוהן.

— ניין. די תורה זאָגט: "דער וואָס שעכט א קרבן צו אַן אָפּגאָט זאָל ווערען פערוויסט".

— הענגט איהם!

— וועסטו מיך פֿאָלגען — זאָגט אנטיוכוס צום פֿיערטען זוהן — און זיך בוקען צו צעאוס'ען?

— ווי קען איך דיך פֿאָלגען, אז אין דער תורה איז געשריבען: "זאָלסט זיך נישט בוקען צו א פרעמדען גאָט?"

— צוהאַקט איהם! — האָט אנטיוכוס אויסגעשריגען.

דער פינפטער זוהן איז צוגעפיהרט געוואָרען צום קעניג און ער האָט איהם געבעטען:

— פאָלג מיך, בוק זיך, וועסט בלייבען לעבען.

און דער פינפטער האָט זיך נישט געבוקט. נאָר געזאָגט: „שמע ישראל ד' אלהינו, ד' אחד". און איידער ער האָט נאָך געענדיגט, האָט דער מערדער איהם אָבגעהאקט דעם קאָפּ.

דער הויף איז פערפלייצט געוואָרען פון זייער בלוט און דער מערדער האָט דעם זעקסטען זוהן בעפוילען:

— בוק זיך, אז נישט וועסטו שטאַרבען ווי דיינע ברידער.

— טו וואָס דו ווילסט. איך קען נישט. אין דער תורה איז געשריבען: „דו זאָלסט דאָס וויסען און געדענקען אז גאָט איז גאָט אויף הימעל און ערד".

אין אן אויגענבליק האָט זיין בלוט זיך געגאָסען און אויס־געמישט מיט דעם פערגאָסענעם בלוט פון זיינע ברידער.

דער זיבעטער איז נאָך געוועזן אַ קליין אינגעל. שעהן איז ער געוועזן ווי זיבען זונען און דער מערדערישער אנטיוכוס האט זיך געבעטען ביי איהם:

— בוק זיך, וועסטו בלייבען איין קינד ביי דיין מאמע.

— גאָט איז אונזער גאָט און מיר זיינען זיין פאָלק. גאָט וועט אונז נישט פערבייטען מיט אן אנדער פאלק און מיר וועלען אונזער גאָט נישט פארבייטען—האט דאס יונגע קינד איהם געענטפערט.

דעם מערדערישען קעניג האט פערדראסען, וואס אלע זיבען זיהן זענען איהם ווידערשפעניג. אַ וועלט ציטערט פאר איהם, און דאס קינד שרעקט זיך גאָרנישט. עס האָט איהם נישט געפאסט פאר די מיניסטאָרען און ער האָט שטיל גע־זאגט צום קינד:

— איך וועל אראפּלאָזען מיין רינג. דו וועסט זיך איינ־בויגען איהם אויפצוהויבען, וועלען מענשען מיינען, אז דו פאָלגסט מיך און בוקסט זיך.

— דו ווילסט נישט לאָזען פארשוועכען דיין כבוד, זאל איך פערשוועכען דעם כבוד פון גאָט?—האט דאס קינד זיך איינגעשפארט.

אנטיוכוס האט געזעהן אז ער וועט נישט פועל'ען, האט ער א געשריי געטאָן:

—— פיהרט איהם צום טויט!

אז מען האט איהם ארויסגעפיהרט צו טויטען, האט חנה, זייער מוטער, זיי נאָכגעשריען:

— קינדער, געהט צו אברהם אבינו און זאגט איהם, אז ער האט נאָר געבויט איין מזבח פאר זיין זוהן יצחק, איך האב געבויט זיבען מזבחות פאר מיינע זיבען זיהן און זיי מקריב געווען פאר גאָט.

זי איז ארויף אויף א דאך און זיך אראפגעוואָרפען צום טויט, און עס איז ארויס א בת קול פון הימעל:

— וואויל איז צו דער מאמע, וואס האט אזעלכע זיבען זיהן!

---

דריי טעג איז עמיהוד געווען אין די הייהל און זיין שוועד רציץ איז אויך אהין געקומען. ער האָט שוין געוואוסט פון דעם גרויסען בראָך, וואס איז געקומען אויף זיין גאנצע פאַמיליע. ער האט אבער נישט געוויינט און נישט געטרויערט. ער האָט זיך געהאַלטען זעהר מוטיג. עמיהוד האָט איהם בעוואונדערט, און דער בעטריבטער רציץ האָט נאָך דערמוטיגט זיין איידים און איהם געזאָגט:

— גאָט פרובט אונז אויס. איך און מיין פרוי און מיינע קינדער ווייזען די וואונדער פון גאָט'ס פאָלק. איצט מוזען מיר בעקעמפפען דעם שונא. דאָס קינד אלעזר קען נישט זיין דאָ מיט אונז. ער וועט אונז שטערען.

אין דער שטיל איז דאס קינד אוועקגעפיהרט געוואָרען נאָך מצרים. דער כהן חוניו, דער פיערטער, דער זוהן פון ערמאָרדעטען כהן גדול חוניו, וואָס האָט געוואוינט אין מצרים האט דאס קינד גענומען צו זיך אין הויז.

אפאלאניוס האט זיך דערוואוסט וואס די אידען האבען געטאָן צו זיין אבטיילונג סאָלדאטען און אז עמיהוד איז בעפרייט, האָט ער בעפוילען פיליפאס'ן אויפצוזוכען די פערבאָרגענע אידען, וואס געפינען זיך אין די בערג, און זיי ברענגען טויט אָדער לעבעדיג.

פיליפאָס האט זיך אוועקגעלאָזט אין די בערג. העלענים־

טישע שפּיאָנען האָבען איהם געוויזען דעם וועג. נישט ווייט פון ירושלים האבען זיי געפונען א הייהל, וואו טויזענד פרוי־מע מיט ווייבער און קינדער זיינען געווען בעהאלטען.

פיליפּאָס איז אנגעקומען פרייטאג נאָך זון־אונטערגאנג. ער איז צוגעגאנגען צו דער הייהל און אויפגעפאָדערט די אי־דען ארויסצוגעהן צו איהם און זיך בוקען צו צעאוס'ען.

— מיר וועלען דיך נישט פאלגען—האבען איהם טויזענד שטימען געענטפערט פון דער הייהל ארויס.

וואָלטען די טויזענד פרומע ארויסגעטראטען געגען איהם, וואָלטען זיי איחם געווען בעזיעגט. האָבען זיי אָבער נישט געוואלט פארשוועכען דעם הייליגען שבת און זיך נישט אנט־קעגען געשטעלט.

פיליפּאס מיט די סאלדאטען האבען מורא געהאט אריינ־צוגעהן אין הייהל, האבען זיי געבראכט טרוקענע צווייגען פון וואלד און אוועקגעלייגטביים ארייגאנג פון דער הייהל. די צווייגען האבען זיי אונטערגעצונדען. עס איז געווארען א גרויס פייער. די הייחל איז געווארען פול רויך, און די טוי־זענד פרומע מענער, פרויען און קינדער זענען דערשטיקט גע־וואָרען פון רויך, שרייענדיג ביז זייער לעצטען אטעם:

— שמע ישראל, ד' אלהינו, ד' אחד!

דאס גריכישע מיליטער האט זיך ווי א היישעריק צו־שפּרייט איבער די שטעדט און דערפער פון הייליגען לאנד. אומעטום האבען זיי געצוואונגען די אידען צו בויען א מזבח פאר די אָפּגעטער, מקריב זיין חזירים און עסען דאָס פלייש, טרינקען יין נסך. זיי האָבען אומעטום פערברענט די אידישע שוהלען, צוריסען די ספר תורה'ס און בעשמירט מיט חזיר־שמאלץ.

די אידען האָבען זיך אבער נישט אונטערגעגעבען. פיעל אידען האבען זיך בעסער געלאָזט קוילען איידער אבטרעטען פון גאָט. א סך זיינען אנטלאָפען אין דער מדבר אדער אין די בערג און זיך בעהאלטען אין די הייהלען און די שפּאלטען פון פעלזען.

אפילו די שרעקעדיגע, וואָס האָבען זיך יא אונטערגע־געבען און געטאָן וואָס די סאָלדאטען האָבען זיי געהייסען זיינען גלייך נאָך'ן אוועקגעהן פון די סאלדאטען צוריק גע־

ווארען פרום און געדינט גאָט מיט'ן גאַנצען הארצען.

פיליפּאָס האט דאס געוואָהר געווארען איז ער אליין אוועק אין די זעלבע ערטער און צוזאמען מיט זיינע סאלדאטען גע־גאנגען אין די הייזער און געזוכט די גאָטספּארכטיגע אידען.

די קימפּפעטאָרינס, וואָס האָבען געלאָזט מל זיין זייערע קינדער האָט ער קראנקערהייט פון די בעטען ארויסגעשלעפּט, אויפגעהאנגען די יונגע עופ'עלעך אויף זייערע מוטער'ס העלזער, געפיהרט אזוי איבער די גאסען אָבצושרעקען אלע־מען. שפּעטער האָט ער די מאַמעס מיט די קינדער געהייסען אראָפּוואַרפען פון דער הויכער מויער. דאָס בלוט פון דער מאמע האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם בלוט פון איהר ערשט געבוירען קינד און עס האָט פערפליצט די גאסען און גע־שריגען צו גאָט.

די פּיין זיינען שוין געווען צו גרויס אויסצוהאלטען. ער־גער האָט שוין נישט געקענט זיין. א סך אידען האָבען שוין פערלוירען דעם געדולד און געפּאָדערט אלעמען ארויסצור־טרעטען אין אָן אָפענעם קריעג געגען שיגא.

דערווייל איז מען געקומען אָנזאָגען יהודה המכבי'ן, אז דער מיליטער־פיהרער אפּיילעס געהט מיט זיין אבטיילונג אויף מודיעין, וואו זיין פאָטער מתתיהו און זיין גאנצע פאַ־מיליע וואוינען. אפּיילעס וויל דאָרט אויפבויען א מזבח פאר צעאוס'ען און צווינגען די אידען מקריב זיין קרבנות אויף איהם.

ווי א צורייצטער לייב איז יהודה המכבי אויפגעשפּרונגען, רציץ און עמיהוד זענען צוגעשטאַנען צו איהם. מיט א זעכ־ציג העלדען מוטיגע וואָס זענען געווען גרייט צו געהן אין פייער און וואסער מיט די שווערדען אונטער די קליידער האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזט דורך א בעהאלטענעם וועג נאָך מודיעין.

זיי זענען אָנגעקומען שפּעט ביינאכט. א גאנצע נאכט האָבען זיי נישט געשלאָפען, געזעסען ביי מתתיהו'ן אין הויז און געוואַרט אויפ'ן פיינד.

ווי עס איז טאָג געוואָרען האָבען זיי דערהערט טרומיי־טען און פויקען־קלאַפּען פון הינטערן שטאָדט. אפּיילעס איז אָנגעקומען מיט זיינע סאָלדאטען זיי האָבען זיך אָבגע־

שטעלט לעבען דער שוהל און דאָרט אויפגעבויט א מזבח פון שטיינער. א חזיר האָט ער אָנגעגרייט פאר א קרבן.

ער האָט צוזאמענגערופען אלע אידען און מתתיהו׳ן דעם עלטסטען און אנגעזעהענסטען פון דער געמיינדע, האָט ער געהייסען דער ערשטער מקריב זיין דעם קרבן.

— אז דו וועסט פאָלגען דעם קעניג, וועלען אלע אידען דיר נאָכטאָן.

— איך וועל דאָס קיינמאָל נישט טאָן! — האָט מתתיהו פעסט געענטפערט.

פלוצלינג איז דער אלטער פעררעטהער חאראן, דער ירושלים׳ער העלעניסטען־פיהרער צוגעלאָפען צום מזבח און מיט זיין שווערד געקוילעט דאָס חזיר.

דער אלטער מתתיהו האָט דאָס נישט געקענט אויסהאַל־טען. ער האָט ארויסגעכאפּט זיין שווערד און מיט איין שפּרונג איז ער געווען לעבען דעם אלטען פעררעטער און דורכגעשטאָכען זיין פערדאָרבען הארץ. און דאָס בלוט פון דעם רשע האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם בלוט פון חזיר...

אין דער רגע האָבען די זעכציג העלדען און מתתיהו׳ס פינף זיהן ארויסגעכאפּט זייערע שווערדען און מיט דעם גע־שריי: „ביי גאָט איז די הילף!“ האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף אפּיילעס׳ן און זיינע סאָלדאטען און זיי געטויט ביז איינעם.

אין דער צייט ווען די העלדען האָבען אויסגע׳הרג׳עט די פיינד, האָבען די אנדערע אידען צוּוואָרפען דאָס מזבח און קיין שטיין נישט געלאָזט אויפ׳ן אָרט.

מתתיהו האָט זיך אוועקגעשטעלט איבער די טויטע פערפערם פון די פיינד און מיט געטליך פייער אין די אוי־גען אויסגערופען:

— ווער ס׳איז פאר גאָט זאָל קומען צו מיר!

פון אלע זייטען, פון די שטעדט און דערפער ארום; פון די הייהלען און די פעלזען־שפּאלטען זענען אָנגעקומען אי־דען און פערזאמעלט זיך ארום דעם אלטען מתתיהו. עס איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען א היבשע ארמעע. אלע מאָל האָבען אָבטיילונגען זיך ארייגעריסען אין אן אנדער שטאָדט אָדער דאָרף און אויסגעקוילעט די גריכישע וואך־

סאָלדאטען. די געצען־דינערישע מזבחות צושטערט, מ׳ל געוועזן די אידישע קינדער און אויסגע׳הרג׳עט די אידישע פערדעטער

מתתיהו איז אָבער געווען אַלט און שוואַך צו פיהרען די אַרמעע. האָט ער בעשטימט זיין זוהן יהודה המכבי אַלס פעלדמאַרשאַל אויף זיין אָרט. אַז מתתיהו דער חשמונאי איז געשטאָרבען האָט מען איהם בעגראָבען אין באַרג פון מודיעין און אַלע אידען האָבען איהם בעוויינט און בע־קלאַגט.

א געטליכער כח האָט בעהערשט יהודה המכבי׳ן. די אידישע אַרמעע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרען גרעסער און שטאַרקער אונטער זיין אנפיהרונג. א סך העלעניסטען האָבען געזעהן די שטאַרקייט פון דער אידישער אַרמעע און אַז גאָט דערבאַרעמט זיך ווידער אויף זיין פאָלק, האָבען זיי תשובה געטאָן מיט׳ן גאַנצען הארצען און אויך צוגעשטאַנען צו יהודה׳ס אַרמעע.

יהודה האָט אויסגע׳הרג׳עט די גריכישע וואַך־סאָלדאַטען פון אַלע שטעדט און דערפער און זיך געגרייט אַרויסצוטרע־טען געגען אפאָלאָניוס׳ען אויפ׳ן אָפענעם שלאַכטפעלד.

אפאָלאָניוס האָט דערהערט וואָס די חשמונאים אַרמעע האָט געטאָן צו זיינע סאָלדאַטען, האָט ער זיין אַרמעע אי־בערגעלאָזט אין ירושלים צו היטען די שטאָדט. מיט זיך האָט ער גענומען די סאָלדאַטען פון שומרון און די גוי׳שע שטעדט און געגאַנגען אויף מודיעין.

יהודה מיט זיין אַרמעע האבאז געלויערט אויף איהם און פּלוצלינג איהם בעפאַלען.

— ביי גאָט איז די הילף! — האָבען די אידישע סאָל־דאַטען אויסגעשריגען און זיך געוואָרפען אויפ׳ן שונא. די גריכישע אַרמעע האָט געהאַט א גרויסע מפּלה. א סך זענען געפאַלען אין שלאַכט. אפאַלאָניוס, דער אַלטער אידישער שונא, איז אַנטלאָפען. עמיהוד האָט איהם נאָכגעיאָגט און דערשאָסען. רציץ איז איהם געקומען העלפען אָבציהען זיינע קליידער, דעם פאַנצער און די שווערד. ביידע האָבען דער־לעבט נקמה אין דעם פיינד, וואָס האָט זיי און זייער פאָלק אַזוי פיעל שלעכטס געטאָן. יהודה המכבי האָט זיך אָנגע־

טאָן אפּאָלאָניוס׳עס שווערד : די שווערד וואָס האָט זיך אַזוי געזעטיגט מיט אידיש בלוט האָט אין יהודה המכבי׳ס האַנד זיך געזעטיגט מיט גריכיש בלוט און געוואָרען די שווערד פון דער אידישער נקמה.

סיראָן, דער ארמישער פעלדמארשאל, האָט דערהערט פון אפּאָלאָניוס׳עס מפּלה, האָט ער גענומען מיט זיך אַ סך מיליטער און געגאַנגען זיך נוקם זיין אַן יהודה המכבי׳ן מיט זיין אַרמעע. יהודה האָט זיך אָבער נישט געשראָקען פאַר איהם. מיט דעם ביסעל אידיש מיליטער איז ער פּלוצלינג איהם בעפאלען לעבען אויבער־בית חורון און דערשלאָגען איהם מיט זיינע סאָלדאַטען.

אנטיוכוס איז דאָס געוואָהר געוואָרען, האָט זיך זיין ווילדער צאָרן אָנגעצונדען אין איהם און ער האָט געשוואוי־רען צו פערטיליגען אַלע אידען. „איך וועל אָבווישען דאָס אידישע פאָלק פון דער ערד און זיין לאַנד וועל איך אוועק־געבען צו אַנדערע פעלקער״, האָט ער געשוואוירען ביי זיין אָפּגאָט. ער האָט אַליין געוואָלט געהן אויפ׳ן הייליגען לאַנד.

זיין בייזע מחשבה איז אָבער צושטערט געוואָרען. אַן אונגליק האָט זיך אָראָפּגעלאָזט איבער זיין טראָהן. יעדען טאָג האָט ער געהערט פון אַן אנדערן אויפשטאַנד צווישען זיינע אונטערטעניגע פעלקער. די פּרסים, די ארמים, די שטאָדט צור — אַלע האָבען מורד געווען אין איהם און זיך בעפרייט פון זיין שווערען יאָך.

האָט ער צוטיילט זיין אַרמעע אויף צוויי טייל. מיט איין טייל איז ער אוועק אונטערדריקען די מרידות און רעוואָלו־ציעס אין די פערשיעדענע לענדער. די צווייטע טייל אַרמעע האָט ער איבערגעגעבען צו זיין קרוב ליזיאַש און איהם בע־שטימט פאַר גובערנאַטאָר איבער ארץ־ישראל, ארם און כנען. ער האָט איהם בעפוילען צו געהן דאָס ערשטע אויפ׳ן אידישען לאַנד און אַלעמען אויסקוילענען. אַלט און יונג, מאַן און פרוי. אפילו די העלעניסטען האָט ער געהייסען אויסשעכטען, עס זאָל נישט בלייבען קיין איבערבלייבונג פון די אידען.

ליזיאַש האָט גענאָמען מיט זיך אַן אַרמעע פון פערציג טויזענד סאָלדאַטען, רייטער און פוסגעהער מיט די צוויי

פעלדמארשאלען ניקאנאר און גארגיאס. צו זיי זענען נאך צוגעשטאנען די אלטע אידען־פיינד, די פלשתים און די שומרונים. די ארמעע איז געווען גרויס ווי דאס זאמד ביים ים. אלע האבען געמיינט, אז דא איז געקומען דער סוף צו די אידען. א סך גוי'שע שקלאפען־הענדלער זענען אנגעקומען מיט דער פיינדליכער ארמעע, זיי האבען זיך געגרייט אבצוקויפען פאר שקלאפען די אלע אידען וואס וועלען גענומען ווערען געפאנגען.

יהודה המכבי האט פערזאמעלט דאס אידישע מיליטער נאך מצפה. אין גאנצען איז געווען זעקס טויזענט סאלדאטען. יהודה האט נאך אהיים געשיקט אלע שרעקעדיגע און מוטהלאזע. עס איז איהם געבליבען נאר א העלפט. יעדער איז אבער געווען א געקליבענער העלד, מוטיג ווי א לייב. די אידישע ארמעע האט געפאסט א גאנצען טאג און געבעטען צו גאט. יהודה האט געשטארקט זיין ארמעע און געגאנגען אנטקעגען דעם פיינד.

ביי אמה צווישען בית חורון און יבנה האט ער זיך בעגעגענט מיט גארגיאס'ן, וואס איז געשטאנען אין פראנט מיט טויזענד רייטער און פינף טויזענד פוסגעהער. גארגיאס האט געזעהן די קליינע אידישע ארמעע און איז געווען זיכער, אז ער וועט זיי אלע אויס'הרג'ענען.

אין דער פינסטערער נאכט האט יהודה המכבי אריבערגעפיהרט די אידישע ארמעע הינטער דעם פיינד. גארגיאס האט נישט געוואוסט פון דעם. ער האט פריהער געזעהן וואו די אידישע ארמעע שטעהט, האט ער ביינאכט געהייסען זיין ארמעע געהן אהין.

ער קומט אהין און — די אידען זענען נישטא. האט ער געמיינט, אז די אידען זענען אנטלאפען, האט ער געטריבען זיינע סאלדאטען, זיי זאלען נאכיאגען די אידען אין די בערג אריין. און ווי דאס גריכישע מיליטער איז געלאפען פאר־אויס, איז יהודה מיט די אידען ארויס פון הינטען און אונטערגעצונדען די גריכישע ארמעע געצעלטען.

גארגיאס האט דערזעהן דאס פייער אין זיינע געצעלטען און אז די אידישע ארמעע שטעהט פון הינטען, איז ער געווארען צוטומעלט. ער האט געמיינט, אז די אידען האבען

איהם ארומגערינגעלט און ער וועט באלד האבען די מלחמה פון פארנט און פון הינטען, האט ער געהייסען זיין ארמעע אנטלויפען צו דרום־זייט אין דעם לאנד פון די פלשתים.

און אנטלויפענדיג האבען די גריכישע סאלדאטען, צו מאכען זיך גרינגער, אראפגעווארפען פון זיך דאס געוועהר און די פאנצערס. יהודה המכבי מיט זיין ארמעע האבען זיי נאכגעיאגט מיט שטורם און זיי אזוי לאנג געשלאגען ביז זיי זענען מיעד געווארען.

דערנאך האבען די אידען זיך צושפרייט איבער די גריכישע געצעלטען און דארט געפונען א סך גאלד און זילבער, טייערע קליידער און איידעלשטיינער. די שקלאפען־הענדלער זענען אין גרויס שרעק אויך אנטלאפען און איבערגעלאזט זייערע בייטלען געלד. איז דאס אויך אריינגעפאלען צו די אידען אין די הענד.

דער זיעג האט געשטארקט די אידישע ארמעע און דאס וועקגענומענע גאלד און זילבער האט זי רייכער געמאכט. די אידישע ארמעע איז אויסגעוואקסען און בעשטאנען פון צעהן טויזענד סאלדאטען, יעדער איינער א געקליבענער העלד.

מיט דער ארמעע און שטארקען מוטה איז יהודה המכבי ארויס אנטקעגען ליזיאש, וואס איז איבער א יאהר אליין געקומען מיט א פיעל גרעסערע און שטארקערע ארמעע ווי גארגיאס׳עס.

די שלאכט איז פארגעקומען לעבען בית־צור, אויף דרום־זייט פון ירושלים. גאט האט ווידער געהאלפען זיין פאלק און ליזיאש האט געהאט א גרויסע מפלה.

פערשעהמט און דערשלאגען האט ליזיאש זיך אומגעקערט נאך אנטיוכא. דאס לאנד איז געווארען רוהיג און אבגערוהט זיך פון דעם פיינד׳ס אנפאלען. דאס היילינגע לאנד איז געווארען אויסגערייניגט פון די גריכישע אפגעטער. אין גאנצען לאנד זענען נישט איבערגעבליבען קיין אידישע שונאים, אינווייניגסטע ווי אויסוויינינגסטע, נאר אין פעסטונג אקרא איז נאך געבליבען די גריכישע מיליטער־וואך און דער פערדעטער מענעלאס מיט א קליין הויפעלע העלעניסטען.

נאָך דריי און א האַלב יאָהר ווי דער פיינד איז געקומען און פעראונרייניגט דאָס היילִיגע לאַנד און דאָס בית המקדש, זענען אלע אידען אויפגעגאנגען נאָך ירושלים. ווען זיי זע־נען געשטאַנען פאר'ן בית המקדש האָבען אַלע צוריסען די קליידער און געוויינט. גאָט'ס הויז איז געווען צושטערט און פערשעמט.

יהודה המכבי מיט זיינע מענשען האָבען ארויסגענומען דעם געץ פון בית המקדש און אוועקגעפיהרט הינטער'ן שטאָדט. דאָרט האָבען זיי איהם צומאָלען און זיין שטויב צושאָטען אויפ'ן ווינד. די שטיינער פון מזבח האָבען זיי ארויסגעריסען און בעהאַלטען אין א קאמער, קיינער זאָל זיי מעהר נישט זעהן.

דריי וואָכען צייט האָט געדויערט די ארבייט פון אויס־רייניגען דאָס בית המקדש און אויסגיסען די נייע היילִיגע כלים אנשטאט די צוגערויבטע.

פינף און צוואַנציג טאָג אין כסלו, אין יאהר דריי טויזענד פינף הונדערט פינף און ניינציג האָט מען געמאכט דעם יום־טוב חנוכה. דער יום־טוב בלייבט ביי אונזער פאָלק אויף אייביג.

אנטיוכוס האָט געליטען א גרויסע מפלה אין זיין מלחמה מיט די פּארטיער. אויפ'ן וועג אהיים איז ער שוין געווען געגוג דערשלאָגען פון זיין מפלה, איז ער נאָך געוואָהר געוואָרען פון דעם גרויסען אידישען זיעג. די נאכריכט האָט איהם געגעבען דעם לעצטען קלאַפּ. ער האָט געקראָגען א הארצ־שלאַק אינמיטען וועג. ער איז בעדעקט געוואָרען מיט מאוס'ע שווידערליכע קראנקייטען. א שרעקליכער ריח האָט זיך געטראָגען פון איהם. זיינע קנעכט, וואָס האָבען איהם געטראָגען, האָבען נישט געקענט אויסהאַלטען דעם שווע־רען ריח, און איהם אוועקגעוואָרפען אין מיטען וועג. דאָרט איז ער געשטאָרבען און בעגראָבען געוואָרען איז ער אין א פרעמד לאַנד.

זיין זוהן אַפּאַטאר און דער פעלד־מארשאַל ליזיאש האָ־בען שוין מעהר נישט געוואָלט העלפען די העלעניסטען. דערווייל איז די פעסטונג אקרא אויך ארייַנגעפאַלען צו

די אידען. מענעלאַס, דער פערדאָרבענער פעררעטער, איז אנטלאָפען צום יונגען קעניג און געבעטען ביי איהם הילף.

ליזיאש האָט אָבער דערצעהלט דעם יונגען קעניג, אז איבער דעם פערדאָרבענעם מאן האָבען די אידען געמאכט דעם אויפשטאַנד געגען זיין פאָטער. ער האָט געהעצט דעם קעניג געגען די אידען. דערפון איז ארויס דער גאַנצער קריעג. . אַפּאַטאר האָט זיך אָבגערעכענט מיט איהם. ער האָט געהייסען איהם אריינוואַרפען אין אַ טורעם וואָס איז פול מיט אַש. מענעלאַס איז דאָרט דערשטיקט געוואָרען און אפילו נישט געוואָרען בעגראָבען.

לאַנג איז די אידען נישט געווען בעשערט צו לעבען רו־היג. נייע ארמעען זענען געגאַנגען אויפ'ן אידישען לאַנד. די אידען האָבען געהאַט נייע מלחמות. עמיהוד האָט אַנטייל גענומען אין אַלע שלאַכטען און אין יעדען זיעג.

---

עמיהוד האָט אָנגעשריבען די דאָזיגע מגלה און צוזאַמען מיט שושנה'ס צאָפּ אוועק געשיקט נאָך מצרים צום כהן חוניו, דער ערציהער פון זיין זוהן אלעזר.

ער האָט געבעטען חוניו'ן ער זאָל די מגלה איבערגעבען זיין זוהן ווען ער וועט אויפוואקסען.

"איך בעטייליג זיך אין יעדען קריעג — האָט עמיהוד געשריבען — אפשר איז גאָט'ס ווילען איך זאָל פאַלען אין מלחמה. בין איך גרייט דערצו. דאָס הארץ זאָגט מיר אז מיר וועלען ווידער געווינען. מיר וועלען האָבען רוה און פרידען. אָבער ווער וויים, אפשר וועל איך נישט דערלעבען דיך צו זעהן. נעם צו די ברכה פון דיין טאַטען איידער איך געה אין שלאַכט. איך בעט דיך אָבצוהיטען צוזאַמען מיט דער מגלה דעם אנדענק פון דיין טייערע ליעבע מאמע, דאָס איז איינער פון איהרע וואונדערליכע צעפּ האָר, זי איז יונ־גערהייט געשטאָרבען פון דעם אונגעריכטען אונגליק. און דו, מיין זוהן, האַלט די מגלה פאַר קינד־קינדער.

**דיין פאָטער, עמיהוד, בן אלידע פון מלכות בית־דוד.**

# דאָס קדושין פינגעריל

הונדערט און פיער און דרייסיג יאָהר זענען אוועק פון דער געשיכטע מיט דעם "צאָפּ" ביז דער געשיכטע מיט דעם קידושין־פינגעריל. און א סך זאכען האָבען זיך געענדערט. דעמאָלט איז געשאַפען געוואָרען די נייע מלוכה, די חשמונאים דינאַסטיע, און איצט איז זי אונטערגעגאנגען. די געשיכטע איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר דריי טויזענד זיבען הונדערט און איין־ און־ דרייסיג.

אַז אַנטיוכוס הרשע איז געווען טויט און זיין זוהן אַאַפּאַטאר איז אַרויף אויפ׳ן סירישען טראָהן, איז זיין פּעטער דימיטריוס פּלוצלינג צוריק געקומען פון רוים. ער האָט ערמאָרדעט אַאַפּאַטאר׳ן מיט זיין פעלד־מארשאַל ליזיאַש און געוואָרען קעניג פון סיריען.

אין די ערשטע טעג פון זיין הערשאַפט האָט ער בעגייט די מלחמה מיט׳ן אידישען לאַנד. די חשמונאים ברידער האָבען ווידער פערלאָזט ירושלים, אַנגעזאַמעלט אַן ארמעע און זיך געשטעלט געגען פיינד.

ירושלים איז ווידער אריינגעפאַלען אין שונא׳ס הענד. באַלד איז דער פעררעטער אלקימאָס, יוסי בן יועזר׳ס פּלימעניק, געוואָרען כהן גדול, דער פעררעטער האָט דערצעהלט דעם קעניג, אַז אזוי לאַנג ווי יהודה המכבי וועט לעבען, וועלען זיך די אידען נישט אונטערגעבען. יהודה איז אָבער געווען גוט בעהאַלטען.

האָט דער קעניג ארויסגעגעבען אַ בעפעהל צו ארעסטי־רען די גרעסטע לייט פון ירושלים און זיי אזוי לאַנג פייני־גען ביז זיי וועלען אויסזאָגען, וואו יהודה בעהאַלט זיך.

די סאָלדאַטען האָבען ארעסטירט זעכציג אנגעזעהענע אידען, די גרעסטע לייט פון ירושלים. אַלקימאָס, דער פער־רעטער, האָט אויף זיי אָנגעוויזען. זיי זענען געווען די תנאים און די לעהרער פון די אידען. דער פעררעטער האָט ניט געשאָנעוועט זיין אייגענעם פעטער יוסי בן יועזר און געהייסען איהם ארעסטירען. זיי האָבען אויך געוואָלט פער־נעמען דעם אַלטען רציץ, וואָס אַלע האָבען איהם גערופען דער "פאָטער פון די אידען". רציץ האָט זיך אָבער ס'לעבען גענומען איידער ער איז אריינגעפאַלען אין פיינד'ס האנד.

די סאָלדאַטען האָבען געפייניגט די אידישע עלטסטע זיי זאָלען אויסזאָגען וואו יהודה בעהאַלט זיך. אַז זיי האָ־בען נישט געוואָלט אויסזאָגען, האָט זיי דער פיינד ארויס־געפיהרט צו הרג'ענען.

דאָס איז געווען אום שבת. די זעכציג צדיקים זענען גע־פיהרט געוואָרען צום "מאָל פון טויט". פאָראויס האָבען די הענקערס געטראָגען לאַנגע קלעצער צו קרייציגען די צדיקים אויף זיי. דער פעררעטער אַלקימאָס איז געקומען צו רייטען אויף זיין פערד, צוצוקוקען ווי די פרומע פיהרער וועלען ווערען געטויט.

אַז אַלקימאָס האָט דערזעהן זיין אַלטען פעטער יוסי בן יועזר, האָט ער זיך גערייצט מיט איהם:

— זעהסט, פעטער, מיין קעניג האָט מיר געשאָנקען דאָס פערד צו רייטען און דיין גאָט וועט דיך אויך באַלד מאַכען רייטען אויף אַן אנדער פערד, ועסט באַלד ווערען געקריי־ציגט.

— אַז גאָט איז אזוי גוט צו די פערדאָרבענע — האָט איהם יוסי בן יועזר געענטפערט — היינט ווי גוט וועט ער זיין צו די וואָס טוען זיין געבאָט!

— האָט נאָך עמיצער מעהר געהיט גאָט'ס געבאָט ווי דו? — האָט אַלקימאָס געלאַכט.

—קוק אויף מיר, וועסטו זעהן דיין סוף — האָט יוסי בן יועזר געענטפערט — אויב די וואָס פאָלגען גאָט ווערען

אַזוי געשטראפט, וואָס פאר א שטראף ווארט שוין אויף דיר, דו גאָט-לעסטערער? !

נאכדעם האָט אלקימאָס פערלוירען זיין רוח. זיין פּע־טער׳ס רייד האָבען איהם שטארק געפייניגט ביז ער האָט זיך פון צרות און מרה שחורה אויפגעהאנגען.

---

די חשמונאים האָבען אויפגעקליבען זייער ארמעע און זיך געלאָזט אנטקעגען שונא. די מלחמה האָט אויסגעבראָ־כען לעבען בית זכריה. די פיינדליכע ארמעע איז געווען זעהר גרויס. דער שונא האָט געהאט א סך געלערנטע העלפאנטען, וואָס האָבען אָנגעוואָרפען גרוים שרעק.

יהודה׳ס ברודער אלעזר האָט דערזעהן א מורא׳דיג גרוי־סען העלפאנט אָנגעטאָן אין זיידענס און בעהאנגען מיט ציערונג, האָט ער געמיינט, אז זיין רייטער איז דער קעניג. האָט ער זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען, אריינגעריסען זיך אין דעם שונא׳ס ארמעע, שניידענדיג מיט זיין שווערד אויף רעכטס און לינקס, ביז ער איז אונטערגעשפרונגען אונטער׳ן העלפאנט און איהם דערשטאָכען מיט דער שווערד.

ער האָט דערנאָך געוואָלט טויטען דעם רייטער, איז אָבער דער העלפאנט אומגעפאלען אויף איהם און דערשטיקט אויף טויט. אין דער שלאכט איז געפאלען דער ערשטער פון מתתיהו׳ס זיהן.

דערנאָך איז פאָרגעקומען א גרויסע שלאכט לעבען ליש. יהודה המכבי האָט געהאט מיט זיך ווייניג סאָלדאטען און ער האָט געוואָלט צושלאָגען די גרויסע און שטארקע פיינד־ליכע ארמעע. ער האָט א סך אויסגע׳הרג׳עט. צום סוף איז ער אבער מיעד געוואָרען. דער פיינד האָט זיך געשטארקט און יהודה המכבי, דער גרויסער אידישער העלד און קריעגס־פיהרער, איז געפאלען אין שלאכט. דעם זעלבען טאָג איז אויך געטויט געוואָרען עמיהוד, דער פרינץ, וואָס האָט גע־שטאמט פון דוד המלך. לאנג האָט דאָס פאָלק געטרויערט נאָך זיין גרויסען העלד יהודה המכבי און האָט איהם נישט געקענט פערגעסען.

יונתן, יהודה׳ס אינגערער ברודער, איז געוואָרען קריגס־פיהרער און ער האָט זיך געשטעלט געגען שונא. די מלחמה

איז געווען זעהר אַ שווערע. דעם פיינד'ס מאכט איז געווען גרויס און שטאַרק. האָט יונתן זיך בעהאַלטען מיט זיינע סאָלדאַטען אין ערבות הירדן און די פרויען און קינדער פון די שטרייטענדע אידען האָט ער אוועקגעשיקט מיט זיין עלטסטען ברודער יוחנן צו די בני נביות, אַן אַראַבישער שבט, וואָס זיינען געווען זיינע גוטע פריינד.

אויפ'ן וועג זענען די בני עמרי בעפאַלען די פרויען און קינדער מיט יוחנן און אַלעמען אויסגע'הרג'עט, זיי האָבען קיין איין לעבעדיג נפש נישט איבערגעלאָזט. דעמאָלט איז יונתן'ן איבערגעבליבען נאָר איין ברודער שמעון. מתתיהו'ס דריי זיהן יהודה המכבי, אלעזר און יוחנן זענען געווען טויט. נאָר יונתן און שמעון זענען געבליבען לעבען.

זיי זענען אַלעמאָל בעפאַלען דעם שונא און נישט געלאָזט רוהען. אכט יאָהר האָבען זיי געפיהרט קריעג געגען פיינד. ביז אין סיריען האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד. די סיריער האָבען געביטען זייער הערשער. און אז סיריען איז געווען פערנומען מיט זיך, האָט דאָס אידישע לאַנד פרייער אָבגעאָטעמט און עס איז געוואָרען שטיל און רוהיג אין היי־ליגען לאַנד.

יונתן איז געווען אַ קלוגער פיהרער. גאָט האָט איהם געהאָלפען און ער האָט גרעסער געמאַכט דאָס לאַנד און פערשטאַרקט זיינע פעסטונגען. ער האָט אויסגעראָט די פער־רעטער און ניין יאָהר איז ער געווען כהן גדול און נשיא איבער די אידען.

אַ סירישער פעלדמאַרשאַל האָט איהם דערנאָך אָבגע־נאַרט און מיט פאַלשע רייד געהייסען קומען מיט זיינע קינדער און סוויטע נאָך עכו. ער האָט איהם געפאָלגט און ווי ער איז נאָר געקומען נאָך עכו, איז איהם דער פיינד בע־פאַלען און דערשטאָכען איהם מיט זיינע צוויי זיהן.

זיין ברודער שמעון, דער איינציג איבערגעבליבענער חשמונאים זוהן, איז געוואָרען נשיא. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ זקן. אין זיין צייט זיינען די אידען אויסגעלייזט געוואָרען פון די פיינד. און מען האָט אויפגעהערט רעכנען די יאָהרען לויט די סירישע קעניגען און אָנגעהויבען צעהלען לויט די אידישע נשיאים און די חשמונאים הערשער.

די עלטסטע פון פאָלק האָבען אויסגעקריצט פאָלגענדע שבועה אויף קופערנע טאוולען:

"דאָס פאָלק געדענקט דעם חסד, וואָס די געטרייע חשמונאים האָבען פאר איהם געטאָן און קלייבט אויס שמעון כהן גדול און זיינע קינדער נאָך איהם צו זיין די אידישע הערשער ביז עס וועט קומען משיח בן דוד".

די קופערנע טאוולען מיט דער שבועה האָבען די עלטסטע אויפגעקלאפט אויף צוויי זיילען אין הויף פון בית המקדש, עס זאָל בלייבען א צייכען אויף דורות.

דער נשיא שמעון האָט געהאַט פיער זיהן. דריי פון זיי זיינען געווען זעהר בעריהמט: יוחנן, יהודה און מתתיהו. דער עלטסטער, יוחנן, איז געווען דער גרעסטער העלד. אין דער מלחמה לעבען עקרון האָט ער צושלאָגען דעם סירישען פעלד־מארשאל קענדעבאיאָס פון הורקאני. האָט מען איהם פון דעמאָלט אָן גערופען: יוחנן הורקנוס.

אנטיוכוס דער זיבעטער, דימיטריוס'עס א ברודער, האָט געזעהן, אַז מיט מאַכט וועט ער דאס אידישע לאַנד נישט קענען איינגעמען, האָט ער דאָס געטאָן מיט פאלשקייט און אָבנארעריי.

שמעון האָט געהאַט אַן איידים תלמי, וואָס האָט געהערשט אין יריחו און די סביבה. האָט אנטיוכוס אָנגערעדט תלמי'ן ער זאָל טויטען זיין שווער מיט דער פאמיליע און ווערען הערשער אויף זיין אָרט.

דאָס איז געווען דאָס אכטע יאָהר ווי שמעון האָט רעגירט איבער די אידען. ער איז געפאָהרען איבער'ן לאַנד זעהן ווי דאָס פאָלק לעבט, האָט איהם דער איידים פערבעטען צו זיך צו גאַסט.

ער האָט געמאַכט א גרויסען באל פאר איהם מיט'ן ווייב און די אינגערע קינדער. שפעט ביינאַכט איז תלמי זיי בעפאלען און ערמאָרדעט שמעון'ען מיט די קינדער. זיין שוויגער, שמעון'ס ווייב, האָט ער געלאָזט לעבען און פערהאַלטען ביי זיך פאר א משכון.

דערנאָך האָט ער שטילערהייט געשיקט עטליכע מענשען נאָך גזר, וואו יוחנן הורקנוס איז געווען, זיי זאָלען אויך איהם טויטען. יוחנן האָט אָבער שוין געוואוסט וואָס תלמי

האָט געטאָן מיט זיין פאָטער און ברידער. אז תלמי׳ס מענ־שען זענען געקומען צו איהם האָט ער זיי דער׳הרג׳עט און גיך אוועק נאָך ירושלים.

נאכדעם ווי די אידען האָבען בעוויינט שמעון׳ס טויט איז זיין זוהן יוחנן הורקנוס בעשטימט געוואָרען אלס נשיא. ער האָט געוואָלט זיך אָברעכענען מיט זיין מערדערישען שוואָגער תלמי, וואָס האָט זיך געהאט בעפעסטיגט אין יריחו. יוחנן הורקנוס האָט בעלאגערט די פעסטונג און ער וואָלט זי געווען איינגענומען, האָט תלמי ארויסגעפיהרט יוחנן׳ס מוטער אויפ׳ן טורעם און איהם געווארנט:

— אויב דו וועסט נישט אוועקגעהן, וועל איך דיין מאמע אראָפּשליידערן פון דערהויך...

— זאָל דיך נישט ארען מיין טויט — האָט די מוטער געשריגען צום זוהן — נעם נקמה אן דעם מערדער פון דיין פאָטער און ברידער!

ביי יוחנן הורקנוס איז אָבער שטארקער געווען דער געפיהל פון ליעבע צו זיין מאמע ווי דער נקמה־געפיהל און ער איז אוועק פון פעסטונג.

ווי יוחנן איז אוועק האָט תלמי דערמאָרדעט זיין שוויגער און איז אנטלאָפען.

ניין און צוואַנציג יאָהר איז יוחנן הורקנוס אלט געווען ווען ער איז געוואָרען כהן גדול און נשיא. און איין און דריי־סיג יאָהר האָט ער געהערשט אין אידישען לאנד. ער האָט פיעל גוטעס געטאָן פאר זיין פאָלק.

מיט דער הילף פון די רוימער האָט ער בעפרייט די אידען פון סירישען יאָך. ער האָט אונטערטעניג געמאכט דאָס לאנד אדום און די איינוואוינער האָט ער געצוואונגען זיי זאָלען זיך מגייר זיין. די בותים האָט ער אונטערדריקט. ער האָט חרוב געמאכט זייער שטאָדט שכם און צושטערט זייער טעמפעל, וואס זיי האָבען געהאט אויפ׳ן בארג גריזים. ער האָט אויך פערוויסט די שטאָדט שומרון און די איינוואוינער פון בית שאן און עמק יזרעאל האָט ער געצוואונגען זיי זאָלען זיך מגייר זיין. די וואָס האָבען דאָס נישט געוואָלט טאָן האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס לאנד.

אז דאָס לאנד איז רוהיג געוואָרען פון די מלחמות האָט



ווי אזוי די "פרושים" פלעגען געהן געקליידעט.

ער זיך גענומען צו פערשענערן ירושלים. א סך וואונדער־שעהנע געביידעס האָט ער אויסגעבויט אין דער הייליגער שטאָדט. אויף דעם זעלבען פלאַץ וואו דער פּאַלאַץ פון שלמה המלך איז געשטאַנען, נישט ווייט פון בית המקדש האָט ער אויסגעבויט אַ רייכען פּאַלאַץ פאר די אידישע הערשער. ער האָט נאָך געבויט שעהנע בריקען און גרויסע געביידעס פאר פאָלקס־פערזאַמלונגען.

אין זיין צייט איז געגרינדעט געוואָרען דאָס סנהדרין. דאָס גרויסע סנהדרין פון איין און זיבעציג און דאָס קליינע סנהדרין פון דריי און צוואַנציג. אלע גרויסע תנאים און גע־לעהרטע זיינען געווען די סנהדרין. זיי האָבען פערשפּרייט די תורה און געמאכט די געזעצען פון לאַנד.

א סך גוטעס האָט ער געטאָן פאר'ן פאָלק, אָבער אין זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער געטאָן א זאַך, וואָס האָט צושטערט אלץ וואָס ער האָט געבויט.

דאס אידישע פאָלק איז דעמאָלט צוטיילט געווען אויף עטליכע פּארטייען. די גרויסע מעהרהייט האָט געהערט צו די "פּרושים", די פרומע, וואָס זענען געווען איבערגעגעבען צו דער תורה, ווי זי איז געלערנט געוואָרען פון די פרומע לעהרער, די חכמים און סופרים. עס זענען אייך געווען די "צדוקים", זיי זענען געווען כמעט די זעלבע, וואָס די הע־לעניסטען, נאָר זיי האָבען געגלויבט אין תורה שבכתב, נישט אין דער תורה שבעל־פּה. עס איז געווען נאָך א פּארטיי — די "איסיים". זיי זיינען געווען אָבגעזונדערט פון מענשען, זענען געווען ווייט פון שטאָדט און געלעבט אין וועלדער און הייהלען.

יוחנן הורקנוס האָט אלס הערשער, וואס איז זיך אָפט צוזאַמענגעקומען מיט גוי'שע קעניגען, נישט געקענט ריכטיג אָבהיטען די תורה. א סך זאכען האָבען איהם די חכמים איבער דעם ערלויבט.

נאָר דאָס וואָס אַ נשיא, אַ הערשער מעג, טאָר אָבער נישט טאָן דער כהן גדול. האָט פערדראָסען די עלטסטע און דאָס סנהדרין, וואָס יוחנן הורקנוס היט נישט די תורה אין דער צייט וואָס ער איז כהן גדול.

מען האָט אויך אויסגעטראַכט אויף איהם א בלבול, אז

ער טאָר נישט זיין כהן גדול צוליעב זיין געבורט. א בייזע צונג האָט אויסגעפּלוידערט, אז זיין מוטער איז געווען גע־פאנגען ביי די גריכען און געוואָרען פערגעוואַלטיגט. טאָרען איהרע קינדער נישט זיין כהנים.

איין מאָל, ווען הורקנוס איז צוריקגעקומען פון א מלחמה, האָט ער געמאכט א גרויסען באָל און פערבעטען אַלע חכמים און בעאמטע. ביים וויין טרינקען האָט הורקנוס זיך אָנגערופען:

— ווער עס האָט מיך געזעהן טאָן א קרומע זאך, זאָל מיר זאָגען, וועל איך עס פעררוכטען.

האָט זיך אָן אַלטער מאן אויפגעהויבען און געזאָגט:

— איהר האָט גענוג די הערשער־קרוין. לאָזט איבער די קרוין פון כהונה צו די קינדער פון אהרן הכהן...

— איך שטאם דאָך פון אהרן הכהן — האָט הורקנוס געזאָגט פערוואונדערט.

האָט איהם עמיצער געזאָגט, אז ער איז פּסול, ווייל זיין מוטער איז געווען געפאנגען. ער האָט געמאכט אַן אויס־פאָרשונג און עס האָט זיך ארויסגעוויזען אלס פאַלש. איז ער געוואָרען שטארק בייז אויף די פרושים, די פרומע. ער האָט זיי אַלע אראָפּגעוואָרפען פון די שטעלעס. ער האָט זיי אויך פערטריבען פון דעם סנהדרין. און ער האָט אויף זייער אָרט בעשטימט די "צדוקים".

איבער דעם איז דאָס פאָלק בייז געוואָרען אויף איהם און נאכגעטראָגען האַס צו זיין פאמיליע און קינדער און קינד'ס־קינדער. פון דעם איז ארויסגעקומען א סך בייז פאר די אידען.

הורקנוס האָט געהאַט פינף זיהן. פאר'ן טויט האָט ער בעשטימט זיין עלטסטען זוהן אריסתובל אלס כהן גדול און די רעגיערונג האָט ער איבערגעגעבען אין די הענד פון זיין פרוי.

באלד ווי אריסתובל איז געוואָרען כהן גדול האָט ער זיין מוטער, די הערשערין, מיט דריי ברידער אריינגעזעצט אין געפענגניש. נאָר זיין ברודער אנטיגנוס האָט ער געלאָ־זען פריי, ער האָט איהם שטארק ליעב געהאַט און ער האָט זיך געקרוינט אלס הערשער איבער די אידען.

דאס האט פערדראסען די פרומע אידען. די קרוין האבען זיי געוואלט זעהן נאר אויפ'ן קאפ פון איינעם פון דוד המלך'ס קינדער. זענען זיי בייז געווען וואס ער האט זיך אנגעטאן די אידישע קרוין.

און נאך אן ערגערע זאך האט אריסתובל געטאן וואס האט איהם געמאכט שטארק פערהאסט ביי די פרומע. ער האט זיך מיט די צדוקים נאך מעהר גע'חבר'ט ווי זיין פאטער און די פרומע האט ער אינגאנצען אבגעשטויסען.

דאס ערשטע יאהר פון זיין הערשאפט האט ער דער־קלערט קריעג די פעלקער, וואס האבען געוואוינט ארום די אידישע גרעניצען. אין מיטען א שלאכט איז ער אבער גע־פעהרליך קראנק געווארען און ער האט זיך געמוזט אומקע־רען נאך ירושלים.

זיין ברודער אנטיגנוס האט פערענדיגט די מלחמה מיט א גרויסען זיעג און מיט גרויס פאראד אריינגעפאהרען נאך ירושלים. אריסתובל'ס ווייב האט נישט פערגונען אנטיגנוס'ען די גרויסע עהרע און זי האט אנגערעדט איהר מאן, ער זאל שטילערהייט טויטען זיין זיעגרייכען ברודער.

ער האט זי געפאלגט. דער מארד פון זיין ברודער האט איהם דערנאך שטארק באנג געטאן, דאס געוויסען האט איהם שטארק געמאטערט און ער האט דאס יאהר נישט אויסגע־לעבט.

זיין אינגערער ברודער אלכסנדר ינאי איז געווארען קעניג אויף זיין ארט. אלכסנדר ינאי איז אינגאנצען אלט געווען דריי און צוואנציג יאהר, ווען ער האט אנגעהויבען קעניגען. שלומית, זיין פרוי, איז געווען די שוועסטער פון שמעון בן שטח, דער הויפט־פיהרער פון די פרומע. האט ער בעשטימט זיין שוואגער אלס הויפט־ראטגעבער. איינציגווייז האט ער ארויסגעזעצט די צדוקים פון סנהדרין און בעשטימט פרומע אויף זייער ארט. און די פרומע זיינען געווען זעהר צופרידען.

אלכסנדר ינאי האט געהאט גרויס ערפאלג און געוואר־נען א סך מלחמות. און מיט די פרומע האט ער געלעבט זעהר פריינדליך ביז צום צעהנטען יאהר פון זיין קעניגען.

ער אי זדעמאלט צוריקגעקומען זיעגרייך פון דעם קריעג

אין עזה. עס איז געווען סכות, און דער יום־טוב איז גע־פייערט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד. אַלכסנדר ינאי איז אַרויף אויפ'ן מזבח און געטאָן די עבודה ווי דער שטייגער פון די פרומע.

ביים וואסער־גיסען האָט ער פּלוצלונג זיך אָבגעקערט פון דעם פרומען מנהג און געגאָסען דאָס וואסער ווי די צדוקים ווילען. האָט זיך אויפגעהויבען א שטורם אין בית המקדש און דאָס גאַנצע פאָלק האָט איהם געשליידערט אין קאָפּ אריין די אתרוגים און שטאַרק געזידעלט.

האָט ער אָנגעהויבען ברענגען פאר כעס און געגעבען א בעפעהל צו זיינע געדונגענע סאָלדאַטען, וואָס זענען נישט געווען קיין אידען, זיי זאָלען זיך וואַרפען אויפ'ן פאָלק.

די סאָלדאַטען האָבען זיך אריינגעריסען אין גאָט'ס הויז און א סך אידען אויסגע'הרג'עט. דעמאָלט האָט ער זיך דערנעהנטערט צו די צדוקים און א לאַנגע צייט האָט גע־דויערט די מלחמה צווישען איהם און די פרומע. דאָס פאָלק האָט געהאַלטען מיט די פרומע פיהרער און האָט איהם שטאַרק פיינט געקראָגען.

די מלחמה האָט אָנגעהאַלטען זיין גאַנץ לעבען. עס האָט שוין נישט געהאָלפען וואָס ער האָט שפּעטער געוואָלט מאַכען שלום מיט די פרומע. ער האָט זיך אויך נישט געקענט בע־ליעבט מאַכען דערמיט, וואָס ער האָט דאָס אידיש לאַנד פער־גרעסערט און פערשטאַרקט. זיין פערנעמען די ים־שטעדט האָט איהם אויך נישט געהאָלפען צו געווינען חן ביים פאָלק. זיי האָבען איהם נישט געוואָלט מוחל זיין, וואָס ער האָט אַזוי פיעל אידיש בלוט פערגאָסען.

פערהאַסט ביים פאָלק איז ער געשטאָרבען אין זיינע בעסטע יאָהרען. ער האָט געלעבט ניין און פערציג יאָהר. פאַר'ן טויט האָט ער בעשטימט זיין פרוי שלומית אלס הער־שערין און זי געבעטען זי זאָל שליסען פריעדען מיט די פרומע.

ניין יאָהר האָט זי געהערשט. די גאַנצע צייט האָבען די אידען געלעבט שטיל און רוהיג. זי איז געווען א זעלטען גוטע פרוי און גאָט־פאַרכטיג. די פרומע האָבען געהאַט די אויי־בערמאַכט. און די תורה האָט זיך פערשפּרייט אין איהר

צייט. און די הויפּט־פיהרער זענען געווען איהר ברודער שמעון בן שטח און זיין חבר יהודה בן טבאי.

שלומית האָט געהאַט צוויי זיהן, הורקנוס און אריסתובל. הורקנוס, דער עלטסטער, איז געווען עהרליך און פרום, האָט זי איהם געמאַכט פאַר כהן גדול. אריסתובל האָט אָבער געהאַלטען מיט די צדוקים. ער האָט געוואוסט, אז נאָך זיין מוטער'ס טויט וועט זיין עלטערער ברודער ווערען דער הערשער, האָט ער צוזאַמענגעקליבען אן ארמעע פון די צדוקים און איינגענומען עטליכע אידישע שטעדט און פעסטונגען.

אז די פרומע האָבען דאָס געזעהן האָבען זיי פערשטאַנען אז ער וויל פערכאַפּען די קרוין, האָבען זיי ארעסטירט זיין ווייב און קינדער און זיי פערהאַלטען אַלס משכון.

אז שלומית איז געשטאָרבען האָבען די ברידער אנגעהויבען פיהרען קריעג איבער דער קרוין. ביים טאָל פון יריחו האָט הורקנוס פערלוירען די שלאַכט און ער איז אַנטלאָפען נאָך ירושלים. אריסתובל איז נעגאַנגען אויף ירושלים און איינגענומען די שטאָדט.

האָט הורקנוס נאָכגעגעבען. ער איז געבליבען כהן גדול און אריסתובל איז געוואָרען קעניג. זיי האָבען געשלאָסען שלום און געשוואוירען אויף דעם. צו פערשטאַרקען דעם שלום האָבען זיי זיך משדך געווען. אלכסנדר, אריסתובל'ס זוהן, האָט חתונה געהאַט מיט אלכסנדרה, הורקנוס' טאָכטער.

דריי יאָהר האָט געדויערט דער שלום. האָט זיך פּלוצלינג אריינגעמישט א ביטרער פאַלשער מענש. אנטיפּאַטאר, וואָס האָט געשטאַמט פון די אדומ'ער וואָס האָבען זיך מיט יאָוזרען צוריק געצוואונגענערהייט מגייר געווען, האָט זיך צוגעחנפ'עט צו הורקנוס'ען און איהם אָנגעהעצט אויף זיין יונגערען ברודער, וואָס האָט אַוועקגערויבט ביי איהם די קרוין.

ער האָט איהם אָנגערעדט צו אַנטלויפען צו קעניג ארעטעס פון אראַביען און בעטען זיין הילף צו פערטרייבען אַריסתובל'ען פון טראָהן. און אַלס לוין זאָל ער איהם אומקערען די שטעדט וואָס זיינע עלטערן האָבען צוגענומען ביי די אראַבער.

הורקנוס האָט איהם געפאָלגט. ארעטעס האָט גענומען מיט זיך אַ ארמעע פון פופציג טויזענד סאָלדאַטען און בע־

פאַלען דאָס אידישע לאַנד. אריסתובל איז ארויס אנטקעגען איהם, ער האָט אָבער פערלוירען די שלאַכט און ער איז אנטלאָפען נאָך ירושלים און זיך שטאַרק בעפעסטיגט. און ארעטעס האָט בעלאַגערט די הייליגע שטאָדט.

דאָס רוימישע קעניגרייך איז דעמאָלט געווען גאַנץ פריינדליך צום אידישען לאַנד. יאָהרען לאַנג איז געווען א פריינדליכער בונד צווישען רוים און ירושלים. האָבען ביידע ברידער, הורקנוס און אריסתובל געשיקט שלוחים צו סקווירוס'ען דעם רוימישען גובערנאַטאָר אין סיריען. זיי האָבען פאָרגעלייגט זייערע טענות פאר איהם און יעדער האָט געוואָלט, אז רוים זאָל איהם קומען צו הילף.

זיי האָבען איהם אויך געבראַכט טייערע מתנות. זענען איהם די מתנות פון אריסתובל בעסער געפעלען און ער האָט איהם געגעבען גערעכט. ער האָט בעפוילען דעם אראַבישען קעניג צו לאָזען ירושלים צורוה. דער אראַבישער קעניג האָט זיך דערשראָקען פאר די רוימער און האָט אוועקגעפיהרט זיין אַרמעע. הורקנוס און אנטיפאטאר זענען מיטגעגאנגען מיט איהם.

אַריסתובל האָט זיי נאָכגעיאָגט און דערלאַנגט קלעפּ די אַראַבישע אַרמעע, אז זי האָט איהם געהאַט צו געדענקען.

אנטיפאטאר האָט אָבער נישט גערוהט און ער איז אוועק נאָך סיריען צו דעם רוימישען פעלד־מאַרשאַל פּאמפּעאוס און איהם געבעטען ער זאָל זיך שטעלען אויף הורקנוס' זייט.

אריסתובל האָט זיך אָבער צוגעאיילט און צוגעשיקט פּאמפּעאוס'ן א זעלטענע מתנה. פון בית המקדש האָט ער אַרויסגענומען א וואונדערליכען קינסטלעריש אויסגעהאַקטען וויינשטאָק פון גינגאָלד און געגעבען פּאמפּעאוס'ן.

פּאמפּעאוס האָט צוגענומען די מתנות פון ביידע און זיך בעטראכט, אז פון דער ברודער־קריעג קען ער געווינען א גרויסען נאמען, האָט ער געהייסען ביידע ברידער קומען צו איהם און פאָרלייגען זייערע טענות.

הורקנוס און אריסתובל זענען געקומען צו איהם. ער האָט דערזעהן אז אריסתובל איז מוטיג און העלדיש און הורקנוס איז א שוואכלינג, האָט ער געהאַלטן גערעכט געגעבען הורקנוס'ען. מיט דעם שוואכלינג הורקנוס אלס קעניג, האָט ער זיך געטראַכט,

וועט איהם גרינגער אָנקומען צו מאַכען דאָס אידישע לאַנד אונטערטעניג צו רוים.

אריסתובל איז אוועק פון פּאמפּעאוס'ען אן אויפגערעג־טער. ער האָט פערשטאַנען, אז דער רוימישער פעלד־מאַרשאַל ארבייט אוים בייזע פּלענער געגען היילינגען לאַנד, האָט ער גענומען זיינע אנהענגער און בעפעסטיגט זיך אין פעסטונג פון בית המקדש און ער האָט אויפגעריסען די בריק וואָס פערבינדט די פעסטונג מיט דער שטאָדט.

פּאמפּעאוס איז מיט זיין ארמעע געגאַנגען אויף ירושלים



ווי די אידען טראָגען צינזען צו די רוימער.

און הורקנוס'עס לייט האָבען געעפענט די טויערען פאר איהם. דריי מאָנאַטען האָט פּאמפּעאוס בעלאַגערט די פעס־טונג פון בית המקדש ביז ער האָט זי איינגענומען.

ווילד און צורייצט האָט דאָס רוימישע מיליטער זיך אריינגעריסען אין בית המקדש און געמאַכט אַ גרויסע שחיטה. די כהנים וואָס זענען געשטאַנען ביים מזבח און גע־טאָן די עבודה האָבען זיך פון אָרט נישט געריהרט, זענען די רוימער זיי בעפאַלען און צוהאַקט מיט די שווערדען. דאָס בלוט פון די כהנים האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם בלוט פון די קרבנות.

צוועלף טויזענד אידען האָבען די רוימער אויסגעקוילעט אין הויף פון בית המקדש. פּאָמפּעאוס האָט זיך ארייגעריסען אין קדשי קדשים און געבליבען שטעהן פערוואונדערט. ער האָט דאָ נישט געפונען קיין בילד אָדער סטאַטוע. ער איז זיכער געווען, אז די אידען דינען צו א קאָפּ פון אן אייזעל. אזא בלבול האָט מיט יאָהרען צוריק אויסגעטראכט אנטיוכוס דער בייזער סירישער קעניג.

פּאמפּעאוס איז גלייך ארויסגעגאנגען פון בית המקדש. ער האָט נישט אנגעריהרט קיין זאך. ער האָט אויך איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע פערמעגען וואָס איז געווען אין דער קאַסע פון בית המקדש. דאָס איז ביי אלעמען בעטראכט געוואָרען פאר א גרויס נס און וואונדער.

דאס אידישע קעניגרייך איז אבער דעמאָלט אָבגעשאַפט געוואָרען. קיין אידישער קעניג איז נישט געווען מעהר. ארץ ישראל איז געוואָרען אונטערטעניג צו רוים. הורקנוס איז בעשטימט געוואָרען אלס כהן גדול און נשיא. רוים האָט ארויפגעלייגט אויף די אידען א שווערע לאַסט. זיי האָבען געמוזט צאָהלען פיעל צינזען. אלע שטעדט וואָס די חשמונאים האָבען איינגענומען, האָט רוים אָבגעריסען פון אידישען לאנד. א טייל האָט רוים דערקלערט פריי און אונאבהענגיג און די איבעריגע האָט פּאמפּעאוס געשטעלט אונטער׳ן שוץ פון רוים, אנשליסענדיג זיי צו סיריען, וואָס איז פערוואלטעט געוואָרען פון א רוימישען גובערנאַטאָר.

פּאמפּעאוס האָט דערנאָך שווער בעשטראָפט אריסתובל׳ן און זיינע אנהענגער. ער האָט זיי דערקלערט פאר רעבעלן און בונטאָווששטשיקעס. די פיהרער האָט ער דערמאָרדעט און די ארמעע גענומען אין געפאנגענשאַפט. ריסתובל׳ען, זיינע צוויי זיהן אלכסנדר און אנטיגנוס און זיינע צוויי טעכטער האָט ער מיטגענומען מיט זיך צו בעריהמען זיך מיט זיי, ווען ער וועט ארייגפאָהרען מיט טריאומף נאָך רוים.

א קורצע צייט שפּעטער איז אריסתובל׳ס זוהן אלכסנדר, וואָס איז געווען הורקנוס׳עס איידים, אנטלאָפען פון רוים און צוריקגעקומען נאָך ארץ ישראל.

באלד האָט ער צונויפגעקליבען א גרויסע ארמעע און איז געגאנגען אויף ירושלים. הורקנוס און אנטיפּאטאר האָבען

נישט געקענט ביישטעהן זיין ארמעע, זענען זיי אנטלאָפען.

אלכסנדר האָט זיך דערקלערט קעניג און בעפעסטיגט ירושלים. אנטיפּאטאר האָט אבער אָנגערייצט אויף איהם גאוויניוס'ן, דער רוימישער פעלד־מארשאל אין סיריען, און ער האָט נאָך א לענגערע בעלאגערונג געפאנגען אלכסנדר'ן און אוועקגעפיהרט נאָך רוים.

אריסתובל מיט זיין צווייטען זוהן אנטיגנוס זענען אויך אנטלאָפען פון רוים און צוריקגעקומען נאָך ירושלים. דאָס פאָלק האָט זיך דערפרעהט מיט זיי און געהאָפט אז אונטער זייער פיהרערשאפט וועט דאָס אידישע לאנד זיך באפרייען פון רוימישען יאָך. דער פאלשער און ביטרער אנטיפאטאר, וואָס האָט אליין געוואָלט ווערען הערשער איבער די אידען, האָט ווידער שטילערהייט אנגערייצט די רוימער און זיי זענען בעפאלען ירושלים און אריסתובל מיט זיין זוהן אנטיגנוס זענען געשלאָסען אין קייטען ווידער אוועקגעפיהרט געוואָרען נאָך רוים.

גאנץ אָפט זענען די רוימישע לעגיאָנען בעפאלען דאָס אידישע לאנד און אוועקגעפיהרט א סך רויב. קראסוס, דער רוימישער קריעגס־פיהרער, איז שפּעטער בעפאלען ירושלים און ארויפגעלייגט אויף די אידען א גרויסע קאָנטריבוציע. ער האָט אויך צוגערויבט דאָס גאנצע פערמעגען פון בית־המקדש. און פון ארץ ישראל איז ער געגאנגען מלחמה האל־טען מיט דעם לאנד פארטיען.

ער האָט אָבער אין פארטיען געהאט א גרויסע מפּלה. זיין ארמעע איז שטארק צושלאָגען געוואָרען און ער איז געפאלען אין שלאכט. א אידישער העלד פּיטאליוס האָט דאָס געוואָהר געוואָרען און גערופען די אידען צו בעפרייען זיך פון רוים'ס יאָך, האָט אָבער אנטיפאטאר גערופען קאסיאס'ן, קראסוס'עס נאָכפאָלגער, און קאסיאס האָט דערמאָרדעט פּיטאליוס'ען, דעם אידישען העלד, און דרייסיג טויזענד אידען האָט ער גענומען געפאנגען און זיי פערקויפט פאר שקלאפען.

אין דער צייט האָבען פאָמפּעאוס און יוליוס צעזאר, די צוויי גרעסטע קריעגס־פיהרער פון רוים זיך געשלאָגען אי־בער דער רוימישער קרוין. יוליוס צעזאר האָט געוואָלט אראָפּזעצען פאמפּעאוס'ען פון זיין אמט אין סיריען, האָט

ער בעפרייט אריסתובל'ען, דעם געפאנגענעם אידישען קע־ניג, און איהם בעשטימט פאר א מיליטער־פיהרער.

ער האט איהם געגעבען צוויי רוימישע לעגיאָנען און גע־הייסען זיי פיהרען נאָך ארץ ישראל און ארויסרופען פאמ־פעאוס'ען אויף מלחמה.

אנטיפאטאר'ס גוטע פריינד האָבען זיך דאָס דערוואוסט און האָבען אריסתובל'ען פערגיפטעט נאָך איידער ער האט פערלאָזט רוים. די אלע אינטריגעס זענען אנטיפאטאר'ן נאָך געווען וויניג. האט ער די גאַנצע געשיכטע דערצעהלט פאמ־פעאוס'ען און איהם אָנגערעדט ער זאָל טויטען אריסתובל'ס זוהן אלכסנדר'ען.

פאמפעאוס האט גע'הרג'עט אלכסנדר'ען און ער האט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן אריסתובל'ס ווייב און די אַנדערע קינדער. זענען זיי אָבער אַנטלאָפען נאָך קאלכיס און דער דאָרטיגער קעניג תלמי האט זיי אויפגענומען און בעהאלטען.

פיליפיאָן, תלמי'ס זוהן, האט חתונה געהאט מיט אריסתובל'ס עלטסטע טאָכטער, האט איהם זיין פאָטער תלמי נישט פערגונען צו האָבען אזא שעהנע און יחוס'דיגע פרוי, האט ער זיין אייגענעם זוהן געהייסען טויטען און דאָס ווייב האט ער גענומען פאר זיך.

אזוי איז געפאלען דער שטאָלץ פון די חשמונאים. א טאָכטער פון דער פאמיליע האט חתונה געהאט מיט א גוי און דערנאָך האט זי נאָך געלעבט מיט איהר שוועך, וואָס איז געווען איהר מאַן'ס מערדער.

נאכדעם ווי פאמפעאוס האט דערמאָרדעט אלכסנדר'ען, איז זיין פרוי אלכסנדרה, וואָס איז געווען הורקנוס'עס טאָכטער, צוריקגעגאנגען צו איהר פאָטער. זי האט געהאט צוויי קינדער: מרים, א זיבען יעהריג מיידעלע און אריסתובל, א קינד פון צוויי יאָהר.

מעהר ווי די צוויי קינדער איז נישט געבליבען פון דער גאַנצער בעריהמטע חשמונאים פאמיליע. די איבעריגע האָ־בען זיך שוין געהאט אויסגעמישט מיט די פרעמדע פעלקער. איז די גאַנצע האָפנונג פון פאָלק געווען אויף די צוויי קינדער.

דאָס פאָלק האט געדענקט דאָס העלדישקייט און גע־

טריישאַפט פון די חשמונאים. האָבען אַלע געלייגט זייער האָפנונג, אַז די קינדער וועלען גרויס ווערען, וועלען זיי זיך שטעלען בראש פון די אידען און פערטרייבען די רוימער.

דאָס פאָלק האָט שטאַרק ליעב געהאַט די קינדער, און זייער מוטער אלכסנדרה, וואָס איז געווען זעהר קלוג און פרום, האָט נאָך פערגרעסערט ביים פאָלק די ליעבע צו די קינדער.

זי האָט זיי געפיהרט אין גאָט׳ס וועג, האָט זיי ערצויגען אויפ׳ן שטייגער פון די ״פרושים״, די פרומע, און אז מרים האָט צוליעב איהר שטעלונג געמוזט אָנהויבען לערנען גרי־כיש, האָט זי נישט געוואָלט נעמען א גוי׳שען לעהרער פאר איהר, נאָר א פרומען אידען.

אין אלעקסאַנדריא זענען דעמאָלט געווען א סך פרומע אידען, וואָס זענען געווען גרויסע קענער פון גריכיש, האָט זי זיך געווענדעט צו חוניו כהן גדול׳ס אייניקלאך פון אלעקסאַנדריא, זיי זאָלען איהר שיקען א גוטען גריכישען לעהרער, וואָס איז אן עהרליכער און פרומער איד.

אין אלעקסאַנדריא האָט דעמאָלט געלעבט שבנא, עמיהוד׳ס אן אור־אור־אייניקעל, וואָס האָט געשטאַמט פון דוד המלך׳ס פאַמיליע. שבנא האָט געקענט גריכיש אויסגע־צייכענט. און ער איז רעקאָמענדירט געוואָרען צו זיין מרים׳ס לעהרער און ערציהער.

שבנא האָט שוין לאַנג געוואָלט פאָהרען נאָך ארץ ישראל. זיינע עלטערן׳ס עלטערן האָבען פערלאָזט דאָס אי־דישע לאַנד און זיך בעזעצט אין עגיפּטען. און שבנא האָט תמיד געבענקט צום לאַנד וואו זיין עלטער־עלטער זיידע דוד איז געווען דער מלך ישראל.

אז שבנא האָט דערפון זיך דערוואוסט האָט ער דאָס אָנגענומען מיט גרויס חשק און ער איז געפאָהרען נאָך ירושלים און געוואָרען מרים׳ס לעהרער און ערציהער. שפּע־טער האָט ער אויך געלערנט מיט מרים׳ס ברודער — אריסתובל.

שבנא האָט זיך שטאַרק צוגעבונדען צו די קינדער. זיי זענען געווען זעלטען שעהנע און גראַטענע קינדער און האָבען זיך גוט געלערנט און גוט געפיהרט.

דער פאלשער אינטריגאנט אנטיפאטאר האט דעמאלט שוין געהאט א סך מאכט. פאמפעאוס האט געהאלטען מיט איהם. ווען פאמפעאוס האט מלחמה געהאלטען מיט יוליוס צעזאר'ן איז איהם אנטיפאטאר געקומען צו הילף. און פאמפעאוס איז איהם דערפאר געווען זעהר דאנקבאר.

באלד אבער ווי פאמפעאוס האט פערלוירען און יוליוס צעזאר איז ארויס דער זיגער, איז אנטיפאטאר'ן געלונגען זיך איינצוקויפען ביי יוליוס צעזאר'ן און ער האט שוין אויך געהאלטען מיט איהם.

רוים האט דעמאלט אנערקענט הורקנוס'ען נישט מעהר ווי אלס כהן גדול און נשיא. אנטיפאטאר איז בעשטימט געווארען אלס הערשער איבער'ן אידישען לאנד. אנטיפאטאר האט זיין הערשאפט בעפעסטיגט. זיין זוהן פזאל האט ער בעשטימט אלס גובערנאטאר אין ירושלים און זיין זוהן הורדוס אלס גובערנאטאר אין גליל.

אין גליל האבען זיך אויפגעהאלטען א סך אנהענגער פון דעם אלטען אריסתובל. זיי האבען זיך נישט געוואלט אונטערגעבען הורקנוס'ען מיט דעם אדום'ניק אנטיפאטאר. זיי האבען געדולדיג געווארט אויף דעם טאג ווען דאס פאלק וועט זיך אבורייסען פון דער פרעמדער הערשאפט.

עס האט זיי אבער פערדראסען וואס די ארומיגע פעלקער פערשפרייטען זיך אלץ מעהר אין אידישען לאנד. זענען זיי פון צייט צו צייט בעפאלען די פרעמדע און זיי אנגעטאן געברענגטע צרות, עס זאל זיי מיאוס ווערען און זיי זאלען פערלאזען דאס אידישע לאנד.

אויף די דאזיגע אידישע פאטריאטען האט הורדוס אויסגעגאסען זיין גאנצען ווילדען כעס. ער האט זיי געכאפט און אויסגערארגט. קיין איינעם פון זיי האט ער נישט געלאזט לעבען.

אז ירושלים האט דאס דערהערט האט די גאנצע שטאדט געקאכט פון גרוים אויפרעגונג. עס איז קיינמאל נישט געהערט געווארען אין אידישען לאנד מען זאל כאפען מענשען און זיי טויטען אהן א משפט. צו ערשט מוז מען אויספארשען זייערע זינד און זיי שטעלען פאר דעם סנהדרין מיט

דעם נשיא. און דאָ כאַפּט הורדוס מענשען און קוילעט זיי אָהן דין און אָהן משפט!

דאָס האָט אויפגעהויבען א שטורם אין ירושלים. דאָס פאָלק מיט די פיהרער זענען געווען שטאַרק פערביטערט אויף הורקנוס'ען, וואָס ער האָט איבערגעגעבען דאָס גאַנצע לאַנד מיט דעם פאָלק אין די הענד פון דער אדומי'שער פאַמיליע, אַנטיפּאַטאר מיט זיינע זיהן, און זיי טוען מיט די אידען וואָס עס געפעלט זיי.

די אַלמנות פון די ערמאָרדעטע און זייערע בעטריבטע מאַמעס האָבען הורקנוס'ן נישט געלאָזט רוהען. ווען ער איז געגאַנגען אין בית המקדש, האָבען זיי איהם אַרומגערינגעלט מיט א גרויס געוויין און געיאָמער און געפאָדערט ביי איהם ער זאָל זיך אָברעכענען מיט הורדוס'ן, דער מערדער פון זייערע מענער און קינדער. דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיט איין קול דאָס געפאָדערט פון איהם.

דער שוואַכלינג הורקנוס האָט שוין נאָכגעגעבען. און ער האָט ערלויבט דאָס סנהדרין זאָל רופען הורדוס'ען צום משפט פאר זיינע ווילדע מערדערישע מעשים.

אנטיפּאַטאר האָט דערוויל שנעל געשיקט אָנזאָגען דער־פון דעם רוימישען גובערנאַטאָר אין סיריען. הורדוס'ען האָט ער געהייסען געהן נאָך ירושלים אין בעגלייטונג פון זיינע בעסטע סאָלדאַטען און ער זאָל שטעהן פאר די ריכטער פעסט און שטאָלץ און אָהן שרעק. הורדוס האָט איהם געפאָלגט און אזוי געטאָן.

הורקנוס האָט געדאַרפט זיין דער פאָרזיצענדער ביי דעם פּראָצעס. האָט דער רוימישער גובערנאַטאָר פון סי־ריען געלאָזט וויסען, אז ער האַלט איהם, הורקנוס'ען, פער־אַנטוואָרטליך פאר הורדוס'עס לעבען...

הורדוס איז ערשיענען פאר'ן סנהדרין אין זיין פולען אוניפאָרם פון פורפור, די שווערד אויף די לענדען און אַרומ־גערינגעלט פון זיינע סאָלדאַטען. מיט חוצפה האָט ער געקוקט אויף דעם הויכען געריכט, האָבען די ריכטער זיך דערשראָ־קען פאר איהם און געשוויגען.

שמעיה הזקן, דער עלטסטער פון סנהדרין האָט זיך אויפגעשטעלט און גערעדט בייזע רייד צו די ריכטער. ער

האָט זיי פאָרגעוואָרפען זייער שוואכקייט און מוטלאָזיגקייט און ער האָט געזאָגט:

— הערט וואָס איך ווארן אייך! אויב איהר וועט פערקוקען זיינע שווערע זינד, איהר וועט איהם שענקען זיינע ווילדע פערברעכענס, זאָלט איהר וויסען, אז שפּעטער וועט ער אייך אויך ערמאָרדען!

דאָ איז דאָס סנהדרין גרייט געוועזען איהם צו פעראורטיילען צום טויט, האָט אָבער הורקנוס זיך דערשראָקען און ער האָט געהייסען אָבלייגען דאָס ארויסזאָגען דעם טויט־אורטייל אויף מאָרגען.

בייננאכט האָט הורקנוס געהייסען הורדוס'ען אנטלויפען. הורדוס איז אנטלאָפען נאָך דמשק צו דעם רוימישען פעלד־מארשאל. יענער האָט איהם אויפגענומען מיט אָפענע ארעמס און האָט איהם בעשטימט אלס בעאַמטער פון ארם.

הורדוס האָט צוזאמענגעשטעלט א גרויסע ארמעע און געוואָלט געהן אויף ירושלים. ער האָט געוואָלט נעמען נקמה אין דעם סנהדרין און טויטען זיין רעטער הורקנוס. נאָר זיין פאָטער אנטיפּאטאר האָט איהם אָבגעהאלטען דערפון און געזאָגט:

— ווארט, עס איז נאָך נישט געקומען די צייט דערצו.

אנטיפּאטאר מיט זיינע זיהן האָבען בעפעסטיגט זייער הערשאַפט אויף'ן הייליגען לאנד. האָבען די אידישע פיהרער געווארנט הורקנוס'ען, אז עס וועט נישט לאנג געדויערן און אנטיפּאטאר וועט איהם אויך אראָפּזעצען און פערטרייבען. הורקנוס האָט דאָס שוין אליין אויך איינגעזעהן. ער האָט זיך אָבער גאָרנישט געקענט העלפען. ער איז געוועזען א גרוי־סער שוואכלינג און האָט צו קיין זאך נישט געהאַט קיין מוטה.

איינער פון די אנגעזעהענסטע אידישע פיהרער מאליך האָט דאָס שוין נישט געקענט פערטראָגען און ער האָט זיך נוקם געוועזען אין דעם אינטריגאַנט אנטיפּאטאר.

הורקנוס האָט געמאַכט א גרויסען באל. אנטיפּאטאר איז געוועזען צווישען די געסט. האָט מאליך אריינגעטאָן גיפט אין אנטיפּאטאר'ס וויין. ווי אנטיפּאטאר האָט אויסגעטרונ־

קען אַ האַלבען בעכער איז ער געפאַלען טויט. זיין טויט האָט אַרויסגערופען גרויס פרייד ביים פאָלק.

מאַליך האָט מורא געהאַט אַנטיפּאַטאר'ס קינדער זאָלען איהם נישט פערדעכטיגען, אז ער האָט זייער פאָטער פערסם'ט, האָט ער כלומר'שט בעדויערט זיין טויט.

דער כיטרער הורדוס האָט אָבער פערשטאַנען, אז דאָס איז געווען מאַליך'ס ארבייט, האָט ער שטילערהייט געהייסען די רוימישע סאָלדאַטען זיי זאָלען מאַליך'ען טויטען.

אז הורקנוס האָט געהערט אז זיין גוטער פריינד מאַליך איז טויט, האָט ער גע'חלש'ט פאר גרויס צער. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאר הורדוס'ען צו זאָגען אַ וואָרט געגען איהם.

דאָס פאָלק האָט שטאַרק געטרויערט אויף מאַליך'ס טויט. א סך האָבען זיך ארומגערינגעלט ארום מאַליך'ס ברודער און געוואָלט פערטרייבען די אַנטיפאַטאר פאַמיליע פון הייליגען לאַנד. זיי זענען בעפאַלען פזאל'ן, זיי וואָלטען איהם געווען בעזיעגט, איז אָבער הורדוס געקומען מיט די רוימישע סאָלדאַטען און דערשטיקט דעם אויפשטאַנד מיט איין קלאַפּ.

עס איז אָבער אַלץ נישט רוהיג געווען אין אידישען לאַנד. אַנטיגנוס, דעם אַלטען אריסתובל'ס זוהן, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע אַרמעע. זיין שוואָגער תלמי, דער קעניג פון קאַלסיס, איז איהם געקומען צו הילף. און זיי זענען געגאַנגען אויף ארץ ישראל.

הורקנוס האָט דאָס געהערט און די הויט האָט געציטערט אויף איהם. ער האָט מורא געהאַט טאָמער זיעגט אַנטיגנוס, מעג ער זיך געזעגענען מיט זיין לעבען. איז ער דערפאַר שטאַרק צופריעדען געווען ווען הורדוס איז ארויס אנטקעגען אַנטיגנוס'ען און איהם דערקלערט קריעג.

הורדוס האָט צוקלאַפּט אַנטיגנוס'ן און איהם פערטריבען פון אידישען לאַנד. אַ זיעגרייכער איז ער מיט גרויס פּאַראַד אריינגעפאָהרען אין ירושלים און הורקנוס מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד זענען איהם ארויס אַנטקעגען און איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד. הורקנוס האָט מיט זיינע אייגענע הענד ארויפגעלייגט אַ זיעגער־קראַנץ אויף הורדוס'עס קאָפּ און אַזוי געפיהרט איהם דורך די גאַסען פון ירושלים.

אלכסנדרה, מרים'ס מאַמע, האָט איהם אויך אָבגעגעבען גרויס עהרע און געמאַכט פאַר איהם א גרויסען באַל.

אויף דעם באַל האָט הורדוס געזעהן דאָס ערשטע מאָל מרים'ען.

מרים איז דעמאָלט אַלט געווען פופצעהן יאָהר. זי איז געווען ווי אַ יונגע רויז וואָס הויבט זיך אָן ענטוויקלען. הויך און פעסט געבויט. אַ קליין רונדיג געזיכט. אַ קליין נעזיל. די באַקען ווי בליהענדע רויזען אין שניי מיט חן־גריבעלעך פול צויבער. קליינע רויט־בליהענדע ליפּעלעך. אויגען בלויע ווי דער הימעל. און ליכטיג זענען איהרע אויגען און פייער־דיג ווי די זון. אַ לויטערער, גלייכער שטערן מיט אַ דינע צאַרטע הויט און פון דעם ווייסקייט בלויען זיך די דינע אָדערלעך אַרויס.

איהרע לאַנגע גאָלד־האָר ארומגעפלאָכטען ארום קאָפּ, האָבען אויסגעזעהן ווי א גין־גאָלדענע קרוין בעשאַפען פון גאָט אַליין. מרים איז געווען די שענסטע פון די שעהנע ירושלים'ער טעכטער.

און ווי שעהן זי איז געווען, אזוי איז זי געווען גוט און האַרציג. זי איז געווען געטריי דעם גאָט פון איהרע על־טערן און דאָס פאָלק האָט זי ליעב געהאַט ווי איהר לעבען. זי איז געווען אַ ריכטיג קינד פון די ערשטע חשמונאים.

איהר מוטער'ס פיהרונג איז איהר נישט געפעלען. זי האָט אַ סך געליטען וואָס איהר מוטער חנפ'ט הורדוס'ען און וויל איהם געפעלען. מרים האָט געוואוסט, אז די מוטער טוט דאָס צוליעב איהר גרויסען דורשט נאָך הערשאַפט, האָט איהר דאָס האַרץ וועה געטאָן אויף דעם.

איהר פערשטאָרבענעם פאָטער'ס אנדענקען איז איהר אָבער געווען זעהר טייער. זי האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ היילינגען. ער האָט זיך דאָך איינגעשטעלט דאָס לעבען פאַר זיין פאָלק און לאַנד.

זי האָט אויך שטאַרק בעדויערט איהר זיידע הורקנוס, וואָס צוליעב זיין שוואכקייט האָט ער געבראכט אַן אונגליק אויפ'ן פאָלק און דערלאָזט די "אדום'ער" צונעמען זיין הערשאַפט און טאָן מיט דעם לאַנד וואָס זיי ווילען.

הורדוס'ען האָט מרים נאָך נישט געהאַט געזעהן. זי האָט

איהם אָבער שרעקליך געהאסט בלויז איבער דעם, וואָס איהר מאַמע און זיידע האָבען איהר דערצעהלט פון זיין ווילדקייט און מערדערישע נאַטור. און ווען זי האָט גערעדט וועגען איהם האָט זי קיין אנדערן נאָמען פאַר איהם נישט געהאַט ווי: "דער האַלבער איד".

הורדוס איז דעמאָלט אַלט געווען ניין און צוואַנציג יאָהר. זיין אויסזעהן האָט גלייך דערצעהלט אַז ער איז נישט פון ריין בלוט, אַז ער איז אַ געמישטער פון צוויי פעלקער. יעקב און עשו זענען געווען אין זיין בלוט. ער איז געווען אַן אויסמישונג פון איד און אדום.

מיטעלגעוואַקסען. געבויט ווי פון שטאָל. אַ טונקעלע הויט. אַ לענגליך פּנים. אַ קרומע נאָז און פולע ליפּען. דער קאָפּ האָר און די באָרד האַלב ווייס און האַלב אַש־קאָליר.

אַז ער האָט זיך אויפגערעגט האָבען זיך איהם ברייט צו־שפּרייט די נאָזלעכער, דער שטערן האָט זיך איהם שטאַרק געקנייטשט און זיינע גרויסע ברעמען האָבען זיך געשטעלט אין דער הויך. זיינע גרויע אויגען האָבען געשפּריצט פייער־יווי פלאַקערנדער שוועבעל.

ער איז געווען זעהר מוטיג און געהאַט אַ שטורמישע נאַטור. און האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מאָס און קיין גרעניץ. ער האָט ליעב געהאַט און פיינט געהאַט אָהן אַ גרעניץ. ער האָט זיך אָבער געקענט בעהערשען און בע־האַלטען זיינע שטורמישע געפיהלען טיעף אין הארצען. אַ ווילען האָט ער געהאַט שטאַרקער פון שטאָל. ער האָט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָבגעשטעלט אויסצופיהרען זיין ווילען.

זיין שטאָלענעם כאַראַקטער האָט ער זיך אויסגעאַרבייט אונטער דעם איינפלוס פון די רוימער, ביי וועמען ער האָט געקראָגען זיין ערציהונג.

ווען הורדוס איז נאָך געווען אַ יונג יונגעל האָט מנחם, איינער פון די עסעיער, נביאות געזאָגט אויף איהם, אַז ער וועט אמאָל זיין אַ הערשער און טראָגען אַ קרוין אויף זיין קאָפּ.

צוליעב דער נבואה האָט אנטיפּאַטאר מיט זיין פאַמיליע זיך בעזעצט אין ירושלים און זיך אריינגעריסען אין הויז פון די אידישע הערשער.

דאָס האָט אויך געגעבען מוטה הורדוס'ען אריינצוקריגען די הערשאפט איבער דעם אידישען לאנד. ער האָט אָבער געוואוסט, אז אזוי לאנג ווי עס לעבט אן איבערבלייבונג פון דער חשמונאים פאמיליע, וועט זיין פלאַן נישט געראטען. האָט ער דערפאר בעשלאָסען זיך משדך זיין מיט הורקנוס'ען וועט ער ווערען א מיטגליעד פון דער חשמונאים פאמיליע און דאָס פאָלק וועט איהם אויפהערען האסען.

אלכסנדרה'ן, מרים'ס מוטער, איז אויך איינגעפאלען דער געדאנק. זי האָט געזעהן, אז איהר פאָטער הורקנוס, דער שוואכלינג, וועט נישט אָנהאלטען זיין הערשאפט ביז איהר זוהן אריסתובל וועט אויפוואקסען, ער זאל קענען ווערען הערשער. זי האָט גוט פערשטאנען, אז פון צוויי זייטען וויל מען ארויסרייסען די ממשלה פון איהר פאָטער. הורדוס פון איין זייט און איהר שוואָגער אנטיגנוס פון דער צווייטער.

און ווייל זי האָט אַנטיגנוס'ן נאָך מעהר געהאסט ווי הורדוס'ען, האָט זי בעשלאָסען צו געווינען פאר זיך הורדוס'ען. זי האָט איהם געוואָלט געווינען דורך ליעבע.

זי איז געווען א גרויסע שעהנהייט און אין די בעסטע יאָהרען. האָט זי געהאָפט, אז זי וועט איהם פאנגען אין איהר נעץ.

אויף דעם באל וואָס זי האָט געמאכט פאר הורדוס'ען האָט זי זיך אויסגעפוצט אין די שענסטע קליידער, האָט זיך בעהאנגען מיט טייער צירונג און מיט איהרע ברענענדע אויגען געצויגען הורדוס'ען צו זיך.

איז אָבער געשעהן דאָס אונדערוואַרטעטע. הורדוס איז פערברענט געוואָרען פון ליעבע. אָבער נישט צו דער מוטער, נאָר צו איהר טאָכטער, צו מרים'ען. און דאָס וואָס ער האָט פריהער געוואָלט טאָן צוליעב אויסרעכנונג אויף דער קרוין, האָט ער יעצט געוואָלט טאָן צוליעב זיין גרויסע ליעבע. ער האָט געוואָלט מרים'ען.

די וואונדערליכע שעהנהייט האָט אָנגעצונדען אין איהם א גרויס פייער. א ים פון ליעבע האָט אויפגעשטורעמט אין זיין הארץ און ער האָט מיט דעם גרויסען פייער אין זיין הארץ געזאָגט צו הורקנוס'ען :

— איך האָב ליעב אייער איינציקעל מרים. איך גיב אייך

מיין קאָפּ פאר איהר. גיט זי מיר פאר א ווייב און עס וועט זיין גוט פאר מיר און פאר אייך...

מרים האָט זיך שטאַרק געוואונדערט ווען זי האָט געזעהן די גרויסע פּאָרבערייטונגען וואָס איהר מוטער מאכט פאר דעם באל. אז זי האָט בעמערקט ווי די מוטער פוצט זיך אזוי שטארק, האָט זי אָנגעהויבען פערשטעהן איהר מוטער'ס פּלאַן. און עס האָט זי שטאַרק פערדראָסען אויף איהר.

נאָך גרעסער איז געוואָרען איהר פערדאכט ווען זי האָט דערזעהן הורדוס'ען, דעם "אדומישען קנעכט", ווי זי האָט איהם גערופען.

זי האָט דערזעהן א העלדישען מאַן מיט אַ הערשערישער נאַטור, שעהן און שטאַרק. זי וואָלט גאָרנישט געהאַט צו איהר מוטער פאר איהר פוצען זיך פאר איהם, ווען זי וואָלט נישט געווען געהערט אזויפיעל שווידערליכע געשיכטעס ווע־גען איהם. זי וואָלט מוחל געווען איהר מוטער וואָס וויל קריגען דעם העלד.

אָבער ווי פערציטערט איז זי געוואָרען אז זי האָט דער־הערט אז הורדוס וויל נישט איהר מוטער, נאָר זי !...

די מוטער האָט גלייך נאָכגעגעבען. ווי איהר פאָטער הורקנוס האָט איהר דערצעהלט הורדוס'עס פערלאַנג, איז זי בעשטאַנען. ווען זיי ביידע האָבען דאָס געזאָגט מרים'ען, איז זי שיער אויסגעגאַנגען פאר שרעק. זי האָט זיי אָב־געהאַקט זעהר שאַרף און אויפגערעגטערהייט גערעדט צו זיי אזוי שטרענג, אז זיי האָבען אַזעלכעס פון איהר קיינמאָל נישט געהערט.

זיי האָבען זי געוואָלט איבעררעדען און איהר דערצעהלט וואָס פאר אַ העלד ער איז און אז ער וועט נאָך זיין קעניג, האָט זי דערצאָרנט געשריגען :

— ווי שעמט איהר זיך נישט מיר דאָס גאָר צו זאָגען ? איהר האָט איהם אַלעמאָל גערופען "דער אדומ'ישער קנעכט", "דער האַלבער איד". ער איז אַ מערדער. זיין פאָ־טער האָט געבראַכט מיין טאַטע צום טויט, ווילט איהר איהם מיר געבען פאר א מאַן ? פאַרוואָס ? ווייל איהר ווילט בליי־בען הערשער ? ! שעמט איהר זיך גאָרנישט ? !

אז זי האָט דאָס געזאָגט האָט זי געציטערט פאר שרעק־ליכער אויפרעגונג און ביטער געוויינט. דער אַלטער האָט געזעהן, אז זי איז גערעכט האָט ער זי בעדויערט מיט א זיפץ פון טיפען הארצען און זי געלאָזט צורוה.

די מוטער האָט זי אָבער נישט אָבגעלאָזט און גע'טענה'ט צו איהר:

— א פרינצעסין קען נישט נאָכגעהן די געפיהלען פון איהר הארץ. זי מוז טאָן אזעלכע זאכען, וואָס לוינען פאר איהר פאָלק און לאנד. אפילו צוליעב אונזער גלויבען דארפ־סטו מיט איהם חתונה האָבען. דו וועסט קענען איהם אָב־היטען ער זאָל נישט אָבקערען פון אונזער גלויבען און פערפיהרען אונזער פאָלק.

די טענות האָבען אויך געווירקט אויף איהר לעהרער שבנא. ער האָט אויך צוגערעדט מרים'ען, זי זאָל נאָכגעבען.

מיט אויגען פול געוויין און דאָס הארץ פול שרעק האָט ענדליך מרים זיך געלאָזט צורעדען און זי האָט נאָכגעגעבען.

אז הורדוס האָט געקראָגען דעם גוטען ענטפער האָט ער אויפגעצאפּעלט פאר פרייד. פון גרויס ליעבע צו מרים'ען האָט ער גע'גט זיין פרוי, וואָס ער האָט געהאָט פון זיינע אינגעלישע יאָהרען.

זיי האָבען געשריבען תנאים און די חתונה איז אָבגע־לייגט געוואָרען ביז זי וועט אלט ווערען אכצעהן יאָהר.

דער שדוך האָט גערעטעוועט הורדוס'עס לעבען. עס איז געווען באלד נאכדעם ווי יוליוס צעזאר איז געוואָרען דער־מאָרדעט. מארקוס אנטאניוס, דער רוימישער פיהרער, איז געוואָרען הערשער איבער דעם אריענט. זענען געקומען צו איהם עטליכע אידישע פיהרער פון ירושלים און זיך בע־קלאגט פאר איהם אויף די "אדום'ישע ברידער", הורדוס און פזאל, וואָס האָבען מיט געוואלט פערכאפּט די מאכט אין אידישען לאנד און הערשען איבער הורקנוס'ען געגען זיי ווילען.

מארקוס אנטאָניוס האָט געוואָלט טויטען הורדוס'ען מיט זיין ברודער. איז איהם הורקנוס געקומען צו הילף. ער האָט אָבגעלייקענט די אלע בעשולדיגונגען און נאָך שטארק גע־לויבט די "צוויי ברידער" פאר זייער קלוגשאפט און העל־

דישקייט. הורדוס האָט איהם געבראַכט גרויסע מתנות דערצו און מאַרקוס אנטאָניוס האָט אַרויסגעטריבען די אידישע פיהרער און ביידע ברידער האָט ער בעשטימט אַלס גר־בערנאַטאָרען פון הייליגען לאַנד.

ירושלים האָט אָבער נישט גערוהט און ווידער געשיקט אנגעזעהענע מענשען צו אַנטאָניוס'ען אָנצוקלאַגען הורדוס'ען. אַנטאָניוס איז אָבער בייז געוואָרען אויף זיי, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַן אָבטיילונג רייטער אויף זיי. און די אנגעזעהענע לייט זענען צוטראָטען געוואָרען אונטער די פערד.

פּלוצלינג האָט זיך אָנגערוקט אַ גרויסע צרה אויף הורדוס'ען מיט הורקנוס'ען. די פּאַרטיאַנער האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד און צוקלאַפּט די רוימישע לעגיאָנען. זיי האָ־בען אויך איינגענומען אַרם.

אַנטאָניוס האָט זיך נישט גענומען צום האַרצען די גאַנ־צע געשיכטע: ער איז געווען שטאַרק פערליעבט אין קלע־אָפּאַטראַ'ן, די עגיפּטישע קעניגין. ווי אַ פייגעלע אין שטייג איז ער געווען געפאַנגען אין דער נעץ פון קלעאָפּאַטראַ'ס ליעבע און איהר צויבער.

אַנטיגנוס'עס שוועסטער־זוהן ליזאַניאַס פון קאַלסים האָט אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאָמענט און ער איז אַוועק צו דעם זיעגרייכען פּאַרטיאַנישען קעניג פּאַקאַרים, געבראַכט איהם גרויסע מתנות און איהם געבעטען, ער זאָל מיט איהם צוזאַמען געהן אויפ'ן אידישען לאַנד און פער־טרייבען די רוימער, אויסראָטען די "אדומים" און אַראָפּ־זעצען הורקנוס'ען און בעשטימען אויף זיין אָרט זיין פעטער אַנטיגנוס.

זענען די פּאַרטיאַנער געגאַנגען אויפ'ן אידישען לאַנד. אַנטיגנוס איז צוגעשטאַנען מיט אַ שטאַרקע אַרמעע און זיי זענען געשטאַנען פאַר די טויערן פון ירושלים.

די אידען פון ירושלים וואָס האָבען הורדוס'ען שטאַרק פיינט געהאַט האָבען גלייך געעפענט די טויערן פאַר זיי און די שטאָדט איז געוואָרען איינגענומען.

הורקנוס מיט הורדוס'ען און זיין ברודער פּזאַל האָבען

זיך בעפעסטיגט אין חשמונאים פאלאץ און אין פעסטונג פון בית המקדש.

דער פארטיאנישער גענעראל האט זיי געוואלט פאנגען לעבעדיגערהייט, האט ער זיי פארגעלייגט צו געהן צום פארטיאנישען קרוינפרינץ און ווירקען אויף איהם, ער זאל זיך שטעלען אויף זייער זייט.

הורקנוס און פזאל האבען איהם געגלויבט און זענען ארויסגעגאנגען פון דער פעסטונג. דער גענעראל האט זיי גלייך געהייסען שליסען אין קייטען און ווארפען אין תפיסה. פזאל האט זיך צושמעטערט דעם קאפ אין געפענג־ניש. הורקנוס איז איבערגעגעבען געווארען צו אנטיגנוס'ען און ער האט איהם מיט די צייהן אבגעביסען אן אויער, ער זאל האבען א פעהלער און מעהר נישט טארען זיין כהן גדול. דערנאך האט ער איהם איבערגעגעבען צו די פארטיאנער און זיי האבען איהם אוועקגעפיהרט געשלאסען אין קייטען נאך פארטיען.

הורדוס האט זיך געראטעוועט. ביינאכט האט ער גע־נומען זיין מוטער און שוועסטער; זיין כלה מרים מיט איהר מוטער און אנטלאפען אין פעסטונג מסדה, לעבען געזאל־צענעם ים. ער האט זיי איבערגעלאזט ביי זיין ברודער יוסף און אליין איז ער אוועק נאך אראביען און געזוכט הילף ביים דארטיגען קעניג, וואס איז געווען זיין פאטער'ס א גוטער פריינד. דער אראבישער קעניג האט איהם אבער ארויסגעיאגט פון זיין לאנד. איז ער געלאפען נאך מצרים. ער איז געפעלען געווארען דער קעניגין קלעאפאטרא און זי האט איהם געוואלט מאכען פאר א פעלד־מארשאל אין איהר ארמעע.

דער שטאלצער הורדוס וואס האט געזוכט די קרוין האט נישט געוואלט אננעמען איהר פארשלאג. ער האט זיך דערוואוסט, אז אנטאניוס איז אין רוים, האט ער גענומען א שיף און זיך געלאזט נאך רוים.

---

אנטיגנוס איז געווארען כהן גדול און אידישער קעניג. ער האט געגלויבט אז זיין טראהן איז זיכער. די חכמים און די געלערנטע האבען זיך אבער געהאלטען פון איהם פון

דערוויטענס. זיי האָבען איהם נישט געקענט מוחל זיין זיין שענדליכע טאַט, וואָס ער האָט געטאָן זיין פעטער הורקנוס, אָבבייסענדיג איהם דאָס אויער. זיי האָבען אויך נישט גע־קענט שענקען די שאַנד וואָס זיין שוועסטער האָט געטאָן. זי, אַ אידישע פּרינצעסין און אַ טאָכטער פון כהנים האָט חתונה געהאַט מיט אַ געצענדינער און פערשוועכט דעם נאָ־מען פון איהר משפחה, די חשמונאים.

האָט אַנטיגנוס דערפאַר פיינט געהאַט די "פּרושים", די פרומע אידען און אָפט האָט ער עפענטליך בעוויזען זיין שנאה צו זיי.

ער איז איינמאָל נאָך דער עבודה ארויסגעגאַנגען פון בית המקדש. דאָס גאַנצע פאָלק איז געגאַנגען נאָך איהם. אויפ'ן וועג האָט דאָס פאָלק דערזעהן פון ווייטענס געהן שמעיה און אבטליון, די גרויסע תנאים, האָט דאָס גאַנצע פאָלק איבערגעלאָזט דעם קעניג־כהן גדול און נאָכגעגאַנגען די תנאים, וואָס זענען דאן געווען די פיהרער פון סנהדרין.

שמעיה און אבטליון האָבען אָבער מורא געהאַט אַז אַנטיגנוס וועט ווערען בייז, האָבען זיי איהם געוואָלט בע־רוהיגען און זיי האָבען אָנגעהויבען געהן נאָך איהם. איז שוין אויך דאָס גאַנצע פאָלק נאָכגעגאַנגען ביז זיי האָבען איהם צוגעפיהרט צו זיין פּאַלאַץ.

איהם האָט דאָס אָבער נישט בעפרידיגט. אַז שמעיה און אבטליון זענען צוגעגאַנגען זיך געזעגענען מיט איהם, האָט ער געזאָגט צו זיי מיט שפּאָט:

— געהט געזונדערהייט, פרעמד פעלקערדיגע.

ער האָט זיי געשטאָכען דערמיט. שמעיה און אבטליון זענען ארויסגעקומען פון גרים. זיי האָבען איהם דאָס נישט פערשוויגען און געענטפערט:

— עס איז בעסער צו זיין אַ פרעמדפעלקערדיגער און זוכען שלום ווי אהרן הכהן, איידער צו זיין אַ זוהן פון אהרן הכהן און פיינט האָבען שלום ווי פרעמפעלקערדיגע, גוים...

אַנטיגנוס האָט אַ סך מאָל אַזוי זיך געפיהרט און די חכמים און די פרומע האָבען פון איהם אַלץ מעהר זיך דער־ווייטערט. דאָס האָט איהם אָבער נישט געאַרט. ער האָט

געהאט איצט איין פערלאנג. ער האט געוואלט איינגעמען די פעסטונג מסדה און זי צושטערען.

מתתיהו'ס זוהן יונתן האט געבויט די פעסטונג מסדה. די פעסטונג איז געשטאנען אויפ'ן שפיץ פון א פעלזיגען בארג ביים ברעג פון געזאלצענעם ים. ארום דעם בארג זע־נען געווען זעהר טיעפע טאלען. נאר איין שמאלער וועג וואס איז געגאנגען קרום אויפ'ן רוקען פון בארג האט גע־פיהרט צו דער פעסטונג.

לעבען פעסטונג איז געווען א גרויסער ברייטער פלאץ מיט זעהר פרוכטבארע ערד. דער פלאץ איז געווען פול פעל־דער און וויינגערטנער און אלערליי פרוכט־בוימער.

אין פעסטונג זענען געווען ספּעציעל געבויטע שפייכ־לער וואס עסענווארג און געטראנקען האבען יאהרען לאנג דארט געקענט ליגען און קיינמאל נישט ווערען קאליע. א סך טיעפע ברונעמער איז דארט געווען מיט גענוג וואסער אויף א לאנגע צייט פאר מאסען מענשען און פיה.

אין דער שטארקער פעסטונג האט הורדוס געבראכט זיינע קרובים און זיין כלה מרים מיט איהר מוטער. שבנא, מרים'ס לעהרער, איז אויך דארט געווען. מרים מיט איהר ברודער אריסתובל האבען איהם שטארק ליעב געהאט און זיך נישט געוואלט צושיידען מיט איהם.

הורדוס האט דארט געלאזט זיין ברודער יוסף מיט אכט הונדערט סאלדאטען צו היטען די פעסטונג מיט דער פא־מיליע.

שבנא האט זיך דארט נעהנטער בעקענט מיט הורדוס'עס פאמיליע און ער האט אויסגעפונען איטליכענס כאראקטער. הורדוס'עס מוטער האט ער אויסגעפונען איז געווען אן ארענטליכע פרוי. זי איז געווען א נאהנטע קרובה פון איינעם פון די גרעסטע אידישע מיליאנערען אין אנטאכיען. הורדוס'ס מוטער מיט איהר זוהן יוסף זיינען נישט געווען קיין פאלשע מענשען און האבען פיינט געהאט אינטריגעס.

דערפאר אבער איז איהר עלטסטער זוהן פּראָרעס און איהר איינציגע טאכטער שלומית געווען פאלש ווי א שלאנג און ווילד און בייז ווי די חיות אין וואלד.

פּראָרעס איז זעלטען געקומען צו דער מוטער. ער איז

שטענדיג געווען אויף זיין גוט אין אדום. שלומית איז אבער שטענדיג געווען אין הורדוס'עס הויז. זי איז שוין געווען פערהייראט. זי האט חתונה געהאט מיט א קרוב, יוסף האט ער געהייסען. זי איז אבער געווען א ביטערע פרוי, א בייזער שלאנג, האט דער מאן זי איבערגעלאזט און אוועקגעפאהרען מיט הורדוס'ן.

א בייזער גייסט האט שטענדיג געהערשט צווישען די פרויען אין הורדוס'עס הויז. הורדוס'עס מוטער מיט מרים'ס מוטער האבען זיך שטענדיג ארומגעריסען און געקריגט. אלעמאל האבען זיי זיך געוואלט אויספיינען איינע איבער די אנדערע. בעריהמט זיך און געענדיגט מיט קריגערייען. שלומית האט זיי אלעמאל אנגערייצט דערצו. אויף מרים'ען האט אין שלומית'ן געברענט א העליש פייער. זי האט איהר נישט פערגונען איהר שעהנקייט און קלוגשאפט און האט זיך אלעמאל געוואלט קריעגען מיט איהר. מרים האט זיך אבער בעהערשט און זי אויסגעמיטען.

אנטיגנוס האט געוואוסט אז אזוי לאנג ווי די "אדומים" וועלען זיין אין אידישען לאנד איז ער נישט זיכער מיט דער קרוין. בעזונדערס האט ער זיך געשראקען פאר הורדוס'ען, ווייל איצט איז ער דאך אויך געווארען א מיטגליעד פון דער חשמונאים פאמיליע, דורך דעם שידוך מיט מרים'ען. האט ער געוואלט פטור ווערען פון זיי.

ער האט שטילערהייט געלאזט זאגען מרים'ס מוטער, זי זאל מיט מרים'ען ארויסגעהן פון דער פעסטונג און קומען נאך ירושלים. דערפאר וועט ער מרים'ען געבען א גלייכען טייל אין דער רעגיערונג.

אלכסנדרה האט דערזעהן אין דעם גרויס עהרע, ווען איהר טאכטער וועט ווערען די הערשערין, האט זי זיך גע־לאזט איבערריידען. זי האט איהם שוין געוואלט מוחל זיין דאס גאנצע שלעכטס, וואס ער האט געטאן איהר פא־טער הורקנוס און זי האט מרים'ען פארגעלייגט צו פערלאזען מיט איהר די פעסטונג.

מרים האט אויפגעציטערט אז זי האט דאס דערהערט. זי האט זיך אבער בעהערשט, נישט געזאגט איהר קיין בייז װארט. נאר רוהיג האט זי ערקלערט, אז זי קען נישט ברע־

בען איהר שבועה, וואס זי האט געשוואוירען הורדוס'ען צו זיין זיין כלה.

—דו ווייסט דאך, מאמע, אז איך בין נישט געווארען זיין כלה, ווייל איך האב איהם ליעב — האט מרים געזאגט— נאר איצט איז פערפאלען. איך האב געשוואוירען. ווען איך וואלט אפילו איצט געוועזן פריי וואלט איך נישט געוואלט ריידען מיט אנטיגנוס'ען, וואס האט אויפגעהויבען זיין האנד געגען מיין זיידע הורקנוס, וואס איז דאך זיין אייגענער פעטער.

עס האט גארנישט געהאלפען. מרים האט זיך נישט גע־לאזט צורעדען צו העלפען אנטיגנוס'ען אין זיינע פלענער. מיט גוטען, האט אנטיגנוס געזעהן, וועט ער גארנישט אויפ־טאן, האט ער בעשלאסען צו געהן מיט בייזען. ער האט זיך געווארפען אויף דער פעסטונג און זי געוואלט איינעמען. עס איז איהם נישט געראטען, האט ער זי בעלאגערט און געוואלט די איינוואוינער פערהונגערען צום טויט.

די בעלאגערונג האט לאנג געדויערט. דאס וואסער האט זיך אויסגעלאזט פון די ברונעמער, און די איינוואוינער הא־בען פיעל געליטען פון דורשט. איז דאס פאלק שטארק פערבימערט געווארען אויף הורדוס'עס פאמיליע, ווייל צו־ליעב איהר איז געקומען דאס גאנצע אונגליק.

הורדוס'עס ברודער, יוסף, האט דערזעהן אז דאס פאלק איז צו שטארק אויפגערעגט, האט ער גענומען א העלפט פון די סאלדאטען און זיך ארויסגעלאזט צו אנטיגנוס'עס ארמעע.

ער האט געהאט אבגערעדט מיט שבנא'ן, אז פריהער וועט ער זיך דורכרייסען דורך דער פיינדליכער ארמעע און שפעטער זאל שבנא נאכקומען מיט די איבעריגע סאלדאטען, און די גאנצע פאמיליע און זיי וועלען זיך ראטעווען און אנטלויפען נאך אראביען.

יוסף האט אבער געמאכט א טעות. ער האט זיך נישט געקענט דורכרייסען דורך דער בעלאגערונגס ארמעע. אנ־טיגנוס'עס סאלדאטען האבען איהם שטארק צוקלאפט און צוריקגעיאגט אין פעסטונג אריין.

מרים האט דעמאלט געוויזען וואונדער. טאג און נאכט

איז זי געווען פערנומען מיט ברענגען הילף די הונגעריגע און דורשטיגע, די קראַנקע און צובראָכענע. פון די פעס־טונג שפּייכלער האָט זי זיי געבראַכט עסען און רפואות. די איינוואוינער האָבען זי שטאַרק ליעב געהאַט און נאָר צוליעב איהר האָבען זיי נישט איבערגעגעבען די פעסטונג אין אנטיגנוס'עס הענד. און נאָר מרים האָט געראַטעוועט הורדוס'עס פאַמיליע פון טויט.

די לאַגע איז אָבער געוואָרען ערגער און שרעקליכער פון טאָג צו טאָג. דאָס פאָלק האָט געשטורמט. עס איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און דורשט. די סאָלדאַטען זע־ווי זיי זענען אָבער נאָר ארונטער אין טאָל, זענען אַ זיין ווילען.

שבנא האָט געזעהן אַז באַלד וועלען די סאָלדאַטען אליין איבערגעבען די פעסטונג צו אנטיגנוס'ען, האָט ער פאָרגע־שלאָגען יוסף'ן נאָך אַמאָל צו פּרובירען די קרעפטען אין אן אָפענער שלאַכט.

ווי זיי זיינען אָבער נאָר ארונטער אין טאָל, זיינען אַ סך סאָלדאַטען פון זייער אַרמעע אריבערגעלאָפען צו אנ־טיגנוס'ען און צוגעשטאַנען צו איהם. אנטיגנוס האָט זיי ארומגערינגעלט און ער האָט געוואָלט נעמען געפאַנגען די פרויען.

שבנא איז דעמאָלט פערוואונדעט געוואָרען פון אַ פייל און אראָפּגעפאַלען פון פערד. אנטיגנוס האָט שוין געהאַל־טען מרים'ען און זי געוואָלט אַרויפנעמען צו זיך אויפ'ן פערד. מרים האָט זיך געוועהרט געגען איהם מיט אַלע קרעפטען. האָט זיך פּלוצלינג דערהערט דאָס שטורמישע אָנקומען פון אַ גרויסע אַרמעע.

מיט שטורם האָט זיך די אָנגעקומענע אַרמעע געוואָר־פען אויף אנטיגנוס'עס סאָלדאַטען און זיי האָבען זיך צור־שפּרייט ווי פּלעווע אויפ'ן ווינד.

פאָראויס פאַר דער אָנקומענדער אַרמעע האָט געריטען הורדוס אויף אַ ריזיג פערד. ער האָט געהאַלטען די שווערד אין האַנד און געשניטען אויף רעכטס און לינקס. נאָך איהם האָט געצויגען אַ סך מיליטער וואָס האָט פערדעקט דעם גאַנצען טאָל.

אנטיגנוס האָט גלייך אָבגעלאָזט מרים'ען און מיט אַלע קרעפטען געטריבען זיין פערד. ער איז אַנטלאָפען איינער אַליין און זיך געראַטעוועט דאָס לעבען.

## דער לעצטער קעניג פון די חשמונאים

אין עלענטער און אַנטלאָפענער איז הורדוס געקומען נאָך רוים און אין זיבען טעג אַרום האָט ער פערלאָזט רוים געקרוינט אַלס קעניג פון אידישען לאַנד.

אנטאָניוס האָט איהם בעקענט מיט אָקטאַוויוס'ען.ביידע האָבען הורדוס'ען פאָרגעשטעלט פאַר'ן רוימישען סענאַט און איהם געריהמט אַלס העלד און געטרייער דינער פון רוים. דער סענאַט האָט איהם גאַנץ פריינדליך אויפגענומען און אויסגערופען הויך:

— עס זאָל לעבען קעניג הורדוס!

דער סענאַט האָט איהם געקרוינט אין קאַפּיטאַליום און אנטיגנוס איז דערקלערט געוואָרען אַלס פיינד פון רוים.

אין זיבען טעג אַרום איז הורדוס צוריקגעפאָהרען נאָך ארץ ישראל. איצט איז ער געווען דער אידישער קעניג, דער רוימישער סענאַט האָט איהם געקרוינט און פערזיכערט גרויס שטיצע.

זיין מוטער'ס קרוב, דער אידישער מיליאָנער פון אַנ־טאַכיען, האָט איהם געגעבען גרויסע סומען געלד. הורדוס האָט געדונגען פאַר דעם געלד אַ סך נישט אידען און איינ־וואוינער פון גליל, און צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע אַרמעע.

זיין ערשטער שריט איז געווען צו געהן צו דער פעסטונג מסדה, וואו ער האָט איבערגעלאָזט זיין פאַמיליע. און ער איז טאַקי געקומען אין צייט. ער האָט זיי אַלעמען געראַ־טעוועט פון אנטיגנוס'עס הענד.

באַלד נאָך דער שלאַכט, ווען אנטיגנוס איז אַנטלאָפען, איז געגאַנגען אַ גרויסער רעגען. אַלע ברונימער פון מסדה זיינען פול געוואָרען מיט וואַסער. די איינוואוינער האָבען געטרונקען און געלאָשען דעם דורשט און פרעהליכע זיך אומגעקערט אין די הייזער.

מרים איז פון דער גרויסער שרעק און אויפרעגונג שטאַרק קראַנק געוואָרען. שבנא האָט אויך געהאַט שווערע וואונ־

דען. זיי זענען אָבער גאַנץ גיך געזונד געוואָרען און די פרייד אין הורדוס׳עס הויז איז געוואָרען פול. אין דער שווערער צייט האָט אויך הורדוס׳עס מוטער געשלאָסען שלום מיט מרים׳ס מוטער און שלומית, זיין שוועסטער, האָט אויפגעהערט פיינט צו האָבען מרים׳ען.

הורדוס האָט געוואָהר געוואָרען ווי געטריי שבנא איז געוועזען, האָט ער איהם געוואָלט מאַכען פאַר אַ מיליטער עלטסטען און איהם פאַרגעלייגט צו געהן מיט איהם איינ־נעמען ירושלים.

שבנא האָט זיך אָבער אָבגעזאָגט דערפון.

— מיין רוהיגע ארבייט אָלס לעהרער פון די קינדער איז מיר ליעבער — האָט שבנא דערקלערט הורדוס׳ען — איך וויל נישט זיך מאַכען אַ נאָמען אויף׳ן שלאַכטפעלד.

הורדוס האָט זיך געזעגענט מיט זיין פאַמיליע און געפיהרט זיין אַרמעע נאָך ירושלים איבערצונעמען דעם טראָהן. עס איז איהם אָבער אָנגעקומען; גאָרנישט גרינג. דאָס פאָלק האָט געהאַלטען מיט דעם חשמונאישען קעניג — מיט אנטיגנוס׳ען.

די רוימער זענען געוועזען פערדרעהט אין אַ מלחמה מיט די פאַרטיער אין סיריען. אנטיגנוס האָט טיילערהייט אונ־טערגעקויפט עטליכע רוימישע מיליטער פיהרער, האָבען זיי זיך געהאַלטען פון וויטענס.

הורדוס האָט געזעהן אַז זיין אַרבייט איז אומזיסט, ער קען נישט איינגענעמען ירושלים, האָט ער אַרויסגענומען זיין פאַמיליע פון מסדה, וואָס איז דאָך נישט געוועזען זיכער איינ־גאַנצען, און אוועקגעפיהרט אויף זיינע גיטער אין שומרון, וואו זייער לעבען איז געוועזען זיכער. און ער אַליין איז אוועק צו אנטאָניוס׳ען, וואָס האָט דעמאָלט געפיהרט די מלחמה לעבען טייך פרת, און ער איז אַריינגעטרעטען אין זיין אַרמעע.

הורדוס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אין דער מלחמה און עס איז איהם געלונגען צו קריגען הילף פון אנטאָניוס׳ען דורך אַ גרויסער ארמיי. דער רוימישער מי־ליטער פיהרער מיט אַ סך לעגיאָנען זענען געגאַנגען מיט הורדוס׳ען אויף ירושלים.

אַז הורדוס איז אָנגעקומען מיט די רוימער, האָט זיך דאָך גאַנצע לאַנד געשטעלט נעגען איהם. לעבען יריחו איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט און יוסף, הורדוס'עס ברודער,



[illegible]ראַמען אין די אַלטע צייטן

איז געפאַלען טויט. הורדוס האָט גענומען נקמה פאַר זיין ברודער'ס טויט און די איינוואוינער פון די אַרומיגע שטעדט און דערפער און פיעל פריעדליכע מענשען אויסגעקוילעט.

זיעגרייך מיט דעם טויט פאַראויס איז ער געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און אומעטום געמאַכט אַ גרויסען חורבן. דערנאָך האָט ער זיך מיט שטורם געלאָזט אויף ירושלים. די הייליגע שטאָדט האָט זיך אָבער געהאַלטען פעסט, האָט ער זי בעלאַגערט.

הורדוס האָט אָבער געוואוסט, אַז די העלדישע ירושלים וועט אַזוי גיך זיך נישט אונטערגעבען, האָט ער איבערגעלאָזט די רוימער צו בעלאַגערן ירושלים און ער איז אַוועק נאָך חברון פראַווען די חתונה מיט זיין געליעבטע מרים.

זי האָט שוין אויך געהאָפט אויף דעם טאָג. נישט פון ליעבע צו הורדוס'ען האָט זי שוין געוואָלט חתונה האָבען, נאָר זי האָט געהאָפט אַז נאָך דער חתונה, ווען ער וועט זיין אַ מיטגליעד פון דער חשמונאים פאַמיליע, וועט דאָס פאָלק מאַכען שלום מיט איהם, דאָס לאַנד וועט זיך בערוהיגען און אידיש בלוט וועט זיך נישט גיסען אויף די גאַסען.

° חתונה איז געפראַוועט געוואָרען מיט גרויס פאראד. צו הורדוס'עס פרייד איז נישט געווען קיין שעור. צווישען די געסט איז געווען מנחם דער עסעיער, וואָס האָט אַמאָל נביאות געזאָגט, אַז הורדוס וועט זיין אַ קעניג. הורדוס האָט איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד און געבעטען ער זאָל איהם זאָגען ווי לאַנג ער וועט קעניגען.

מנחם האָט איהם נישט געוואָלט זאָגען. האָט הורדוס אָנגעהויבען צעהלען. אַז ער איז געקומען צו זיבען און דרייסיג, האָט מנחם געזאָגט גענוג, איז הורדוס דעמאָלט זיכער געווען, אַז ער וועט קעניגען ביז'ן טיעפען עלטער.

זיבען טעג און זיבען נעכט האָט געדויערט די שמחה פון דער חתונה. דערנאָך האָט הורדוס זיך געלאָזט אויפסניי אויף ירושלים. ער האָט פערגרעסערט זיין מיליטער און זיין ארמעע איז שוין בעשטאַנען פון הונדערט טויזענד סאָלדאטען.

אין צוויי מאָנאטען ארום איז ירושלים געפאלען. די ארמעע איז אריין אויף דעם זעלבען וועג וואָס פאָמפעאוס איז מיט ניין און צוואַנציג יאָהר פריהער אריין אין דער הייליגער שטאָדט.

דאָס פאָלק האָט זיך געשלאָגען ווי לייבען. נאָר די אָנפיהרער, די תנאים האָבען זיך צוטיילט אין זייערע מיינונגען. שמעיה און אבטליון האָבען געהייסען אראָפּזעצען אנטיגנוס'ן, ווייל אזוי איז גאָט'ס ווילען. בבא בן בוטא, אנטיגנוס'עס קרוב, האָב געהאלטען מיט דעם חשמונאישען קעניג אנטיגנוס. ער מיט זיינע קינדער האָבען גערופען דאָס פאָלק צו בלייבען געטריי דעם אלטען קעניג.

עס האָט אָבער נישט געהאָלפען. די רוימער האָבען געמאַכט אַ גרויסע שחיטה אין שטאָדט. פיעל אידען האָבען זיי אויסגעקוילעט אויף דעם הר הבית. מרים האָט זיך אָבער איינגעשטעלט פאַר דער שטאָדט און מיט טרערען אין די אויגען געבעטען הורדוס'ען, די שחיטה זאָל אויפהערען.

ער האָט איהר נישט געקענט אָבזאָגען און איינגעשטילט די צוואווילדעטע רוימער.

אנטיגנוס האָט געזעהן אַז ער איז פערלוירען, האָט ער זיך געוואָרפען פאַר די פיס פון דעם רוימישען מיליטער

פיהרער סוסיוס און איהם געבעטען גענאָד. סוסיוס האָט איהם אבער מיט'ן פוס געגעבען א שטויס אוועק און מיט פעראכטונג געשריגען אויף איהם:

— "אנטיגאנא"! אידענע! — עס איז איהם נישט געפעלען וואס א קעניג דערנידעריגט זיך אזוי.

ער האָט איהם געשלאָסען אין קייטען און אוועקגעשיקט צו אנטאָניוס'ן נאָך אנטיוכיא. הורדוס האָט געבעטען אנ־טאניוס'ען ער זאָל מאכען מיט איהם א גיכען סוף. האָט איהם אנטאניוס צוליעב געטאָן. ער האָט געהייסען איהם אויסטאָן נאקעט, צוגעבונדען צו א קלאָץ און עפענטליך איהם געשמיסען מיט ריטער, ווי א פערזינדיגטען שקלאף. דערנאָך האָט ער איהם דערמאָרדעט מיט א שענדליכען טויט, האָט אָבגעהאקט זיין קאָפּ מיט א האק און איהם בעגראָבען מיט גרויס שאנד.

אזא בייזען סוף האָט געהאט אנטיגנוס דער לעצטער קעניג פון דער חשמונאים דינאַסטיע. נישט מעהר ווי דריי און א האלב יאָהר איז אנטיגנוס געוועזן קעניג און כהן גדול און זיין ענד איז געווען זעהר ביטער און טרויריג.

---

### הורדוס פערנעמט דעם טראָהן

אז הורדוס האָט זיך געזעצט אויפ'ן טראָהן, האָט ער גלייך ארויסגעוויזען זיין בייז הארץ. מרים'ס וויינען און בעטען האָט נישט געהאָלפען ווייכער מאכען זיין ווילדע און הארטע נאטור.

ער האָט געשטעלט א וואך ביי די טויערן פון ירושלים און געהייסען ארעסטירען יעדען איינעם וואָס וויל פער־לאָזען די הייליגע שטאָדט. ער האָט שטרענג בעשטראָפט אנטיגנוס'עס אנהענגער. פינף און פערציג לייט פון די אנ־געזעהענסטע האָט ער ערמאָרדעט און צוגענומען זייערע פערמעגענס.

ער האָט זיך אויך ביטער אָבגערעכענט מיט דעם סנהדרין. ער האָט אויסגעלאָזט זיין גרויזאמען האס צו זיי, ווייל זיי

האָבען מיט צוועלף יאָהר צוריק איהם געוואָלט פער'משפט'ן צום טויט פאר זיינע מערדערייען אין גליל.

דאָס גאַנצע סנהדרין האָט ער אומגעבראַכט, נאָר שמעיה און אבטליון האָט ער געלאָזט לעבען, ווייל זיי האָבען אין דער לעצטער מלחמה געהייסען אראָפּזעצען אנטיגנוס'ען פון טראָהן. בבא בן בוטא'ן האָט ער אויסגעשטאָכען די אויגען, ווייל ער האָט געהאלטען מיט אנטיגנוס'ען. ער האָט אויך געוואָלט אומברענגען זיינע קינדער, נאָר זיין גענעראל קאסטאבער פון אדום האָט אויף זיי רחמנות געהאט און זיי בעהאלטען.

אַז הורדוס האָט דערשטיקט אַלע זיינע געגנער און זיך געפיהלט פעסט און זיכער אַלס אידישער קעניג, האָט ער גענומען אויפבויען די צושטערטע הייזער אין שטאָדט און פאר זיך האָט ער אָנגעהויבען בויען אַ נייען גרויסען פּאַלאַץ.

סוף זומער האָט ער געבראַכט זיין פאַמיליע פון שומרון און ביז דער נייער פּאַלאַץ איז געוואָרען פארטיג, האָט ער זיך בעזעצט אין פּאַלאַץ פון די חשמונאים. דער חשמונאים פּאַלאַץ האָט איצט געהערט צו מרים'ס מאַמע אלכסנדרה און איהר זוהן אריסתובל.

עס איז געקומען ראש השנה. הונדערט יאָהר צייט איז דאָס פאָלק געוועהנט געוועזען צו זעהן אַ כהן גדול פון די חשמונאים טאָן די עבודה אין בית המקדש. און פּלוצלונג איז געקומען חנמאל, אַ פרעמדער פּראָסטער כהן, וואָס האָט געשטאַמט פון בבל און געוואוינט אין מצרים. איהם האָט הורדוס בעשטימט אַלס כהן גדול. דאָס פאָלק האָט אויך געדענקט זיינע גרויסע און בעריהמטע לעהרער, די חכמים, דאָס סנהדרין, וואָס פלעגען דערפרעהען דאָס פאָלק, ווען עס איז געקומען סוכות ביים "שמחת בית השואבה". איצט זיינען זיי אַלע טויט. הורדוס האָט זיי אומגעבראַכט מיט אַ גרויזאַמען טויט.

דאָס אַלץ האָט ארייינגעוואָרפען דאָס פאָלק אין גרויס טרויער. די אידען האָבען זיך גאָרנישט געפרעהט מיט דעם אָנקומענדען יום־טוב. מרים האָט דערזעהן דעם פאָלק'ס־טרויער און זי האָט בעשלאָסען, אַז דער יום־טוב מוז זיין

פרעהליכער ווי אלעמאל. זי האט געבעטען איהר לעהרער שבנא ער זאל איהר העלפען אין דעם.

נאך יום־כפור האבען זיי אוועקגעשטעלט פופצהן הויכע זיילען אין "עזרת נשים", וואו דאס פאלק קומט זיך צוזאמען פרעהען מיט דעם יום־טוב. די זיילען זענען געווען ארומגעוויקעלט מיט טייערע לולבים און איילבירט־בלעטער. א קליינער פלאטפארם איז געווען אויפ'ן שפיץ פון יעדען זייל און לעבען יעדען פלאטפארם זענען געשטאנען פיער לייטערס. נאר דער מיטעלטעלסטער זייל האט געהאט איין לייטער.

די לייטערס זענען געווען זעהר שעהן געשניצט און קינסטלעריש געטאקט. זיבען און פופציג לייטערס זענען געשטאנען לעבען די זיילען. זעקס און פופציג יונגע כהנים פראכטפולע, שעהנע בחורים, זענען צוגעגרייט געווארען צו קלעטערן גיך ארויף און אראפ אויף די לייטערס.

וואס דא וועט פארקומען איז געווען א סוד. נאר דער כהן גדול,ביידע עלטסטע פון סנהדרין און דער הויפט פון בית המקדש האבען געוואוסט. די אידען פון ירושלים און אלע געסט וואס זענען געקומען "עולה רגל" זיין האבען נייגעריג געווארט און געוואלט זעהן וואס דא וועט זיין. מען האט נאר געוואוסט אז א סך פעסער אויל איז געבראכט געווארען פון חשמונאים פאלאץ אהער. יעדער האט געוואלט טרעפען פאראויס וואס עס וועט פארקומען און עס איז געווען לעבעדיג אין דער הייליגער שטאדט.

ערב יום־טוב נאכמיטאג האט מען געזעהן ווי א סך קנעכט לאזען זיך ארויס פון חשמונאים פאלאץ און געהן צו דער בריק, וואס פיהרט אין בית המקדש אריין. די קנעכט האבען געטראגען פערצעהן גרויסע מנורות. יעדע מנורה האט געהאט פיער רעהרען מיט פיער בעקענס. איין מנורה איז געווען גרעסער פון אלע און האט געהאט נאר איין געוואלדיג גרויסען בעקען, פול מיט קנויטען.

די מנורות און די בעקענס זענען געווען פון ריין גאלד. נאכדעם האבען די קנעכט געטראגען זעקס און פופציג זיל־בערנע קרוגען, יעדע קרוג האט געהאלטען דרייסיג קווארט און איין גרויסע גאלדענע קרוג.

אז די מנורות מיט די בעקענס זענען ארויפגעשטעלט געוואָרען אויף די זיילען האָט דאָס פּאָלק פערשטאַנען, אז דאָס שטאַמט פון מרים'ען. זי וויל געבען א סך בעלייכטונג אין אווענד פון "שמחת בית השואבה".

דער ערשטער טאָג סוכות פארנאכט. די כהנים האָבען שוין מקריב געווען דעם "קרבן תמיד" פון פארנאכט. איז דער אינווייניגסטער הויף פון בית המקדש, דער גאַנצער "הר הבית", די מויער ארום און די "עזרת נשים" פול גע־וואָרען מיט מענשען. די פרויען האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף די דעכער ארום דער מויער און די מענער זענען גע־שטאַנען אונטען און געווארט אויף דער פייערונג.

מיט אמאָל האָבען די כהנים אָנגעצונדען די פלאַקערן. א גרויסע ליכטיגקייט האָט אַלעמען פערגאָסען. די זינגער און שפּילער האָבען געשפּילט און געזונגען אין אלע ווינקלען. א ליכטיגע פרייד און א פרעהליך געזאַנג האָט אָנגעפילט דאָס בית המקדש און זיך געטראָגען איבער דער הייליגער שטאָדט. דאָס פאָלק האָט געשטורמט פאר גרויס שמחה. די פרייד איז שטאַרקער און גרעסער געוואָרען ווען די זעקס און פופ־ציג יונגע כהנים האָבען זיך פלוצלינג בעוויזען. אין איין האַנד האָט איטליכער געטראָגען א זילבערנעם קרוג מיט אויל און אין דער צווייטער — א גרויסען פלאַקער.

פלינק און געשיקט, קוים וואָס דאָס אויג האָט געקענט כאַפּען זענען זיי ארויף אויף די לייטערס. אין א רגע זענען די אלע מנורות אויף די זיילען אין דער הויך אָנגעצונדען געוואָרען און פערגאָסען מיט ליכט די גאַנצע שטאָדט. און די גאַנצע שטאָדט האָט געשטורמט פאר פרייד.

— זאָל זיין שטיל! — האָט זיך פלוצלינג געהערט א רוף.

עס איז געוואָרען שטיל. הורדוס און מרים און די גאַנצע קעניגליכע פאַמיליע זענען אָנגעקומען. זיי האָבען זיך אוועק־געשטעלט אויף דער בימה, לעבען מיטעלסטען זייל. צווישען דער קעניגליכער פאַמיליע איז געשטאַנען א וואונדערליך שעהנער אינגעל מיט אויגען שוואַרץ־פייעריגע און גאָלדענע האָר. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע קליי־דער און ארומגעגארטעלט מיט א לייווענטענעם "אפוד" ווי

די יונגע כהנים. איגנאנצען האָט ער אויסגעזעהן ווי א מלאך פון הימעל.

ער האָט אין איין האנד געטראָגען דעם גאָלדענעם קרוג מיט אויל און אין דער צווייטער — אַ גרויסען פלאַקער און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט איז ער שוין געפלויגען אויף דער לייטער ארויף אויפ׳ן מיטעלסטען זייל און אלע קנוימען פון דער גרויסער מנורה האָבען זיך אָנגעצונדען און דאָס ליכטיגקייט איז געוואָרען גרעסער און גרעסער, עס האָט אזש געבלענדט די אויגען.

— ווער איז דאָס וואונדער־אינגעל וואָס בליהט ווי א רויז צווישען די יונגע שעהנע כהנים ? — האָט שטילערהייט איינער געפרעגט דעם צווייטען.

— דאָס איז אריסתובל, אלכסנדרה׳ס זוהן, אן אייניקעל פון דעם מלך און כהן גדול הורקנוס וואָס איז געפאנגען ביי די פארטיער — האָט עמיצער געזאָגט.

הורקנוס איז שוין נישט מעהר אין געפאנגענשאפט — האָט איינער פון די געסט, א איד פון בבל דערצעהלט — דער פאַרטישער קעניג האָט איהם בעפרייט. ער לעבט איצט רוהיג און זיכער אין נהרדעא און די אידען האָבען איהם געמאַכט פאר נשיא.

דאָס איז געווען אמת. אלכסנדרה האָט ערשט געקראָגען די פרעהליכע בשורה אין א בריעף וואָס איהר פאָטער, דער בעפרייטער הורקנוס האָט איהר געשריבען.

די יונגע כהנים זענען פלינק אראָפּ פון די לייטערס און אוועקגעגאנגען אָן א זייט. אריסתובל איז אויך אראָפּגעגאנ־גען און זיך געשטעלט לעבען זיין מוטער אלכסנדרה.

אלעמענס אויגען זענען געווען געווענדעט אויף דעם וואונדערליך שעהנעם אריסתובל. און איינער האָט זיך אָנגערופען :

— זעהט נאָר, קוקט נאָר אויף דעם הימעלישען געזיכט. און זעהט נאָר זיין שוועסטער, די קעניגין מרים. זיי זענען אזוי עהנליך, ווי צוויי טראָפּען וואסער. פנים׳ער האָבען זיי ווי די "כרובים" אין קדשי קדשים. שעהן זענען זיי ווי די פולע לבנה און לויטער ווי די זון אין מיטען הימעל. זיי שויי־

נען און לייכטען וו דעם מלך׳ס קינדער. אָט דאָס זענען גאָט־געבענטשטע קינדער!

— אזעלכע קינדער זענען די שענסטע קרוין פאר זייערע עלטערן — האָט א צווייטער געזאָגט.

— אזוי לאַנג ווי עס איז דאָ אן איבערבלייבונג פון די חשמונאים, איז נאָך דאָ אַ האָפנונג אז די כהונה וועט זיך אומקערען צו זיי — האָט אַ דריטער ארייגגערעדט.

—הלואי זאָלען מיר זוכה זיין דאס צו זעהן מיט אונ־זערע אויגען — האָבען א סך זיך אָנגערופען — וועלען מיר דעמאָלט וויסען אז גאָט געדענקט אונז ווידער און איז ווי־דער מיט אונז.

דאָס איז גערעדט געוואָרען לעבען דער קעניגליכער בימה. די אַלטע אלכסנדרה האָט דאָס געהערט און איהר פנים האָט אויפגעשיינט פאר פרייד. מרים האָט אראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ און עס האָבען זיך איהר געשטעלט טרערען אין די אויגען. שלומית, הורדוס׳עס שוועסטער, האָט געצוי־גען הורדוס׳ען פאר׳ן מאנטעל, זי וויל איהם עפּעס זאָגען. ער האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט אויף איהר. ער האָט פערשטאַנען אז זי וויל איהם דערצעהלען, וואָס פאר א רייד זי האָט געהערט צווישען דעם עולם. ער האָט דאָס אָבער אליין געהערט און די רייד זיך גענומען גוט אין זינען אריין.

מיט אמאָל איז שטיל געוואָרען. די לויים זענען אריינגע־קומען פון "עזרת ישראל". זיי האָבען געהאַלטען פידלען, הארפען, צימבלען און טרומפּייטען און נאָך טייערע מינים מוזיק־אינסטרומענטען. פאָראויס איז געגאַנגען דער פליי־טיסט מיט דער זיסער פלייט וואָס הויבט אָן און ענדיגט די געזאַנגען.

די לויים האָבען זיך אויסגעשטעלט אין רייהען אויף די פופצעהן טרעפּען, וואָס פיהרען צו "עזרת ישראל". די גאַנ־צע לויים קאַפּעליע האָט אָנגעהויבען שפּילען און דאָס גע־זאַנג פון ערשטען "שיר המעלות" האָט זיך געטראָגען אין דער הויך.

אלע הערצער זענען געוואָרען אומעטיג פון דעם געזאַנג. דער "שיר המעלות" איז געזונגען געוואָרען מיט א טרויע־ריגען נגון. די אידען קלאָגען זיך וואָס די פיינד האָבען זיי

ארומגערינגעלט ווען זיי האָבען זיך אומגעקערט פון גלות בבל.

אלע זענען געווען טרויריג און אומעטיג. פלוצלינג האָט די פלייט אָנגעהויבען טרייסטען און די לויים האָבען גע־זונגען : „ווען מיר איז ענג, רוף איך צו גאָט און ער ענט־פערט מיר"...

באלד איז דאָס געזאנג שטיל געוואָרען. די חסידים זענען ארויס פון עולם. איטליכער האָט געהאלטען א פלאקער אין האנד און געטאנצט. דער טאנץ איז געוואָרען שטארקער, פייערליכער, געטראָגען זיך אין שטורם. די חסידים האָבען געטאנצט מיט די פלאקערס און געזונגען :

— גאָט, העלף אונז ! בעגליק אונז, גאָט !

— לויבט גאָט, ער איז גוט, אייביג איז זיין חסד !

פיס האָבען זיך געהויבען לייכט און פלינק און געטראָגען זיך ווי אין שטורם. אָט האָבען זיי געטאנצט אין א ראָד, און אָט צו צוויי, האנד אויף פלייצע. דאָ האָבען חסידים גע־טאנצט מיט די פלאקערן, געוואָרפען פלאקערן און געכאפט זיי טאנצענדיג. די פלאקערן האָבען זיך געדרעהט צווישען די הענד פון די טענצער און זיי האָבען אויסגעזעהן ווי פייעריגע טאנצענדיגע רעדער, דרעהענדיג זיך אין פייער־דיגען טאנץ.

דאָס הייליגע געזאנג און די טענץ זענען געוואָרען פייע־ריגער און היציגער. פון פרייד האָט דאָס פאָלק געשטורמט ווי דער ים. דער המון האָט צוגעטופעט מיט די פיס און די פרויען אויף די דעכער האָבען געפאטשט מיט די הענד. און די שמחה און די פרייד איז געווען אזוי גרויס, אז דער וואָס האָט די פרייד נישט געזעהן האָט קיינמאָל קיין פרייד נישט געזעהן...

אין א ווינקעל ווייט פון די טאנצענדיגע חכמים און חסידים האָט געטאנצט אן ארימאן, דאר און מאָגער, אין פראָסטען לייווענט אָנגעטאָן, ווי א אָרימער טאָג־ארביי־טער מיט א פנים פול קנייטשען, וואָס האָט דערציהלט פון א שווערען אויסגעמאטערטען לעבען.

דער אָרימאן האָט פייעריג געטאנצט און געשפרונגען

און מיט א סך פרייד און ער האָט אזוי הויך געשריגען אז ער האָט אלעמען איבערגעשריגען.

— בין איך דאָ, זענען אלע דאָ און אלץ איז דאָ.

— בין איך נישטאָ, טאָ ווער איז דאָ ?

אזוי האָט דער אָרימאן הויך געזונגען און געטאַנצט. הורדוס האָט דאָס דערהערט און געמאַכט א קרומע מינע און געפרעגט שבנא'ן :

— ווער איז דער שטאָלצער קבצן ?

שבנא האָט נישט געוואוסט, איז ער אַראָפּגעגאנגען פון בימה און צוגעגאנגען אהין וואו דער ארימאן האָט געטאַנצט און נאָכגעפרעגט ווער ער איז.

— דאָס איז הלל פון בבל — האָט מען איהם דערצעהלט.

— וואָס איז אויף איהם די שמחה ? — האָט ער גע־פרעגט.

— אָ, איהר ווייסט נישט — האָבען עטליכע זיך גע־וואונדערט — מיר וועלען אייך עפּעס דערצעהלען וועגען איהם :

— ער וויל לערנען. ער האָט זעהר ליעב די תורה. אַרבייט ער שווער און ביטער ער זאָל קענען לערנען. פאַר'ן עסען זאָרגט ער זיך נישט. ער מוז אָבער בעצאָהלען דעם טיר־היטער פון בית מדרש פון שמעיה און אבטליון. דער טיר־היטער לאָזט קיינעם נישט אריין לערנען ביז מען בעצאָהלט איהם נישט פופצעהן פרוטות.

איין טאָג, עס איז געווען א קאַלטער ווינטער־טאָג, האָט ער נישט פערדינט קיין איינציגע פרוטה און דער טיר־היטער האָט איהם נישט געוואָלט אריינלאָזען אין בית־המדרש.

זיין חשק צו דער תורה איז אָבער זעהר גרוים. איז ער ארויפגעקראָכען אויפ'ן דאך און דורכ'ן דאך־פענסטער האָט ער געהערט דאָס לערנען פון שמעיה און אבטליון.

אזוי איז ער געלעגען א גאנצען טאָג ביז שפּעט ביי־נאַכט. דערווייל איז אָנגעפאַלען א גרויסער שניי און איהם פערדעקט. איבער זיין גרוים חשק צום לערנען און זיין פער־טיעפקייט האָט ער נישט געפיהלט די קעלט און דעם שניי.

ער איז שוין געווען באַלד פערפרוירען צום טויט, האָט

מען איהם אויסגעפונען. מיט גרויס מיה האָט מען איהם דער־מינטערט און מען האָט אויסגעפונען אז ער איז איינער פון די בעסטע תלמידים. ער קען א סך שפּראַכען און צו זיין חכמה און פערשטאַנד איז נישטאָ קיין גרונד. און ווי גרויס חכמה ער האָט אזוי איז ער א גרויסער עניו, האַלט זיך איינ־פאַך און פּשוט, איז זעהר געלאַסען און האָט אַן אויסערגעוועהנליכען געדולד.

שבנא איז צוגעגאַנגען צו הורדוס'ן און האָט איהם דער־צעהלט אלץ וואס ער האָט זיך דערוואוסט וועגען הלל'ן, האָט הורדוס געהייסען איהם צורופען.

—וואס ביזטו אזוי דאַר און מאגער? זעהסט דאָך אויס ווי א הויפען ביינער —האָט איהם הורדוס געזאָגט.

—וואס קומט ארויס א מענש אז ער פּאַשעט זיך אויס גאַנץ פּעט? — האָט הלל צוריק געפרעגט — מעהר פלייש מעהר שפּייז פאַר די ווערים.

— כ'האָב געהערט אז דו ביזט א קלוגער מאַן — רעדט צו איהם הורדוס ווייטער — וואס געפינסטו זיך נישט א בעשעפטיגונג וואָס זאָל דיר ברייננגען רייכטום, גיטער און כבוד?

— וואָס דאַרף איך עס? מעהר רייכטום ברענגט מעהר זאָרג — האָט הלל רוהיג געענטפערט — זוכט מען א גרע־סערען נאמען פערלירט מען דעם קליינעם נאמען אויך. נישטאָ עפּעס בעסערס ווי לערנען תורה. מעהר תורה איז מעהר לעבען.

—ווילסט לעבען, וואס זאָרגסטו נישט אויפ'ן מאָרגענ־דיגען טאָג? — פרעגט איהם הורדוס ווייטער.

—מיין בטחון איז אויף גאָט און געלויבט איז גאָט פאר יעדען טאָג.

—ערשט האָסטו אליין געזאָגט אז דו ווילסט נישט קיין כבוד, טאָ פאַרוואָס האַלסטו זיך אזוי גרויס און זאָגסט: "נאָר איך בין גרויס און ווייטער קיינער נישט" — טענה'ט הורדוס.

—ווען האָב איך דאס געזאָגט?

—האָסט דאָך ערשט געזונגען? "בין איך דאָ איז אַלץ דאָ און אלע זיינען דאָ".

—זאל מיר דער הערר קעניג מוחל זיין, דו האסט מיך נישט געוואלט פערשטעהן. איך האב נישט געמיינט דאס וואס דו זאגסט. ווייל איך אינגאנצען, וואס בין איך ווערטה? איך האב געמיינט דעם בעשעפער, וואס האט בעשאפען אונז אלעמען און פון איהם קריגען מיר אלצדינג. איך זעה מיינע ברידער פרעהען זיך אזוי שטארק, האב איך דאס אזוי געזונגען און זיי דערמאנט אז די גאנצע פרייד איז אויך פון גאט. און דאס הויז איז גאט'ס. זאלען זיי זיך נישט פערגעסען. זאלען זיי טאנצען מיט מורא, ווייל דאס ארט איז הייליג, זאלען זיי אויך זיין הייליג.

דאס געשפרעך וואלט זיך נאך געצויגען, האבען אבער די לויים אנגעהויבען זינגען א שיר המעלות. הלל האט זיך געזעגענט מיט הורדוס'ן און צוריקגעגאנגען אויף זיין ארט.

אז די לויים האבען אויפגעהערט זינגען האט הורדוס מיט זיין פאמיליע זיך אויפגעהויבען און אראפגעגאנגען פון דער בימה צו געהן אהיים. דאס פאלק האט געמאכט א וועג פאר זיי און עטליכע האבען א געשריי געגעבען:

—דער קעניג זאל לעבען.

די גרויסע מאסע האט זיי אבער פערשריגען מיט הויכע געשרייען:

—די קעניגין מרים, די חשמונאית זאל לעבען!

—אריסתובל דער קומענדער כהן גדול זאל לעבען!

—זאל לעבען דאס הויז פון די חשמונאים און זייער הערשאפט אויף אייביג!

שטאלץ מיט גרוים גאוה האט אלכסנדרה געקוקט אויף הורדוס'עם מוטער ביים ארויסגעהן. הורדוס'עם שוועסטער שלומית איז גרין געווארען פאר כעס. מרים איז געגאנגען נעבען הורדוסען און געווארען שטארק צוטומעלט פון די געשרייען. הורדוס האט גערעדט גאנץ רוהיג וועגען דעם פראכטפאלען יום טוב. זיינע אויגען האבען אבער געפלאקערט ווי ברענענדיגער שוועבעל.

שבנא האט בעמערקט זיין כעס און דאס הארץ האט איהם שטארק געשראקען. נאר איין אריסתובל איז געווען זעהר פרעהליך. דאס איז ער היינט צום ערשטען מאל איינגע־

פיהרט געוואָרען צו טאָן א הייליג דינסט. איז עס געווען הייליג ביי איהם און זיין שמחה זעהר גרויס.

שבנא האָט געזאָגט, אז ער וויל נאָך צוריק געהן צום בית המקדש, האָט דאָס אריסתובל דערהערט און זיך אָנגעכאַפּט אז ער וויל אויך נאָך צוריקגעהן. אלכסנדרה, זיין מוטער, האָט איהם דערלויבט, נאָר מרים האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געלאָזט איהם געהן.

שבנא האָט פערשטאַנען פאַרוואָס מרים וויל נישט לאָזען געהן איהר ברודער, האָט ער איהם אויך אָבגערעדט דערפון און האָט זיך אליין אומגעקערט. ער איז צוריקגעגאַנגען ווייל הלל איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען און ער האָט געוואָלט מיט איהם רעדען. ער האָט נאָך געטראָפען הלל'ען און זיי האָבען זיך צורעדט. צו זיין גרויסער פרייד האָט שבנא אויסגעפונען, אז הלל איז זיינער אן אייגענער, ער שטאַמט אויך פון דוד המלך'ס משפחה. מיט זיינע גוטע רייד האָט הלל איהם גלייך געוואונען פאַר א האַרציגען פריינד, איז צוגעבונדען געוואָרען צו איהם מיט לייב און נשמה.

— איך וויל לערנען תורה — האָט שבנא געזאָגט צו הלל'ען — וועסטו לערנען מיט מיר?

הלל האָט זיך זעהר געפרעהט דאָס צו הערען און ער האָט איהם געזאָגט:

— אודאי וועל איך מיט דיר לערנען. זאָלסט נאָר נישט אָבלייגען דאָס לערנען אויף שפּעטער. זאָלסט נישט זאָגען איך וועל לערנען ווען איך וועל האָבען צייט, אפשר וועסטו שוין קיינמאָל נישט האָבען קיין צייט...

נאָך האלבע נאַכט האָט די פרייד פון פאָלק דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה, ווען די לויים האָבען געזונגען דעם דרייצעהנטען "שיר המעלות". די מאַסע האָט געשטורומט ווען זיי האָבען געהערט זינגען:

איהרע כהנים וועל איך בעקליידען מיט הילף.

און איהרע חסידים וועלען טאָן זינגען.

צוויי כהנים האָבען זיך בעוויזען אין דער הויך איבער די קעפּ פון די זינגענדיגע לויים. זיי האָבען זיך געשטעלט אויף ביידע זייטען פון אויבערשטען טויער און געהאַלטען זילבערנע טרומפּייטען.

אז די לויים האבען געענדיגט זינגען די שיר המעלות'ן און עס האט געקרעהט דער האהן, האבען די צוויי כהנים גע־בלאזען מיט זייערע טרומפייטען א "תקיעה", א "תרועה" און א "תקיעה", און עס האט זיך בעוויזען א דריטער כהן מיט א גאלדענע פלאש אין האנד. הינטער זיי האבען זיך אויסגעשטעלט אלע כהנים.

די לויים און דאס פאלק האבען זיך צוטיילט אויף צוויי טייל און אינמיטען געמאכט א וועג פאר די כהנים. די כהנים זענען אראפגעגאנגען פינף טרעפען און זיך אבגעשטעלט און געבלאזען ווידער א "תקיעה", א "תרועה" און א "תקיעה". אזוי האבען זיי געטאן ביז זיי זענען צוגעקומען צו דער עזרה. די לויים זענען זיי נאכגעגאנגען מיט געזאנג. נאך זיי די עלטסטע און די חכמים און דערנאך דאס גאנצע פאלק.

זיי האבען זיך געשטעלט מיט'ן פנים צום קדשי קדשים און געזונגען האבען די לויים:

אלע פעלקער פון דער וועלט
דינען געטער שטומע, קרומע;
געטער פון האלץ, פון שטיין,
וואס זיי האבען אויסגעטראכט;
און מיט זייער האנד אליין געמאכט
בעטען צו זיי און טוען תפלה
דום און נאריש זענען זיי
נישט זיי הערען, נישט זיי זעהן.

אבער מיר דינען אונזער גאט,
מיר דינען גאט דעם לעבעדיגען,
מיר דינען גאט דעם שטארקען;
צו גאט געהערען מיר דאך אלע,
אלע מיר געהערען צו איהם,
צו גאט הויבען מיר אונזער שטים.
אין פרייד, אין לייד אהן אן ענד,
אונזערע אויגען זענען צו גאט געווענדט.

און דאָס גאַנצע פּאָלק האָט מיטגעזונגען :

אַלע מיר געהערען צו איהם,
צו גאָט הויבען מיר אונזער שטים
אין פרייד, אין לייד אָהן אַן ענד,
אונזערע אויגען זענען צו גאָט געווענדט.

פיעל מאָל האָבען די לויים און דאָס פּאָלק איבערגעזונ־
גען דאָס לויב־געזאַנג צו גאָט, ביז דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען. דעמאלט זענען אַלע אוועק צום טייך שלוח און די לויים האָבען געזונגען :

און איהר וועט שעפּען וואַסער מיט פרייד,

איהר וועט שעפּען פון די ישועה־קוואַלען.

האָט דער כהן אָנגעגאָסען די גאָלדענע פלאַש מיט פריש קוואַל וואַסער און צוגעטראָגען עס מיט פּאַראַד צום "טויער פון וואַסער". דאָרט איז דאָס וואַסער געוואָרען געהייליגט צו גיסען עס צוזאַמען מיט'ן וויין ביים "בענטשען אתרוג".

די זעלבע פייערליכע צערעמאָניע איז געפּראַוועט גע־
וואָרען די זיבען טעג פון סוכות. דאָס פּאָלק האָט געהאַט א פרעהליכען יום־טוב. נאָר הורדוס און זיין פאַמיליע האָבען זיך מעהר נישט געוויזען ביי די פייערונגען. אריסתובל האָט געוואָלט קומען, נאָר מרים האָט איהם נישט געוואָלט לאָזען געהן, צוליעב א פערבאָרגענעם טעם.

---

די ווערטער וועגען די חשמונאים וואָס הורדוס האָט גע־
הערט צווישען פּאָלק, האָבען הורדוס'ען בעאונרוהיגט. ער האָט זיך ארומגערינגעלט מיט א מחנה שפּיאָנען און זיי ארויסגעשיקט צווישען פּאָלק. האָבען די שפּיאָנען געהערט עמיצען זיך בעקלאָגען אויף איהם אָדער איינעם זאָגען א גוט וואָרט אויף די חשמונאים, איז ער גלייך ארעסטירט געוואָרען, אָהן א פּראָצעס אָבגערוימט געוואָרען פון דער וועלט און זיין פערמעגען האָט הורדוס צוגענומען.

מרים האָט געוואָהר געוואָרען פון הורדוס'עס גרויזאַמע מעשים, איז זי פערציטערט געוואָרען. זי האָט איהם פאָר־
געוואָרפען, וואָס ער פיהרט זיך אזוי שרעקליך און איהם

געבעטען ער זאָל דאָס אויפהערען. ער האָט איהר אָבער געענטפערט זעהר שארף:

— הער, מרים, איך געהער צו דיר מיט מיין לייב און נשמה, איך האָב דאָך דיך אזוי שטארק ליעב. מיין גאנץ פערמעגען געהער צו דיר. אויב דו ווילסט, צוטייל עס צווי־שען די אָרימע פון דיין פאָלק, איך טייל זיך מיט דיר די רעגירונג. אָבער הערשער בין איך און וועל דאָס בלייבען. איך וועל די הערשאפט קיינעם נישט אָבלאָזען. ווער ווענט זיין צו דעם וואָס ווענט וואגען צונעמען ביי מיר די הער־שאפט, ער וועט נישט ארויס לעבעדיג פון מיינע הענד!

אז זיין שוויגער אלכסנדרה איז געקומען צו איהם און געבעטען, ער זאָל מאכען אריסתובל׳ען פאר כהן גדול, האָט ער איהר גלייך אָבגעזאָגט און איהר געגעבען די זעלבע שאר־פע ווארנונג, וואָס מרים׳ען.

דאָס הארטהארציגקייט הורדוס׳עס און זיין גרויזאמקייט האָט שטארק צובראָכען מרים׳ס געמיט. זי האָט איהם דער־קענט, אז ער שטעלט זיך נישט אָב פאר די ווילדסטע זאכען און ער שרעקט זיך נישט פאר קיין בייז.

נישט איהרע גוטע רייד, נישט איהר שעהנקייט און ליעבע האָבען געהאט די מינדסטע ווירקונג אויף זיהם, אין דער מלוכה פיהרונג. זיין הארץ איז געווען פון זטיין און זיין רוקענביין פון קופער אין די פראגען פון הערשאפט. מיט זיין שטאָלענעם ווילען האָט ער געמאכט א גרעניץ צווישען זיין גרויסע ליבע צו מרים׳ען און דער רעגירונג. איינס דאָס אנדערע זאָל נישט בעריהרען.

אין זיין גרויסע פייערדיגע ליעבע צו איהר איז ער גרייט געווען צו זיין איהר אונטערטעניגער קנעכט, ער וואָלט זיך געלייגט פאר איהרע פיס, זי זאָל טרעטען אויף איהם. ווים האָט זי איהם געזאָגט עפעס וועגען א רעגירונגס־פראגע איז זיין הארץ געוואָרען הארט ווי א שטיין און קאלט ווי א פראָסט.

מרים האָט דאָס איינגעזעהן. און טאָמער האָט זי איהם עפעס געבעטען וועגען א מלוכה־פראגע, האָט ער נאָך נע־טאָן פונקט פארקערט, איהרע רייד האָבען נישט געמאכט בעסער, נאָר ערגער, האָט זי שטילערהייט שטארק געוויינט.

זי האָט געזעהן, אז איהר איינציגע האָפנונג, צו קענען העל־פען אי.ור פאָלק, ווען זי וועט מיט הורדוס'ען חתונה האָבען, איז פערלוירען. זי איז נישט מעהר ווי א דינסט ביי דעם קנעכט, וואָס אונטערדריקט איהר פאָלק און הערשט איבער איהם מיט געוואלט. זי האָט זיך געפיהלט ווי מען וואָלט זי געבונדען און אוועקגעלייגט פאר א ווילדע חיה, וואָס זאָל זי פערצוקען.

אָבער זי איז איהם דאָך געבליבען געטריי. זי האָט ביי גאָט געשוואוירען צו זיין איהם געטריי. האָט זי געהאלטען איהר שבועה אפילו ווען זי האָט איהם פיינט געהאט.

איהר מוטער אלכסנדרה האָט אָבער נישט גערוהט. זי האָט געזעהן, אז דורך מרים'ען וועט זי גאָרנישט פועל'ען, האָט זי זיך אין געהיים געווענדעט צו קלעאפאטרא'ן, די עגיפּטישע קעניגין און זי געבעטען צו פועל'ן ביי אנ־טאָניוס'ען, ער זאָל הייסען הורדוס'ען בעשטימען אריסתובל'ן פאר כהן גדול. עס קומט דאָך איהם בירושה. און הורדוס האָט דאָס ביי איהם אוועקגערויבט און אוועקגעגעבען אן אנדערן.

די כיטרע קלעאָפּארא איז איהר געקומען צו הילף. נישט דערפאַר וואָס עס האָט זי פערדראָסען אויף דער אונגערעכ־טיגקייט, נאָר ווייל זי האָט פיינט געהאט הורדוס'ען, האָט זי געוואָלט פער'מיאוס'ען איהם אין אַנטאָניוס'עס אויגען, זי זאָל דערנאָך קענען צונעמען ארץ ישראל פאר זיך.

דעמאָלט איז געקומען נאָך ירושלים אַנטאָניוס'עס א נאָהנטער פריינד, דאליוס. ער איז געוועזן ביי הורדוס'ען און דערזעהן מרים'ען און איז צוטומעלט געוואָרען פון איהר וואונדערליכער שעהנקייט.

אלכסנדרה האָט פערבעטען דאליוס'ען צו זיך און פאַר־געשטעלט פאר איהם איהר זוהן אריסתובל. דאליוס איז נאָכמעהר פערוואונדערט געוואָרען. עס האָט זיך איהם גע־דאכט, אַז ער זעהט מרים'ען אָנגעטאָן ווי א מאנספארשוין.

ער האָט איהם שטארק געליבט פאר דער מוטער. אזוי האָט ער אויך געליבט מרים'ס שעהנקייט און געזאָגט קאָמ־פּלימענטען אלכסנדרה'ן, אז די קינדער זענען געראטען אין איהר מיט זייער שעהנקייט.

אלכסנדרה האָט געוויינט פאר איהם און אראָפּגערעדט

איהר ביטער הארץ. זי האט איהם דערצעהלט, אז הורדוס האט פיינט אריסתובל'ען. נישט נאר האט ער אוועקגערויבט דעם טראהן פון איהם, נאר אפילו כהן גדול לאזט ער איהם נישט זיין.

— גיט מיר די בילדער פון אייערע קינדער — האט איהר דאליום געזאגט — איך וועל זיי ווייזען אנטאניוס'ען. שעהנע מענשען האט ער זעהר ליעב. ער וועט זעהן וואס פאר א שעהנע קינדער איהר האט, וועט ער אייך העלפען. איך פאהר איצט נאך עגיפטען און וועל רעדען מיט אנטאניוס'ען.

אלכסנדרה האט איהם געגעבען די בילדער פון מרים'ען און אריסתובל'ען און איהם געזאגט, אז קלעאפאטרא, אנטאניוס'עס געליעבטע, האט איהר אויך צוגעזאגט צו העלפען.

דאס אלץ איז געטאן געווארען אין געהיים און קיינער האט נישט געוואוסט דעם סוד.

פלוצלינג האט הורדוס אומגעבעטענערהייט רחמנות גע־האט אויף דעם אלטען הורקנוס, אלכסנדרה'ס פאטער, וואס איז געווען פערטריבען פון אידישען לאנד און אבגעריסען פון זיין פאמיליע.

ער האט איהם געשריבען א בריעף, וואו ער האט איהם הייס געדאנקט פאר זיין פריינדשאפט צו זיין פאטער אנטי־פאטאר און איהם געבעטען זיך אומקערען נאך ירושלים, ער וועט זיך טיילען די רעגירונג מיט איהם.

אלכסנדרה און מרים האבען געוואוסט, אז הורדוס אר־בייט דאס אויס א בייזען פלאן. די רוימער האבען דעמאלט געהאט א גרויסע מפלה. די פארטייער האבען צוקלאפט די רוימישע לעגיאנען. הורדוס האט מורא געהאט אז די פאר־טיער וועלען איהם ארפזעצען פון טראהן און צוריקגעבען דאס קעניגרייך צו הורקנוס'ען. האט ער דערפאר איינגעלא־דען הורקנוס'ען אהיים צוקומען. ער האט אויך געשיקט א גרויסע מתנה צום פארטישען קעניג, ער זאל ערלויבען הורקנוס'ען זיך אומצוקערען נאך ירושלים.

הורקנוס'עס גוטע פריינד און פערעהרער האבען איהם אבגערעדט דערפון, זיי האבען איהם געזאגט ער זאל נישט גלויבען הורדוס'ען און בעסער בלייבען אין בבל, וואו ער

לעבט רוהיג. הורקנוס האָט זיי אָבער נישט געפאָלגט. ער האָט געהאַט צוטרויען צו הורדוס'ען. ער איז דאָך מיין טאָכטער'ס איידים און מיין אייניקעל'ס מאַן, האָט הורקנוס געזאָגט און גלייך זיך אומגעקערט נאָך ירושלים.

הורדוס האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס עהרע און איהם ארויסגעוויזען פיעל ליעבשאַפט. ער האָט איהם בע־שטימט אַלס הויפּטראַטגעבער, געזעצט א'הם אויבען־אָן ביים טיש און דער אַלטער האָט שטארק הנאה געהאַט דער־פון.

הורדוס האָט זיך אַלץ מעהר געפּלייסט צו ווייזען פריינדשאַפט צו דער חשמונאים פאַמיליע. אז אריסתובל איז געוואָרען זיבעצעהן יאָהר האָט ער איהם בעשטימט פאַר כהן גדול. דעם פריהעריגען כהן גדול חנמאל פון מצרים האָט ער אראָפּגעזעצט אָהן אַן אורזאַך.

אלכסנדרה און מרים האָבען געוואוסט פאַרוואָס הורדוס ווייזט זיי ארויס אזויפיעל פריינדשאַפט. אנטאָניוס האָט געלאָזט וויסען הורדוס'ען, אז ער וויל זעהן אריסתובל'ען און איהם געהייסען שיקען צו איהם. הורדוס האָט זיך דערשראָ־קען דערפאַר. אנטאָניוס קען נאָך וועלען זעצען אריסתובל'ען אויף'ן טראָהן, האָט ער איהם געמאַכט פאַר כהן גדול, ער זאָל איהם ווערען געטריי און נישט פאָהרען צו אנטאָניוס'ען.

אלכסנדרה האָט געוואָלט צושטערען הורדוס'עס פּלענער און בעשלאָסען צו אנטלויפען מיט אריסתובל'ען נאָך מצרים. זי האָט געהייסען איהרע דינער צו ברענגען צוויי טויטען־קאַסטענס און זיי בעהאַלטען. ביינאַכט האָט זי זיך אריינ־געלייגט אין איין קאַסטען, אריסתובל אין צווייטען און די דינער האָבען זיי ארויסגעטראָגען אויף די פּלייצעס פון הויף ארויס און זיי געזאָלט ברענגען נאָך יפו, וואו א שיף איז געשטאַנען גרייט זיי אוועקצופיהרען נאָך עגיפּטען.

פּלוצלונג האָבען די טרעגער אראָפּגעלאָזט די קאַסטענס און זיי געעפענט. אלכסנדרה און אריסתובל האָבען געזעהן, אז זיי זענען אין הורדוס'עס פּאַלאַץ. לעבען זיי זענען גע־שטאַנען הורדוס, מרים און דער אַלטער הורקנוס.

הורדוס'עס שפּיאָנען האָבען צושלאָגען דעם פּלאַן. זיי האָבען די גאַנצע נאַכט געהיט אלכסנדרה'ס וואוינונג. און ווי

זי מיט אריסתובל׳ען זענען אריין אין די קאַסטענס, האָבען זיי מיט׳ן וואונק געהייסען איהרע געטרייע דינער אוועקגעהן און זיי האָבען אוועקגעטראָגען די קאַסטענס צו הורדוס׳ען.

אלכסנדרה און אריסתובל האָבען זיך שטארק געשעמט און הורדוס האָט גערעדט צו זיי שטרענג, בעזונדער שארף איז ער געווען צו אלכסנדרה׳ן:

— איך וויל אייך טאָן גוטס און איהר גראָבט אונטער מיר. איהר ווילט מיר טאָן שלעכטס. צוליעב אייער זוהן ווילט איהר ברענגען אן אונגליק אויף אייער טאָכטער. איך האָב ליעב אייער זוהן ווי איהר האָט איהם ליעב. איך האָב איהם דאָך ערשט געמאכט פאר כהן גדול.

אריסתובל האָט געוויינט און געבעטען, ער זאָל איהם מוחל זיין. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב דיך נישט געוואָלט פערראטען. מיין מאמע האָט מיך געהייסען, האָב איך נישט געקענט איהר אָבזאָגען.

— איך שווער דיר ביי גאָט — האָט אלכסנדרה זיך פערענטפערט — אז איך האָב נישט געמיינט קיין שלעכטס פאר דיר מיט מרים׳ען. נאָר מיין לעבען איז מיר מיאוס אין דעם הויז. איך ווער דאָ געהאַלטען ווי א געפאנגענע. דיינע שפיאָנען לאָזען מיך נישט אָב אויף א מינוט. זיי היטען מיינע טריט. ווען דו וואָלסט מיך נישט אזוי פערפאָלגט מיט דיינע שפיאָנען וואָלט איך דיך ליעב געהאט ווי אן אייגען קינד.

מרים און דער אַלטער הורקנוס האָבען געבעטען הורדס׳ען, ער זאָל זיי פערגעבען און נישט זיין בייז אויף זיי. הורדוס האָט זיך געלאָזט איבעררעדען. ער האָט זיך צו־קושט מיט אריסתובל׳ען און דערלאַנגט די האנד אלכסנדה׳ן און די געשיכטע איז גלייך פערגעסען געוואָרען.

דער זומער איז אוועק. עס איז געקומען דער חדש תשרי. דאָס פאָלק האָט דערלעבט צו זעהן אריסתובל׳ען, הורקנוס׳ אייניקעל אלס כהן גדול אין בית המקדש און די פרייד איז געווען זעהר גרויס. דאָס פאָלק האָט זיך אָבער איינגעהאַל־טען ראש השנה און יום־כפור און נישט ארויסגעוויזען עפענטליך זיין שמחה.

סוכות האָבען זיי זיך אָבער נישט געקענט מעהר בע־

הערשען. דער וואונדער שעהנער אריסתובל מיט דעם פּנים פון א מלאך פון הימעל האָט זיך געשטעלט לעבען מזבח און מקריב געווען די קרבנות און געגאָסען וואסער. ער האָט געשיינט און געלויכטען אין די כהונה־קליידער; דער גאָל־דענער "ציץ", די הייליגע כהונה קרוין, איז פעסט געזעסען אויף זיין שטערן און ער האָט געטאָן די עבודה ווי אן אל־טער, געאיבטער, פלינק און געשיקט, האָט דאָס פאָלק אויפ־געשטורמט פון גרויס פרייד.

א סך האָבען געוויינט און געלויבט גאָט, וואָס א חשמונאי איז ווידער א כהן גדול און ער איז דערצו גאָטס־פאָרכטיג ווי זיינע עלטער־עלטערן. פיעל אידען האָבען אויסגעשטרעקט די הענד צו איהם. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, זיי זעהן א געטליך בילד. א מלאך פון הימעל האָט אראָפּגענידערט און בעוויליגט זייערע קרבנות.

אז אריסתובל האָט נאָך דער עבודה אויסגעשפּרייט די הענד און געבענטשט דאָס פאָלק, איז די פרייד געשטיגען צו דער העכסטער שטופע. אויף מיילען האָט זיך געהערט דאָס פרייד־געשריי פון פאָלק.

אז אריסתובל איז ארויסגעגאַנגען פון בית המקדש איז איהם דאָס גאַנצע פאָלק נאָכגעגאַנגען, האָבען איהם גע־בענטשט אויפ'ן קול און אָבגעפיהרט ביז זיין פּאַלאַץ.

מעהר פון אלע האָבען זיך געפרייט אלכסנדרה און מרים. צו זייער גליק איז קיין גלייכען נישט געווען. הורדוס און זיין פאַמיליע האָבען אויך ארויסגעוויזען צופרידענהייט און אריסתובל'ען ווארים בעגריסט.

א פרעהליכען און לוסטיגען יום־טוב האָט ירושלים דער־מאָלט געהאַט. נאָך יום־טוב איז די קעניגליכע פאַמיליע אוועקגעפאָהרען נאָך יריחו צו פערברענגען די רעגענדיגע טעג אין זייערע פערגעניגען־פּאַלאַצען.

געבענטשט איז דאָס אידישע לאַנד מיט זיינע שעהנע פּולע פעלדער און רייכע וויינגערטנער. אָבער די געגענד פון יריחו איז געבענטשטער פון אלע אנדערע געגענדען. זי איז אין טאָל. הויכע בערג רינגלען זי ארום. גאָט האָט געשיקט זיין ברכה אויפ'ן פּלאַץ פון ירדן. פון די בערג ציהט זיך א פרישער קוואל, וואָס טרינקט אָן די פעלדער. די ע[illegible] איז

פעט און רייך. אלע טייערע פרוכטען וואקסען דאָ. יריחו איז ארומגערינגעלט מיט וועלדער פון טייטעל־בוימער. דערפאר הייסט זי די שטאָדט פון טייטלען.

עס זענען דאָ א סך פייגען־גערטנער און מילגרוימען. די בעסטע תבואה וואקסט אויף די פעלדער. די טאָלען זענען פול בלומען. בעריהמט איז "די רויז פון יריחו", וואָס איז וואונדערליך שעהן און שמעקט מיט דעם ריח פון גן־עדן. די וויינשטאָקען זענען שווער בעלאָדען מיט רייפע פולע וויינטרויבען. האָניג רינט אויף דער ערד ווי וואסער. אלער־ליי טייערע בשמים און געווירצען האָט יריחו געהאט. דער טייערער אפרסמון אויל איז דאָ געמאכט געוואָרען. עס איז געווען א וואהרער פון גאָט געבענטשטער גן־עדן.

הינטער דער שטאָדט אויף דרום־זייט האָט מען שוין געזעהן א שרעקליך בילד, און ווער עס זעהט דאָס ציטערט אויף פאר מורא. דאָרט איז דער "ים המלח" (דער טויטער ים). דאָס קבר פון סדום און עמורה, וואָס גאָט האָט איבער־געקערט אין זיין גרויסען צאָרן.

דער ים־המלח זעהט אויס ווי צוגאָסען בליי און דער טויט איז אויף איהם אויסגעשפרייט. דער רוישענדער, שטורמי־שער ירדן גיסט זיך אריין מיט גרוים געשריי אין טויטען ים און אין א רגע ווערט דאָס געשריי שטיל, טויט.

ארום דעם טויטען ים זעהט זיך נישט קיין בהמה און נישט קיין פויגעל. גאָט'ס קללה איז אויסגעגאָסען אויף איהם. עס איז נישטאָ קיין בוים און קיין גראָז. די בערג ארום זענען איינגעהילט מיט א פינסטערען נעפעל, וואָס ציהט זיך פון טויטען ים ארויס. טרוקען און שטייניג זענען די בערג און עס וואקסט נישט אויף זיי נישט קיין בוימער און נישט קיין גראָז.

פון איין זייט יריחו איז א גן־עדן. גאָט האָט געעפענט זיין אוצר פון ברכות און געבענטשט מיט זיי די ערד. פון דער אנדערער זייט ליגט א וויסטעניש, א פערשאָלטענע פלאַץ, וואָס ווארפט א פחד.

די כנענים פון ארץ ישראל האָבען אויסגעקליבען יריחו פאר זייער ווינטער וואוינונג. זיי האָבען אויסגעבויט רייכע וואונדערליכע פאלאצען און גרויסע פעסטונגען. וויל יריחו

איז געווען דער שליסעל צום הייליגען לאנד. יעדער אידישער קעניג האט צוגעבויט א פעסטונג און יריחו איז געווען בעריהמט מיט איהר פעסטקייט און זיכערקייט.

אז הורדוס מיט זיין פאמיליע און דער אלטער הורקנוס זענען נאך סוכות געקומען נאך יריחו איז די גאנצע שטאדט זיי אנטקעגען געגאנגען מיט געזאנג. גרוים כבוד האבען די שטאדט מענשען אבגעגעבען אריסתובל'ען. זיי האבען איהם געזעהן טאן די עבודה אין בית המקדש און שטארק ליעב בעקומען, האבען זיי איצט איהם ארויסגעוויזען זייער שטורמישע פרייד מיט איהם.

אז די שטאדט־לייט האבען בעגלייט די וויכטיגע געסט צום קעניגליכען ווינטער־פאלאץ האבען אלע אויגען געקוקט אויף אריסתובל'ען מיט ליעבע און בעוואונדערונג.

אין פאלאץ האבען די קנעכט שוין אלץ געהאט צוגע־גרייט. די קעניגליכע פאמיליע האט זיך געזעצט עסען. הורקנוס איז געזעסען אויבען־אן. רעכטס איז געזעסען הורדוס, לינקס מרים. נאך זיי די מאמעס. מרים'ס מאמע אלכסנדרה און הורדוס'עס מאמע קפרון. לעבען זיי אריס־תובל און שלומית. יוסף, שלומית'עס מאן, איז געבליבען אין ירושלים אלס הורדוס'עס פערטרעטער. לעבען אריס־תובל'ען איז געזעסען זיין לעהרער, שבנא, דער פרינץ פון דוד המלך'ס משפחה. ווייטער א ביסעל זענען געזעסען די גענעראלען פון דער אידישער ארמעע. די גענעראלען זענען געווען פון פרעמדע פעלקער. די גענעראלען ליסימכאס, גע־דיאס און דאסטאי. עס זענען אויך געווען דעם קעניג'ס סעקרעטארען : ניקאליי און זיין ברודער תלמי פון דמשק. עס זענען אויך געווען ביים טיש די קאמאנדירען פון דעם גוי'שען מיליטער, וואס הורדוס האט אויפגעהאלטען : סאַ־פיניוס, אנדראמאכוס און גאמאלוס. חוץ זיי זענען נאך גע־ווען א סך אריסטאקראטען און גרויסע לייט פון קעניגליכען הויף.

דער עולם האט געגעסען און געטרונקען און זיך געלאזט וואויל געהן. זיי זענען געווען אין א גוטער שטימונג און דערצעהלט פערשידענע געשיכטעס, וואס יעדער האט גע־הערט און געזעהן.

הורקנוס האט דערצעהלט ווי די אידען לעבען אין בבל. הורדוס האט דערצעהלט ווי די רוימער פיהרען זיך אין רוים. און שבנא האט דערצעהלט ווי די אידען לעבען אין אלעק־סאנדריא. ער האט זיי דערצעהלט וועגען דער "באסיליקא", די וואונדערליך גרויסע שוהל אין אלעקסנדריא, וואס איז געבויט פון מארמאר־שטיין און איז ארומגערינגעלט מיט מארמארנע זיילען פון אלע פיער זייטען. אין שוהל שטעהן איין און זיבעציג גאלדענע שטוהלען פאר די ריכטער. יעדע חברה האט איהר בעזונדער ארט אין שוהל. יעדע גרופע בעלי מלאכות האט איהר פלאץ. און אז עס קומט א איד פון דער פרעמד, געהט ער אין שוהל און ער געפינט גלייך די מענשען פון זיין פאך און בעשעפטיגונג.

— איז דאס אמת — האט אריסתובל געפרעגט מיט א שמייכעל — אז אין דער שוהל איז דא אזא גרויסע, ברייטע מנורה, אז דער שמש שווימט מיט א לאדקע אין אויל, ביז ער קומט צו דער קנויט זי אנצוצינדען?... איז וואהר, אז לעבען בימה זיצט דער שמש אויף א ריזיג פערד גרייט. און אז מען רופט אויף עמיצען צו אן עליה, רייט דער שמש זעהר לאנג ביז ער קומט צו צו דעם מאן און נעמט איהם ארויף אויפ'ן פערד און ברענגט איהם צו דער בימה?...

ווי אריסתובל האט געענדיגט האט אויסגעבראכען א גרויס געלעכטער. אלע האבען געלאכט פון זיינע וויצען איבער דער איבערגעטריבענער גרויסקייט פון די שוהל אין אלעקסאנדריא.

—דאס איז א שוהל — האט שבנא געזאגט צו אריסתובל — עס איז א מקום קדוש, און עס פאסט נישט פאר א כהן גדול צו מאכען געשפעט פון א שוהל...

— אייערע פראגען זענען נישט מעהר ווי א וויץ — האט שבנא ווייטער גערעדט — די שוהל איז אבער ווירקליך זעהר גרויס. זי איז אלע מאל פול מיט דאווענער און מען הערט טאקי נישט דאס קול פון חזן. יעדעס מאל ווען מען דארף נאכזאגען אמן, גיט דער שמש א סיגנאל מיט א טיכעל און דאס פאלק זאגט נאך : אמן.

— איך בעדויער אונזערע ברידער פון אלעקסאנדריא — האט אריסתובל זיך אנגערופען — זיי זענען אין א פרעמד

לאַנד, צווישען פּרעמדע, זיי זענען אָבגעריסען פון היילינען לאַנד. זייער גאַנץ רייכטום און גרויסקייט איז ביי מיר גאָר נישט ווערט. זייער קלוגשאַפּט און געלערנטקייט וועט זיי נישט העלפען אין א שלעכטער צייט. באַלד וועלען די עגיפּטער זאָגען אויף זיי דאס זעלבע, וואס זייערע אור־עלטערן, די מצריים: "דאָס פאָלק ישראל איז גרויס און שטאַרק, לאָמיר אויסגעפינען עצות געגען איהם". די אמונה קען אויך קיין האַפט נישט האָבען אין דער פרעמד. זי וועפט אוים אין גלות. איך האָב רחמנות אויף זיי.

— ביזט גערעכט, מיין קינד — האָט דער אַלטער הורקנוס צוגעגעבען — איך האָב דאָס געזעהן אין בבל. מיר האָט דאָרט גאָרנישט געפעהלט. אַלע האָבען מיך ליעב גע־האַט און צוגעטיילט גרויס כבוד. עס איז מיר אָבער גאָר־נישט איינגעגאַנגען. איך האָב געבענקט נאָך מיין היילינ לאַנד, דאָס האַרץ איז מיר אויסגעגאַנגען נאָך מיין טייערע ליעבע ירושלים: איין טאָג לעבען אין ירושלים איז מיר ליעבער ווי טויזענט טעג לעבען אין די פרעמדע שטעדט.

— איך האַלט נישט מיט אייך — האָט הורדוס זיך אריינגעמישט — איך האָב א סך מעהר זיך אנגעזעהן ווי איהר. איך בין געוועזן אין סיריען, אין עגיפּטען און אין רוים. און איך וויים נאָר אז אומעטום זענען דאָ צוויי סאָר־טען מענשען. רייכע און אָרימע. די רייכע זיינען גליקליך, האָבען אַלע פריידען פון לעבען און די אָרימע לעבען אין צרות און פיין. דער רייכער איז א וועלט־בירגער. איהם איז גוט וואו ער קומט. יעדעס לאַנד איז זיין היים. און דעם אָרימען איז אומעטום שלעכט און בימער ביז'ן קבר.

איהר, מיין אַלטער הערר און פריינד — האָט ער געזאָגט צו הורקנוס'ען — ווען נישט אייער בענקשאַפט נאָך אייערע קינדער, וואָלט איהר געבליבען אין בבל. ירושלים מיט דעם היילינען לאַנד וואָלטען אייך אפילו נישט געקומען אויף די געדאַנקען.

— ביזט אונגערעכט, קעניג און שוואָגער — האָט אריסתובל זיך געשפּאַרט — די ליעבע צום פאטערלאַנד איז שטאַרקער ווי די ליעבע צו דער פאמיליע. ווער נאָך ווי דו ווייסט דאָס, אז א פיינט געהט אויף א לאַנד, לאָזט דער

מענש איבער זיין הויזגעזינד און געהט מוטיג צום טויט. ער שטעלט איין דאס לעבען צו העלפען זיין לאנד. אזוי טוען אלע פעלקער פאר זייערע לענדער. וואס דארפען ערשט מיר אידען טאן, פאר אונזער הייליג לאנד און פאר׳ן בית המקדש, וואו עס רוהט גאט ?

מרים האט א ציטער געטאן ווען זי האט דערהערט די ווערטער. זי האט א קוק געטאן אויף איהר לעהרער שבנא און זי האט בעמערקט, אז ער איז אויך אונרוהיג. זיי האבען זיך דערשראקען די רייד זאלען נישט דערצערנען הורדוס׳ען געגען וועמען דאס פאלק האט ערשט געקעמפט ווי געגען דעם ערגסטען שונא.

— פון דיינע רייד דערקען איך, אז דו ביזט א העלד און האסט מוטה — האט הורדוס איהם געענטפערט — איך האב אפשר גאר געמאכט א טעות, וואס איך האב דיך גע־מאכט פאר כהן גדול. דו דארפסט גאר זיין אין דער ארמעע. מיט דיין מוטה וועסטו קענען בעוויזען וואונדער אין מלחמה פאר דיין לאנד און בית המקדש, וואס דו ליעבסט אזוי הייס.

אריסתובל איז רויט געווארען. זיינע אויגען האבען אויפגעלויכטען פאר פרייד און ער האט געזאגט :

— איך קען דינען אלס כהן גדול אין בית המקדש און בעווייזען העלדישקייט אין מלחמה, ווען עס וועט זיין נוי־טיג. דו האסט דאך געהערט פון די העלדישקייטען פון מיי־נע זיידעס. איטליכער איז געוועזן א כהן גדול און א בע־ריהמטער קריעגס־העלד. איך פיהל אז איך וועל געהן אויפ׳ן זעלבען וועג, איך וועל נישט זיין ערגער פון זיי.

— עס פרייט מיך דאס צו הערען פון דיר — האט הורדוס געזאגט מיט א פריינדליכען בליק — איך וועל דיך בעשטימען פאר א מיליטער קאמאנדיר. איך וועל זיין דיין מיליטערישער לעהרער און זאלסט בעווייזען וואונדער אין קריעג, זאלסט זיין א מוסטער אין די אויגען פון פאלק.

— איך וועל דיר זיין געטריי און איבערגעבען, קעניג — האט אריסתובל איהם געדאנקט — זיי זיכער אז איך וועל זיין א גוטער תלמיד, ווערטה צו האבען אזא גרויסען חשוב׳ען לעהרער, ווי דו, הערר קעניג.

מרים און אלכסנדרה האָבען געהאַט גרויס הנאה דער־פון. דער אַלטער הורקנוס איז אָבער פון מידיגקייט איינגע־שלאָפען ביים טיש.

— דער אַלטער נשיא דרימעלט שוין, ער איז מיעד, — האָט הורדוס געזאָגט — לאָמיר איהם לאָזען געהן זיך אויס־רוהען. איך בין זיכער, אריסתובל, אז דו וועסט מיך נישט פערשעמען.

אַלע האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש. מרים און אלכסנדרה האָבען דעם אַלטען הורקנוס אוועקגעפיהרט אין שלאָף־צימער. הורדוס און זיין שוועסטער שלומית האָבען אַרויסבעגלייט זייער מוטער קפּרון. אריסתובל מיט שבנא'ן זענען אוועק שפּאַצירען אין גאַרטען. באַלד איז צוגעקומען שלומית און זיי האָבען זיך אין דרייען אוועקגעלאָזט אויף א שפּאַציר.

---

זיי זענען פערביי געגאַנגען דעם טורעם פון דגון. ער איז געוועזען פּוסט, קיינער איז דאָרט נישט געגאַנגען. דער טורעם האָט געוואָרפען שרעק אויף אַלעמען. מען האָט גע־זאָגט, אז דאָרט שוועבען די נשמות פון שמעון דער חשמונאי און זיין ווייב און קינדער, וואָס זענען געטויט געוואָרען פון זייער קרוב תלמי. די נשמות קענען נישט גע־פינען קיין רוה, ווייל זיי זענען פאַר דער צייט געגאַנגען פון דער וועלט. פליהען זיי ארום אין טורעם און ווער עס דער־זעהט זיי לעבט נישט אויס דאָס יאָהר.

די איינוואָהנער פון שטאָדט האָבען געגלויבט אין דעם. אפילו די חשמונאים פאַמיליע האָט אויך געגלויבט אין דעם. אריסתובל האָט נישט געגלויבט אין די נאַרישקייטען. און ער האָט געבעטען שבנא'ן מיטצוגעהן מיט איהם אויף'ן שפּיץ־טורעם אין פון דער הויך ארומקוקען די געגענד.

שבנא איז בעשטאַנען. שלומית האָט געזאָגט אז זי וויל אויך מיטגעהן. אין דרייען זענען זיי אריין אין טורעם, ארויף אויף די קרומע שמאָלע טרעפּ ביז זיי זענען אַרויף אויף'ן שפּיץ טורעם. א שטיינערנע פּלאַטפאָרם איז געוועזען אין דער הויך. ארום דער פּלאַטפאָרם איז געוועזען א גאַניק פון מאַר־מאָרשטיין אנדערהאַלבען איילען הויך.

זיי האָבען זיך דאָרט אוועקגעשטעלט און א וואונדער־ליך בילד האָט זיך אויסגעשפרייט פאר זייערע אויגען. אויסגעצויגען איז געלעגען דער פלאץ פון ירדן ביז דעם ים כנרת ווי א וואונדערליכער פיעל־פארביגער, רייך קינסט־לערישער דעקטוך. פון מזרח זייט האָט זיך אויסגעשפרייט דער גאַנצער עבר היורדן ביז צו די שטעדט פון מואב און די וויסטע. אויף דרום־זייט איז געלעגען שטיל דער ים־המלח, דאָס לאנד אדום ביז די שעיר־בערג און אויף מערב־זייט — די וואונדערליכע שטאָדט ירושלים, די הייליגע ליעבע ירושלים.

אז אריסתובל האָט דערזעהן ירושלים, האָט ער אויס־געשריגען פאר פרייד און זיינע אויגען האָבען געלויכטען ווי די זון. דאס האַרץ האָט איהם שטאַרק געקלאַפּט און דאס פנים איז געוואָרען פייער־רויט.

שבנא איז אויך געוואָרען זעהר בעגייסטערט פון ירושלים און אלץ וואָס זיינע אויגען האָבען געזעהן. און ער האָט גע־רעדט מיט גרויס בעגייסטערונג. נאָר שלומית איז געשטאַנען קאַלט און רוהיג און פערבאָרגען געשמייכעלט.

— שבנא ! שבנא ! — האָט זיך פלוצלונג געהערט הורדוס'עס שטימע פון אונטען.

שבנא'ן איז שווער געוועזען זיך אָבצורייסען פון דעם וואונדערליכען בילד. אָבער הורדוס האָט איהם גערופען, איז ער אַראָפּ צו איהם. דער קעניג האָט איהם געפיהרט אין טור־רעם קפרון, וואָס ער האָט אויפגעבויט אויפ'ן נאָמען פון זיין מוטער. האָט איהם געוויזען זיינע טויערען און טירען און געגאַנגען מיט איהם שפּאַצירען. אויפ'ן וועג פרעגט איהם הורדוס :

— קענסטו מיר עפּעס דערצעהלען וועגען דעם "מקדש" וואָס חוניו דער פירטער האָט געבויט אין עגיפּטען ?

— א, דאָס איז א וואונדערליכער בנין. נאָר פון אויס־ווייניג איז ער אנדערש פון בית המקדש, אינווייניג איז ער אָבער פונקט אזוי ווי דאָס בית המקדש.

— איך וויל אויפבויען א וואונדערליכען בית המקדש — האָט איהם הורדוס געזאָגט — איך וויל ער זאָל זיין א סך שענער ווי דער יעצטיגער.

— דער קעניג וועט טאָן א גוטע זאך — האָט שבנא געזאָגט — אָבער דאָס זאָל נישט געטאָן ווערען אָהן דעם סנהדרין. פרעג זיך אָן, קעניג, ביים סנהדרין, און ווי זיי וועלען הייסען אזוי זאָלסטו טאָן, וועט דיר דאָס פאָלק דער־פאר זיין זעהר דאנקבאר און זיי וועלען בענטשען דיין נאָמען.

טראך ! טראך ! — פלוצלינג האָבען זיי דערהערט א גרויסען קנאַק. ווי א מויער וואָלט אומגעפאלען. דער קנאַק האָט זיך געטראָגען פון טורעם דגון. דאָרט זענען געווען אריסתובל און שלומית. זיינען זיי גיך אהינגעלאָפען. אלכסנדרה און מרים מיט די הערדען און קנעכט פון קע־ניגליכען פאלאץ זענען אויך באלד אָנגעלאָפען. דער קלאַפ האָט זיך געהערט ווייט ארום. אלע זענען געלאָפען מיט גרויס שרעק. ווער וויים וואָס ס׳איז געשעהן מיט אריסתובל און שלומית ?

אריסתובל און שלומית זענען ארויסגעקומען פון טורעם און זענען געווען בלאַס און שטארק דערשראָקען. שלומית האָט אָנגעהויבען שרייען :

— אלץ איבער איהם. איבער אריסתובל׳ען האָט זיך אָבגעבראָכען א שטיק פון גאַניק און אראָפגעפאלען אויף דער ערד. א האָר האָט געפעהלט וואָלטען מיר צושמעטערט געוואָרען. א נס איז געשעהן וואָס מיר לעבען. איך האָב זיך נישט גערינכט אז דער כהן גדול זאָל נישט האָבען אזויפיעל שכל ווי א קליין קינד.

אלכסנדרה און מרים האָבען געציטערט פאר שרעק און פאַרגעוואָרפען שבנא׳ן, וואָס ער האָט געלאָזט אריסתובל׳ען געהן אין טורעם, וואס איז אָן אָרט פון אונגליק און ווער עס געהט דאָרט אריין קומט נישט ארויס גאַנץ.

אז שלומית האָט געשריגען און געזאָגט, אז אריסתובל איז שולדיג, האָט אריסתובל גענומען שבנא׳ן אָן א זייט און האָט איהם דערצעהלט, ווי אזוי עס איז געשעהן.

ווען זיי זענען געבליבען אליין האָט שלומית אָנגעהוי־בען זינגען א ליעבע ליעד און איהם געברענט מיט איהרע אויגען. ער האָט אָבער נישט געקוקט אויף איהר. האָט זי איהם אָפען געזאָגט אז זי האָט איהם ליעב. ער האָט אָבער

גארנישט געהערט וואס זי האט גערעדט, ווייל ער איז פער־כאפט געווען פון דעם וואונדערליכען בילד.

זי האט איהם געלאזט צורוה א ווייל. באלד האט זי בע־מערקט אונטער׳ן גאניק וואקסט ארויס א רויז פון א מייער־שפאלט.

— אריסתובל, רייס אב די רויז פאר מיר — האט זי איהם געבעטען.

— איך וויל זיך נישט ארויסבויגען, עס איז געפעהרליך — האט ער איהר געענטפערט.

— מעגסט זיך שעמען, ווילסט זיין א העלדישער קאַ־מאנדיר און האסט אזוי מורא — האט זי געלאכט פון איהם.

דאס איז איהם שוין נישט אנגעשטאנען. ער האט זיך דאס לעבען איינגעשטעלט, אוועקגעזעצט זיך רייטענדיג אויף דעם גאניק און ווי גרויס ער איז זיך אראפגעבויגען אבצורייסען די רויז. מיט איין האנד האט ער זיך אנגע־האלטען אן א זייל און מיט דער צווייטער אנגענומען די רויז.

ער האט זיך געהאט זעהר שטארק ארויסגעבויגען, האט שלומית אנגענומען זיין פוס ווי זי וואלט איהם געוואלט אנהאלטען, ער זאל נישט אראפפאלען. אבער אנשטאט וואס זי האט געדארפט ציהען דעם פוס צו זיך, האט זי איהם גע־שטופט ווי זי וואלט איהם געוואלט אראפשליידערן פון גאניק.

אן אויגענבליק וואלט געדויערט וואלט אריסתובל גע־ווען אראפגעפלויגען און צופאלען אויף שטיקער. ער האט זיך אבער נישט פערלוירען. ער האט דערשמעקט די געפאהר און ער האט מיט דעם פוס איהר געגעבען א שטארקען שטויס, אז זי איז צוריקגעפאלען און זיך אויסגעצויגען איהר גאנצע גרויס אויף דער שטיינערנער פלאטפארם.

מיט די לעצטע קרעפטען האט ער זיך א ווארף געגעבען צוריק אויף דער פלאטפארם און איז אויך אומגעפאלען. פון דעם קלאפ האט זיך אבגעריסען א שטיק גאניק מיט א זייל און מיט שטורם אראפגעפאלען אויף דער ערד.

דאס איז געווען די געשיכטע ווי אריסתובל האט זי דער־צעהלט. שלומית האט אבער פערדרעהט. זי האט געזאגט אז

אין זיין ווילדקייט האָט ער דוקא געוואָלט אָברייסען די רויז. ווי האָט געזעהן אַז ער וועט אראָבפאַלען, האָט זי איהם גע־באָפּט פאר'ן פוס און געוואָלט אריינציהען, האָט ער איהר נאָר געגעבען אַ בריק און זי אומגעוואָרפען.

שבנא איז צוטומעלט געוואָרען ווען ער האָט דערהערט די געשיכטע פון אריסתובל'ען. ער האָט געקענט שלומית'ן און געוואוסט אַז זי איז אַ שלעכטע. זי זאָל אבער זיין אזוי פערדאָרבען האָט ער נישט געוואָלט גלויבען. אפשר האָט אריסתובל געמאַכט אַ טעות. ער איז געווען אין גרויס שרעק, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז זי שטופּט איהם אראָפּ.

—פאָלג מיך און דערצעהל נישט קיינעם — האָט שבנא איהם געראַטען —דו וועסט צורייצען די פרויען און עס וועט אויסברעכען א גרויסע קריגעריי. זיי האָבען זיך אזוי אויך גענוג פיינט.

אריסתובל האָט איהם געפאָלגט און זיך נאָך ענטשול־דיגט פאר שלומית'ן, געערעדט צו איהר פריינדליך און גע־זאָגט אַז זי איז גערעכט. דאס איז געפעלען הורדוס'ן און ער האָט געלויבט אריסתובל'ען און אלעמען צו בערוהיגען פון דער גרויסער שרעק, וואס יעדער האָט ערשט איבערגע־לעבט, האָט ער פאָרגעלייגט גלייך צו לערנען אריסתובל'ען די קונסט פון ראַנגלען.

הורדוס האָט איהם געלערנט ווי צו האלטען זיך אויף די פיס. אבער יעדעם מאָל האָט ער לייכט אומגעוואָרפען אריסתובל'ען. הורדוס איז געווען שטארקער פון איהם. אין לויפען איז אבער אריסתובל געווען געשיקטער און גיכער. הורדוס האָט נישט געוואָלט צוגעבען אַז אריסתובל לויפט בעסער פאר איהם. ער האָט געזאָגט אַז אריסתובל לויפט שנעלער נאָר אַ קליינע שטרעקע. ווען ער זאָל דארפען לויפען לענגער, וואו מען דארף שוין קענען די קונסט פון לויפען, וועט הורדוס איהם איבעריאָגען.

—לאָמיר זעהן — האָט אריסתובל פאָרגעלייגט — לאָמיר לויפען אַ לאַנגע שטרעקע.

— איהר זענט שויןביידע מיעד — האָבען מרים און אלכסנדרה זיך אָנגערופען.

—לייגט דאס אָב אויף אַן אַנדערס מאָל.

—האָט איהר אַמאָל געהערט אַז אַן אָרמע זאָל אינטיטען שלאָכט זיך זעצען אַברוהען און געבען אַ געלעגענהייט איהר שונא זיך אָנצונעמען פרישע קרעפטען? — האָט הורדוס געלאָכט — דאס דאַרף גלייך אויסגעפיהרט ווערען. לאָמיר זעהן ווער לויפט בעסער.

אריסתובל האָט קוים זיך איינגעבעטען ביי זיין מאַמע און שוועסטער און זיי האָבען איהם ערלויבט.

זיי האָבען אויסגעקליבען דעם וועג צווישען די פייגענ־בוימער, א שטרעקע פון דריי תחום שבת, ביז צום ערשטען קוואל פון די יריחו וואַסערען. שבנא איז פריהער אַוועק אהין. הורדוס האָט איהם אויסגעקליבען צו זיין דער ריכטער אין דעם לויף־וועט. אלכסנדרה און מרים זיינען געבליבען וואַרטען ביז זיי וועלען זיך אומקערען.

דעם גאַנצען וועג איז אריסתובל געלאָפען פאָראויס אין הורדוס הינטער איהם. אַז זיי זיינען שוין געווען נאָהנט פון ציעל, האָט הורדוס אָנגעהויבען שפרינגען ווי אַ לעמפערט, ער האָט איבערגעיאָגט אריסתובל'ן און פריהער דערלאָפען צום קוואַל. ער איז אויך נישט געווען מיעד. אריסתובל איז שפּעטער אָנגעקומען. דער שוויים האָט זיך געגאָסען פון איהם און ער האָט קוים געקענט אָטעמען.

הורדוס און שבנא האָבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראָז און געוואַרט אריסתובל זאָל זיך אַברוהען און קומען צו זיך.

אין טייך האָבען זיך דעמאָלט געבאָדען עטליכע מילי־טער פיהרער פון הורדוס'עס לייב גוואַרדיע, די גאַליער סאָל־דאַטען. זיי האָבען געשוואומען ווי קאַטשקעס און געמאַכט פערשידענע קונצען אין וואַסער. זיי האָבען דערזעהן דעם קעניג זיינען זיי שטיל געוואָרען. ער האָט זיי אבער געגעבען אַ וואונק זיי זאָלען זיך נישט שטערען, האָבען זיי געמאַכט נאָך גרעסערע קונצען.

—דאס איז אויך זעהר וויכטיג פאַר אַ סאָלדאַט — האָט הורדוס געזאָגט צו אריסתובל'ען — וואָלסטו נישט געווען מיעד פון לויפען, וואָלט איך דיך געהייסען נעמען אַ לעקציע אין שווימען.

—שווימען קען איך גוט. בין אזוי געשיקט אויפ'ן וואַ־

סער ווי דיינע העלדען — האט אריסתובל געענטפערט.

ער האט געזאגט דעם אמת. ער איז געווען אן אויסגע־צייכענטער שווימער. שבנא האט איהם געלערנט.

—איך בין אזוי מיעד פון לויפען — האט אריסתובל גערעטען — ערלויבט מיר זיך אבבאדען, וועל איך זיך דערברישען.

—ניין, באד זיך נישט. די פרויען וועלען זיין אונרוהיג אז מיר וועלען זיך דא זוימען לאנג — האט הורדוס געזאגט.

—געהט אהיים און בערוהיגט זיי. איך וועל זיך אב־באדען און שנעל געהן אהיים.

שבנא האט זיך איינגעשפארט און איהם נישט געוואלט ערלויבען. עפעס האט איהם דאס הארץ געשראקען און ניט געוואלט דערלאזען איהם געהן זיך באדען. הורדוס האט זיך אויך געקווענקעלט. אריסתובל האט איהם אבער שטא־ק אנגעהאלטען און הורדוס האט איהם ערלויבט.

—מאך עס גיך — האט ער איהם געזאגט.

— ניט אכטונג אויף דער קעניגינ'ס ברודער — האט הורדוס בעפוילען די סאלדאטען — אויב איהר ווילט איך זאל אייך האבען האלד.

הורדוס האט זיך אויפגעהויבען און מיטגערופען שבנא'ן און זיי האבען אנגעהויבען געהן אהיים.

—ער איז נאך גאר א קינד — האט הורדוס געזאגט צו שבנא'ן — א געצערטעלטער בן־יחיד. ער האט אבער א סך מוטה. אין דער ארמיי וועט ער אויסוואקסען א גרויסער העלד.

—מיר געפעלט דאס נישט — האט שבנא זיך אנגע־רופען — עס פאסט נישט דער כהן גדול זאל זיין א סאלדאט. דער כהן גדול דארף זיין א מאן פון פריעדען. די ארמיי פאר־דערט בלוט.

—זיינען דאך זיינע בעריהמטע עלטערן, דער שטאלץ פון די אידען אויך געווען ביידע: כהן גדול און קריעגס־פיהרער — האט הורדוס געפרעגט.

—דאס איז געווען אין שווערע צייטען. ווען דער פיינט האט אונז געוואלט מאן שלעכטס. ער האט אונז געוואלט אראבפיהרען פון גאט'ס וועג. איז דעמאלט נישט געווען

צווישען פאלק קיין איין העלד, וואס זאל זיך שטעלען אנט־קענען דעם שונא. ערשט דעמאלט האבען די כהנים פון דער חשמונאים פאמיליע זיך גענומען צו דער שווערד. זיי האָ־בען געטאָן ווי איינער פון אונזערע חכמים זאָגט: דאָרט וואו דו זעהסט נישט קיין מענש, זיי דו א מענש!

—ווער האָט דאס געזאָגט אזא קלוג וואָרט? — האָט הורדוס געוואָלט וויסען.

—דער חכם פון בבל, וואס דו זאָסט פאראיאָהרען סוכות גערעדט מיט איהם אין בית המקדש. איך קען איהם גוט. ער איז א זעלטען קלוגער מאן און אזא האָב פיעל גוטע, נוצליכע זאכען פון איהם געלערנט — האָט איהם שבנא דערצעהלט.

—פארוואָס האָבען די חשמו אים זיך דערווייטערט פון די חכמים? — האָט הורדוס געוואָלט וויסען.

—ווייל ס'איז אויסגעבראָכען א ברודער קריעג צווישען זיי. איינער קוילעט דעם אנדערען. האָט זיך אויסגעגאָסען גאָט'ס צאָרן אויף זיי און זיי האָבען מעהר נישט קיין פריע־דען. אויף דעם האָט דער חכם געזאָגט א גוט וואָרט.

ער איז אמאָל געגאַנגען פעבּיי א טייך. האָט ער געזעהן ארומשווימען א קאָפּ אויפ'ן וואסער. האָט ער געזאָגט צום קאָפּ אזוי:

—ווייל דו האָסט דערטרונקען אן אנדערען האָט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף וועט זיין אז די וואָס האָבען דיך דערטרונקען וועלען אויך ווערען דערטרונקען — האָט איהם שבנא דערצעהלט.

פלוצים האָבען זיי הינטער זיך דערהערט א שרעקליך געשריי. זיי האָבען אויפגעציטערט און אנגעשטעלט די אויערען. זיי האָבען גאָרנישט מעהר געהערט ווי דאס פּליעס־קען פון וואסער און די פרעהליכע געשרייען פון די באָדענדע סאָלדאטען.

—ס'איז גאָרנישט — האָט הורדוס געזאָגט און געוואָרען בלאס.

—וועסט איהר מיר דאָך אויך אזוי בעצאָהלען ווי איך האָב געטהאָן מיט די חשמונאים — האָט הורדוס געפרעגט מיט א ציטערדיגע שטימע — וואס איך האָב צוגענומען פון זיי דעם טראָהן?

—ניין, קעניג, דאס נישט — האָט שבנא געענטפערט— מיר מישען זיך נישט אין רעגיערונגס זאכען.

אין דער רגע האָבען זיי געהערט אַ שוידערליך געשריי פון וואַסער ארויס. דאס געשריי איז געווען אזוי שרעקליך אז די הערצער זיינען זיי שיער ארויסגעשפרונגען פאר גרויס שרעק.

זיי זיינען צוגעלאָפען צום וואַסער און זיי האָבען פון וויטענס געזעהן ווי די באַדענדיגע סאָלדאַטען ראַנגלען זיך אין טייך און צוויי פון זיי זייגען אראָפּגעזונקען. אז זיי זיינען צוגעקומען נאָהנט האָבען זיי דערזעהן אז נאָר איינער איז צוריק ארויפגעשוואומען. שבנא האָט בעמערקט ווי דער סאָלדאַט וואס איז ארויפגעשוואומען האָט געקוקט צו הורדוס'ען, געוואונקען צו איהם און געשמייכעלט איינגע־האַלטען.

זיי האָבען זיך ארומגעקוקט און נישט געזעהן אריס־טובל'ען. שבנא האָט אָנגעהויבען ציטערן פאר שרעק. אַ שרעקליכער געדאַנק איז איהם איינגעפאַלען. ער האָט עס אבער נישט געוואָלט גלויבען, אזוי שוידערליך איז עס גע־ווען. ער האָט זיך בערוהיגט. אריסתובל ליגט געוויס אויפ'ן גראָז און רוהט זיך אָב. עס איז שוין טונקעל זעהט מען איהם נישט.

שבנא האָט זיך אַרומגעקוקט, גענומען איהם זוכען אין גראָז, האָט ער פּלוצלונג בעמערקט אַ פּרוי בעהאַלט זיך צווי־שען די קוסטעס. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט און ער האָט זי דערקענט.

עס איז געווען שלומית, הורדוס'עס שוועסטער.

—וואו איז דאָס אינגעל? — האָט הורדוס געפרעגט דעם סאָלדאַט אין טייך.

— ער איז אריין אין וואַסער און אָנגעהויבען שווימען, אָבער איידער ער איז צוגעקומען צו אונז איז ער ארונטער אונטער'ן וואַסער. מיינע קאַמעראַדען זוכען איהם, זיי ווי־לען איהם ראַטעווען.

—אוי! ס'איז געשעהן אַ גרויס אונגליק! — האָט שבנא אויסגעשריען און זיך געצאַפּעלט אין גרויס שרעק.

די צוויי סאָלדאַטען וואָס האָבען זיך אראָפּגעלאָזט אין

די טיפענישען פון טייך זיינען באלד ארויפגעקומען און גע־טראגען אריסתובל׳ען אין דער הויך. זיי האבען איהם אוועקגעלייגט אויפ׳ן גראז.

דאס זוניגע פנים אריסתובל׳ס איז געווען גרין, זיינע רויטע ליפען זיינען געווען בלוי און זיין גאנץ לייב געשוואלען.

שבנא האט ארויפגעלייגט זיין ציטערנדיגע האנד אויף אריסתובל׳ס הארץ און עס איז געווען שטיל, שטום, קאלט ווי א שטיין.

—אוי, וועה איז מיר! — האט שבנא געשריגען און גע־יאמערט — דאס קינד איז געשטארבען! דאס אינגעל איז טויט! זוהן מיינער, איך האב דיך אויפגעצויגען און געלע־רענט. ביזט טויט, לעבסט נישט מעהר! געוואלד! איך בעט אייך, ראטעוועט! העלפט מיר! אפשר קען מען איהם נאך ראטעווען!

שוועד האבען זיי געארבייט איבער איהם, האבען איהם געקייקעלט און געווארפען, דאס וואסער אויסגעדריקט פון איהם. עס איז אבער געווען אומזיסט, ער איז געווען טויט.

שבנא האט זיך געריסען די האר פון קאפ און געקלאגט ביטער:

—וועה איז מיר, זוהן מיינער! וועה דיין מאמע וואס האט דיך געבוירען! וועה איז דיין שוועסטער וואס האט דיך גע־ליעבט ווי איהר שווארץ־אפעל פון אויג! וועה איז דיין אל־טען זיידע, וואס ביזט געווען זיין גאנצע האפנונג! ווער וועט זיין אזוי אונדערבארמדיג און זיי לאזען וויסען פון אונגליק! ווער וועט דאס גאר גלויבען! בערג, דעקט מיך צו, איהר הילען, פאלט איין איבער אונז!

זיין יאמערן און שרייען האט זיך געטראגען ווייט און מענשען זיינען זיך אנגעלאפען פון אלע זייטען. אלע וואס זיינען צוגעקומען האבען אנגעהויבען וויינען, קלאגען און שרייען. דאס געוויין און געשריי האט זיך געטראגען אי־בער דער גאנצער געגענד און דערגרייכט צום וואלד און גארטען. דארט זיינען אונרוהיגע געשטאנען מרים און אלכסנדרה און נישט געוואוסט וואס זיי זוימען זיך אזוי לאנג. הורדוס האט געהייסען ארײנלעגען דעם טויטען אין

צו שיפעל און צוגעדעקט. די סאָלדאַטען האָבען איהם אוועק־געטראָגען צום פּאַלאַץ.

אַז זיי זיינען געוועזן העלפט וועגס זיינען אָנגעלאָפען אַלכּסנדרה און מרים. זיי זיינען געלאָפען ווי משוגע. דער אַלטער הורקנוס און דאָס גאַנצע הויזגעזינד זיינען ארויס אין גרויס שרעק און דאָס גאַנצע פאָלק האָט ביטער געוויינט:

— אוי, וועה געשריגען, אונזער זון איז אונטערגעגאַנגען, טייערע אונגליקליכע בלום, אונזער קרוין, אונזער שעהנקייט וואָס ביזטו אַזוי יונג פערוועלקט געוואָרען און צושטערט אונזער האָפנונג!

ווי נאָר די סאָלדאַטען זיינען צוגעקומען מיט דעם טויטען אריסתובל צום פּאַלאַץ און אַוועקגעלייגט לעבען טויער, איז הורדוס אריינגעלאָפען אין פּאַלאַץ און אין אַ מינוט ארום איז ער ארויסגעקומען מיט דער שווערד אין האַנד. ער האָט זיך געוואָרפען אויף די סאָלדאַטען און זיי צוהאַקט אויף שטיקער.

— שטאַרבט! — האָט ער געשריגען — איהר האָט נישט געפאָלגט מיין בעפעהל און נישט אָבגעהיט דאָס קינד!

מרים האָט גע'חלש'ט און דער אַלטער הורקנוס איז גע־שטאַנען צוטומעלט און עס האָט איהם אָנגעהויבען וואַרפען פאַר שרעק. הורדוס איז געווען פערנומען מינטערענדיג די פער'חלש'טע מרים, האָט אַלכּסנדרה אַוועקגענומען שבנא'ן אָן אַ זייט און שטיל איהם געזאָגט:

—ער האָט עקסטרא דערמאָרדעט זיינע געטרייע קנעכט, זיי זאָלען נישט קענען שפּעטער אויסזאָגען, אַז ער האָט זיי געהייסען דערטרינקען מיין קינד...

—וואָס רעדט איהר אַזוי, איהר אונגליקליכע, בעטריעב־טע מאַמע? — האָט שבנא געענטפערט און געציטערט.

זי איז אַראָפּ פון זינען דורך דעם גרויסען אונגליק, האָט שבנא זיך געטראַכט. ער האָט זי שטאַרק בעדויערט און יאָמערליך געוויינט.

—ניין, מיין פריינד, צו מיין אונגליק בין איך נאָך נישט משוגע — האָט די אונגליקליכע מוטער געזאָגט און איהרע אויגען האָבען געקוקט אַזוי ווילד — איך האָב היינט געזעהן ווי ער האָט זיך גע'סוד'עט מיט די סאָלדאַטען, וואָס

ער האָט ערשט דערמאָרדעט. זיין שוועסטער שלומית האָט געבראכט די סאָלדאַטען אין פּאַלאַץ אריין. וועה איז צו מיין טויטען זוהן און וועה איז צו מיין לעבעדיגע טאָכטער!.. די הורדוס פאַמיליע איז אַ שרעקליך אונגליק פאר אונז. ווער ווייס וואס פאר אַ סוף מיר וועלען נאָך האָבען!

ערשט איצט האָט שבנא זיך אָנגעהויבען דערמאַנען אַ סך זאכען און ער האָט פערשטאַנען אז אלכסנדרה איז גע־רעכט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי שלומית האָט געוואָלט אַראָפּשליידערן אריסתובל'ען פון שפּיץ טורעם, ווי הורדוס האָט אויסגעמאַטערט אריסתובל'ען ביים ראַנגלען און אַז ער האָט אויסגעקליבען צו לויפען ביז'ן טייך. ער האָט ערשט פערשטאַנען וואָס דער סאָלדאַט פון וואַסער האָט געוואונקען צו הורדוס'ען און געשמייכעלט און שלומית איז דעמאָלט געווען דאָרט.

שבנא איז געווען זיכער אַז אריסתובל'ס טויט איז צוגע־גרייט געוואָרען פון הורדוס'ען. ער האָט אָבער געשוויגען, נישט געוואָלט צוגעבען. ער האָט מורא געהאַט אַז דאס וועט ברייינגען נאָך אונגליקען ער האָט פּרובירט בע־ווייזען אלכסנדרה'ן אַז זי האָט אַ טעות. זי איז אבער פעסט בעשטאַנען אַז הורדוס'עס הענד זענען פאַרשמירט אין איהר קינד'ס בלוט.

— זאָגט נישט אַרויס אייער פערדאַכט צו מרים'ען—האָט ער זיך געבעטען ביי איהר — מרים וועט איהם דאָס פאַר־וואַרפען וועט ער זי אויך אומברייינגען און די לעצטע צווייג וועט ווערען אָבגעבראָכען.

אלכסנדרה האָט איהם דאס צוגעזאָגט.

הורדוס האָט פאַר מענשען'ס אויגען שטאַרק געטרויערט אויף אריסתובל'ען און איהם בעוויינט. ער האָט געהייסען איהם באַלזאַמירען און איהם בעגראָבען מיט גרויס כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קעניג. דיעם טאָג וואָס ער האָט בע־גראָבען אריסתובל'ען האָט ער אויך בעגראָבען דעם פריע־דען פון זיין הויז אויף אייביג.

מרים האָט נישט געוואָלט זיין מעהר אויף דעם אָרט וואו איהר איינציגער ברודער איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען. זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל זיך אומקערען נאָך ירושלים.

הורדוס האָט געטאָן איהר ווילען. טרויעריג און פערבי־טערט האָבען אַל זיך אומגעקערט אין דער חייליגער שטאָדט.

אלכסנדרה האָט שטילערהייט געלאָזט וויסען קלעאָפּאַ־טרא׳ן, די עגיפּטישע קעניגין, אז הורדוס האָט אונדערבארמ־דיג אומגעבראכט איהר איינציגען זוהן. קלעאָפּאטרא האָט דאָס דערצעהלט אנטאָניוס׳ען.

אנטאָניוס האָט גלייך ארויסגעפאָדערט הורדוס׳ען צו זיך נאָך לודקיא, ער זאָל איהם שטעלען פאַר׳ן געריכט אנגע־קלאָגט אין דעם מאָרד פון אריסתובל׳ען.

דאס איז געווען אָנהויב פריהלינג. הורדוס האָט זיך שטארק דערשראָקען. ער האָט מיטגענומען א סך טייערע מתנות און מיט זיי געוואָלט געווינען אנטאָניוס׳עס גענאָד. און ווייל ער האָט געוואוסט אז דאָס איז געשעהן דורך אלכסנדרה׳ן און אפשר אויך דורך מרים׳ען, האָט ער זיי ביידע איבערגעלאָזט ביי זיין שוואָגער יוסף, שלומית׳עס מאַן.

אין זייערע אויגען האָט ער איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל זיי היטען עס זאָל זיי קיין בייז נישט געשעהן; שטילערהייט האָט ער איהם אבער בעפוילען אז אויב אנטאָניוס וועט איהם געפינען שולדיג און בעשטראָפען מיט׳ן טויט, זאָל ער זיי ביידע אומברייננגען. ער האָט איהם אויך אָנגעזאָגט אז ער זאָל דעם סוד נישט אויסזאָגען צו קיינעם.

---

זייט דעם אונגליק מיט אריסתובל׳ען האָט שבנא זעלטען בעזוכט דעם קעניגליכען פּאַלאַץ. זיין קומען האָט שטענדיג דערמאָנט מרים׳ען און אלכסנדרה׳ען און איהם אַליין דאָס גרויסע אונגליק. ער האָט אויך נישט געקענט צוזעהן די ליידען און פּיין וואס די חשמונאים שטעהען אויס פון דער אדום׳ישער פאַמיליע.

די אדומישע קנעכט האָבען ווי א שפּין ארומגעוועבט זייער נעץ ארום די חשמונאים און אומגעבראכט איינעם נאָכ׳ן אנדערן. יעדען טאָג האָבען זיי, די אדום׳ישע קנעכט, געבראכט א ניי אונגליק אויף די חשמונאים קינדער און אליץ איז זיי געווען וועניג. זיי האָבען יעדען טאָג געקלערט

וועגען בייז און שלעכטס פאר די בעליעבטע כהנים און קעניגליכע פאמיליע, וואס איז געווען בעליעבט ביים פאלק.

שבנא האט דעמאלט חתונה געהאט מיט הלל'ס טאכטער. דעם ערשטען טאג וואס ער איז אריינגעקומען אין הלל'ס הויז צו לערנען ביי איהם, האט ער ליעב בעקומען זיין טאכטער. נאך דער התונה האט ער געקויפט א שטיק פעלד לעבען ירושלים און אויפגעבויט א הויז. ער האט געוואוינט אינאיינעם מיט זיין גרויסען שווער, מיט הלל'ען.

ער איז געזעסען און געלערנט. אמאל האט ער אויך בעזוכט דעם קעניגליכען פאלאץ און פערברענגט מיט אלכסנדרה'ן און מרים'ען און זיי געטרייסט אין זייער גרויסען אונגליק. ווען ער איז געקומען צו זיי, האבען זיי זיך געפרעהט מיט איהם ווי מיט אן אייגענעם.

מרים איז דעמאלט אלט געווען דריי און צוואנציג יאהר. איז שוין געווען א מאמע פון א קינד. אויסגעזעהן האט זי אבער נישט מעהר ווי פון אכטצעהן. זי איז געווארען טויזענד מאל שענער. איהרע געטאקטע גליעדער זיינען געווארען רייף און פול. איהר פנים האט געבליהט. דער טרויער אויף איהר ברודער'ס שרעקליכען טויט האט איהר צוגעגעבען פיעל חן. איהר זיס איידעל געזיכט איז געווארען אין טרויער איינגעהילט און זי האט אויסגעזעהן ווי די ליכטיגע זומער זון אונטער א דינעם נעפעל.

מיט איהר גאנצען לעבען איז זי געווען איבערגעגעבען איהר קינד אלכסנדר, א נאמען נאך איהר יונגען פאטער, וואס איז אומגעבראכט געווארען ווען זי איז געווען א קליין קינד.

איהר קינד איז געווען איהר טרייסט נאך איהר פערלוירענעם יונגען ברודער. אריסתובל'ס טויט האט נאך מעהר פערשטארקט איהר גלויבען אין גאט. זי איז געווארען פרומער און האט געטאן פיעל גוטס צו מענשען.

זי האט אויך נישט אויפגעגעבען איהר האפנונג צו מאכען הורדוס'ען איידעלער און בעסער. זי האט נאך אלץ געגלויבט אז ס'וועט איהר געלינגען ארויפפיהרען איהם אויפ'ן גוטען וועג.

הורדוס האט אויפגעהערט צו פערפאלגען דאס

סנהדרין און די געלעהרטע לייט. ער האָט נאָר געמאַכט אַ גרענעץ צווישען זיך און זיי, זיי זאָלען זיצען און לערנען גאָט'ס תורה צום פאָלק און זיך נישט מישען אין מלוכה־פיהרונג.

אלכסנדרה, מרים'ס מאַמע, האָט געהאַלטען איהר צוזאָג צו שבנא'ן און נישט דערצעהלט מרים'ען אז הורדוס האָט געהייסען אומברייננגען אריסתובל'ען.

מרים האָט געהאַט אַ סך צער ווען זי האָט געזעהן אז איהר מוטער האַסט הורדוס'ען אזוי שטאַרק. דאָס וואָס די מוטער האָט שרעקליך פיינט געהאַט שלומית'ען האָט זי איהר געבען גערעכט. שלומית איז געווען דער בייזער גייסט פון הויז, זי האָט נאָר גערייצט צו קריעג און פיינדשאַפט. נישט נאָר האָט זי געמאַכט מחלוקת אין הורדוס'עס הויז, נאָר מיט איהר אייגענעם מאַן האָט שלומית זיך אַלע מאָל געקריגט און ארומגעריסען. איהר מאַן וואָלט זי שוין לאַנג געווען ארויסגעיאָגט פון זיין הויז, ווען ער וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר הורדוס'ען. ער האָט זיך געהאַלטען מיט איהר, ער האָט זי אָבער פיינט געהאַט ווי אַ וואָרעם.

שלומית'עס מאַן, יוסף, איז דעמאָלט אַלט געווען 35 יאָהר. אַ זעלטען שעהנער, אַ גוטער און קלוגער. שלומית איז געווען פיעל יונגער פון איהם, נאָר איהר בייזע נאַטור האָט זי אויפגעגעסען און צובראָכען. זי איז געווען דאַר און בלאַס, איינגעפאַלענע באַקען און טונקעלע רעדער אונטער די אויגען, אַ גראָבע נאָז און אַ גרויס מויל.

נאָר איהרע אויגען זיינען געווען אזוי ווי הורדוס'עס: גרויע, פול פייער און אז זיי האָבען זיך אָנגעצונדען האָבען זיי געפלאַקערט ווי ברענענדער שוועבעל. זי איז געווען די איינציגע שוועסטער פון הורדוס און ער האָט זי ליעב געהאַט ווי זיין לעבען.

איין גוטע אייגענשאַפט האָט הורדוס'עס פאַמיליע גע־האַט. זיי האָבען איינס דאָס אַנדערע שטאַרק ליעב געהאַט און געווען זיך געטריי ביז'ן לעצטען אָטעם. די חשמונאים פאַמיליע איז אָבער געווען צוטיילט און צוריסען. אַ ברודער האָט געהאַסט זיין ברודער. זיי האָבען זיך געקריגט און גע־

שלאָגען. זייער אונאייניגקייט האָט זיי אָבגעשוואַכט און די פעראייניגטע פאַמיליע פון אדום האָט זיי געקענט בייקומען.

הורדוס'עס פאַמיליע האָט געלעבט צווישען זיך אין גרויס אייניגקייט. נאָר איין יוסף, שלומית'עס מאַן, איז געווען אנדערש פון זיי. ער האָט נישט געקענט פערטראָגען זייער פאַלשקייט און ביטערקייט צו אַנדערע מענשען. די צרות וואָס ער האָט געהאַט פון זיין ווייב, האָבען נאָך צוגעהאָלפען איהם צו דערוויַיטערען אַליץ מעהר און מעהר פון דער פאַ־מיליע.

מרים האָט געזעהן וויפיעל יוסף ליידט, האָט זי איהם שטאַרק בעדויערט און מקרב געווען. זי האָט גערעדט מיט איהם פריינדליך און דערמיט פערגרינגערט זיין ביטער גע־מיטה. זי איז אַלע מאָל געווען פאָרזיכטיג נישט צו מישען זיך אין פרעמדע קריגערייען.

יוסף האָט זיך אָפט בעקלאָגט פאר איהר און אראָפגע־רעדט זיין ביטער הארץ. האָט זי אַליץ פערטיידיגט שלומית'ן, געזוכט אויף איהר אַ זכות נישט קוקענדיג, וואס זי האָט זי געהאַסט ווי דעם טייוועל.

שלומית האָט געזעהן אז יוסף איז בעפריינדעט מיט דער וואונדער־שעהנער מרים, האָט זי זיך אָנגעצונדען ווי פייער. זי האָט אָבער נישט געוואגט חושד זיין מרים'ן, האָט זי געשוויגען און פערבאָרגען איהר כעס אויף שפעטער.

איינמאָל געגען אבענד. מרים איז געזעסען אין גארטען פון פאַלאַץ. די זון האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן און איהרע לעצטע שטראַהלען האָבען פערגאָסען מיט גאָלדענ־ליכט די שפיצען פון די בוימער און ציון'ס טורעמס.

פון דרויסען האָט זיך געצויגען אַ פרעהליך געזאַנג. די בעלי מלאכות האָבען פערלאָזט די ארבייט און זינגענדיג געגאַנגען אהיים. מרים איז געזעסען פערטראַכט און פלוצ־לינג אָנגעהויבען זינגען. איהר שוואַרצע דינסט האָט שוין געוואוסט וואָס צו מאַן אין אַזא פאַל. זי האָט איהר גע־בראַכט די הארפע. אַ שטיק צייט איז די הארפע געווען שטיל. מרים האָט אין איהר גרויסען טרויער זי גאָר פער־געסען. איצט האָט זי גענומען די הארפע און איהרע איידעלע

פינגער האָבען אָנגעהויבען פליהען איבער די סטרונעס. זי האָט געשפיעלט און געזונגען דאָס ליעד :

## דער רייכער און דאָס גליק

אמאָל איז געווען אַן עושר.
געווען איז זיין פאַלאַץ אַ גרויסער.
זילבערנע ווענט און גאָלד דער דאַך
כבוד האָט ער אויך געהאַט אַ סך.
אַ וועלט האָט געציטערט פאַר זיין בליק.
געפעהלט האָט איהם נאָר אַ ביסעל גליק.

האָט דער עושר אַלץ געלאָזט :
שאָף און רינדער, ווייב און קינדער ;
זוכען גליק איז ער געלאָפען
אויף אַלע וועגען און אַלע שטעגען
אין היץ און קעלט, אין פייער און פראָסט
און אַלץ דאָס גליק נישט געטראָפען.

ער איז געקומען צו אַן אָרים הייזעל.
מיט אַ ליידיג שטאָל אָהן אַן אייזעל
דער בעל הבית רוהיג, פרעהליך, אָהן אַ העמד,
פון שמחה, שיינט, ליכטיג איז זיין בליק
האָט דער עושר זיך פערשעמט :
דערזעהן האָט ער דאָ דאָס גליק.

און אויסגעשטרעקט האָט ער די הענד
צו גליק מיט געבעט און געזאָגט :
— גליק, אָ, גליק, קום דאָך צו מיר ! —
האָט ער געוויינט און געקלאַגט —
גליק, אָ, גליק, קלאַפ אין מיין טיר
גאָלד איז גאָרנישט אקעגען דיר.

גליק האָט זיך פון עושר אָבגעקערט :
אזוי איז דאָס אויף גאָר דער ערד.
איך בלייב ביים אָרימאַן.
וואו פרידען איז, איז גליק אויך פאַראַן.
ליידיג איז ער געקומען און ליידיג
זיך אומגעקערט.

יוסף האָט דעמאָלט שפּאַצירט אין גאָרטען. ער האָט געהערט מרים׳ען זינגען, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר און זיך איינגעהערט. אַז זי האָט געענדיגט האָט ער שטאַרק געלויבט איהר זיסע שטימע און זיס זינגען.

איז פּלוצלונג צוגעקומען שלומית, צוגעוואָרפען איהר מאַן אַ בליק פול פעראַכטונג און מיט בייזען שפּאָט געזאָגט צו מרים׳ען :

— איך זעה אַ נייעס. די קעניגען פון לאַנד איז מיאוס געוואָרען איהר מאַן׳ס קרוין און זי איז מקנא די אָרימע־לייט, וואָס הונגערן און האָבען נישט קיין שטיקעל ברויט.

מרים האָט געוואוסט, אַז שלומית זוכט זיך אַן אויסרייד צו קענען פערפיהרען אַ מחלוקה, האָט זי איהר געענט־פערט :

— דו ווייסט דאָך דאָס וואָרט : ״בעסער אַ טרוקען שטיקעל ברויט און עס איז שלום, איידער אַ הויז מיט גע־שטאָפּטע רינדער און קריגעריי״.

— פאַראַן שעהנע עפּעל וואָס זענען אינוועניג פער־פוילט — האָט איהר מאַן זיך ארייננעמישט — דער וואָ־רעם פרעסט אויף זיין האַרץ.

— איך בין טאַקי געגליכען צו אַזאַ עפּעל, אַז איך האָב אַ מאַן ווי דו ביזט — האָט שלומית איהם שאַרף צוגעוואָר־פען.

— יאָ, דו ביזט טאַקי פערפוילט אין האַרצען, קיין שעהן פּנים האָסטו אויך שוין נישט — האָט איהר יוסף צוריק־געוואָרפען.

— זוך דיר, מיין מאַן, אַזאַ עפּעל מיט אַ שעהן פּנים, איך זעה דאָך, דו האָסט איהם שוין געפונען...

יוסף איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. נאָר מרים האָט איהם בערוהיגט און זי האָט געזאָגט צו שלומית׳ען :

— איין גוטע אייגענשאַפט האָסטו, הורדוס׳עס שוועס־טער, געהאַט. האָסט געהאַט פערשטאַנד. איצט זעה איך, אַז די האָסט דיין שכל שוין אויך פערלוירען. דיין בייזע אייפערזוכט עסט דיך אויף. פערברעגגסט דיין לעבען אין האַס און פיינדשאַפט צו אַלעמען. קענסט זיך ווייטער פיה־רען ווי דו ווילסט. זאָלסט אָבער נישט וואַגען זיך ווייזען

פאר מיינע אויגען ביז הורדוס וועט צוריקקומען. ער וועט דארפען משפט'ען צווישען אונזביידע.

אויפגערעגט און דערצארנט האט מרים ביידען איבערגעלאזט און אריין אין פאלאץ.

מרים'ען האט שטארק פערדראסען, וואס שלומית האט אויף איהר אויסגעטראכט אזא מיאוס'ען בלבול. זי האט פערשטאנען, אז שלומית גלויבט דאס נישט אויף איהר. זי זאגט עס נאר מרים זאל זיך דערווייטערן פון איהר מאן, כדי נישט אריינצופאלען אין איהר מויל.

האט זי דערפאר זיך ניט דערווייטערט פון יוסף'ן. זי האט איהם נאכמעהר מקרב געווען, מחמת רחמנות אויף איהם, וואס ער ליידט פון שלומית'ען אזעלכע פיין.

די צנועה מרים האט זיך נישט געשראקען פאר קיין מאן, זי איז געווען זיכער אין איהר ריינקייט און פעסטקייט. א ריינע נשמה מיט א ריין הארץ.

אויף יוסף'ען האבען אבער זיין ווייב'ס רייד געהאט א שטארקע ווירקונג. ער האט שוין לאנג אומגעטראגען זיך מיט מאדנע געדאנקען, האט זיי אבער דערשטיקט אין זיך מורא האבענדיג אפילו צו טראכטען פון זיי.

איצט האט שלומית זיי אויפגעוועקט. און די געדאנקען האבען איהם נישט געלאזט רוהען. ער האט געפרובט פערגלייכען שלומית'ען מיט מרים'ען און זיין ווייב איז ארויסגעקומען דאס שלעכטס אליין. א בייזע, גיפטיגע שלאנג, מיאוס און ביטער ווי דער טויט.

מרים ווידער איז די גוטסקייט אליין. אן עהרליכע, א פרומע, א שטילע, א ריינע נשמה, א לויטער הארץ און שעהן ווי די זון אין הימעל.

פון דעם ערשטען טאג וואס ער האט שלומית'ן דערקענט האט ער קיין איין גוטע שעה מיט איהר נישט געהאט. זי איז איהם געווען פער'מיאוס'ט, זיין לעבען איז איהם נמאס געווארען איבער איהר. ער האט געהאט גרויס חרטה וואס ער האט מיט איהר חתונה געהאט. ער האט זי נישט גענומען, ווייל ער האט זי געליעבט, נאר איבער זיין זוכען כבוד. ער האט געוואלט ווערען הורדוס'עס שוואגער.

ווען ער וואלט נישט מורא געהאט פאר הורדוס'ען,

וואלט ער זי שוין לאנג געהאט גע'גט. ער וואלט בעסער גע־לעבט אין אָרימקייט איידער מיט שלומית'ען אין קעניגליכען פאלאץ. איז אָבער איהר ברודער דער מעכטיגער הורדוס, האָט ער געליטען און געשוויגען.

איצט האָט ער געזעהן, אז מרים איז אויך אומגליקליך. ער האָט געהערט איהר ליעד וועגען דעם עושר, וואָס איז אומגליקליך. און דאָס וואָס הורדוס האָט איהם שטיל בע־פוילען אומצוברענגען מרים'ען, אויב אַנטאָניוס וועט איהם פער'משפט'ען צום טויט, האָט איהם נאָכמעהר איבערציינגט אז מרים קען נישט זיין גליקליך מיט הורדוס'ען. דער וויל־דער בעפעהל אומצוברענגען מרים'ען, וואָס איז געווען שעהן און גוט ווי א מלאך, האָט איהם בעוויזען אזביידע, ער און מרים האָבען איין גורל, איין שיקזאל דערנעהנטעו'ט זיי. זיי זענען ביידע אומגליקליך. מרים מיט איהר מאַן און ער מיט זיין פרוי. ביידע שטעהן אויס געברענטע פיין און זו־כען א ביסעל גליק.

די געדאַנקען האָבען אָנגעפילט זיין לעבען, טאָג און נאכט האָט ער פון זיי געטראַכט. ער האָט שלומית'ען אַלץ מעהר געהאַסט און מרים'ען האָט ער שטארק ליעב געהאט. די שנאה צו זיין וויב און די ליעבע און פערגעטערונג צו מרים'ען האָבען זיך געשטאַרקט ביי איהם אזוי ווייט, אז ער האָט זיך קוים געקענט בעהערשען. ער האָט געוואַרט און געהאָפט אויף דער רגע פון פרייד און גרויס גליק, ווען ער וועט האָבען געענוג מוטה צו אַנטפּלעקען זיין הארץ פאר מרים'ען.

דער טאָג איז געקומען. פּלוצלונג איז אָנגעקומען א ידיעה אז אַנטאָניוס האָט געטויטעט הורדוס'ען. אין קעניגליכען הויף איז געוואָרען אַ שרעקליכער טומעל. אלע זיינען ארומ־געגאַנגען דערשראָקען און צומישט. יוסף האָט געקלערט אז איצט איז זיין געלעגענהייט צו דערצעהלען מרים'ען, ווי שטאַרק ער האָט זי ליעב.

ער האָט געשיקט איהר אָנזאָגען, אז ער וויל זי זעהן וועגען זעהר אַ וויכטיגע זאך און ער בעט זי זאָל איהם אויפנעמען.

זי איז געווען שטארק צורודערט פון דער נאכריכט וועגען

הורדוס'עם מוית. יוסף האָט זי אָבער נישט געלאָזט וועגען דעם רעדען.

— איך וועל אייך דערצעהלען נאָך א שרעקליכערע זאַך — האָט ער אָנגעהויבען — איהר וועט אויפציטערן, אז איהר וועט דאָס הערען.

מרים האָט געקוקט צומישט.

— הורדוס, דער מאַן וואָס האָט אייך אזוי ליעב, אזוי פלעגט ער זאָגען, האָט מיר געגעבען א בעפעהל, אז ווי איך וועל נאָר הערען אז אנטאָניוס האָט איהם געטויטעט, זאָל איך דער'הרג'ענען אייך און אייער מאַמע.

יוסף איז געווען אויך אנגעהויבען שרעקליך צימערן. אזא ווילדען, מערדערישען בעפעהל האָט הורדוס ארויסגעגעבען ! זי האָט איינגעזעהן, אז יוסף זאָגט דעם אמת, ער טראכט נישט אוים קיין בלבול. האָט דאָך הורדוס פאר'ן פאָהרען בעזייטיגט אלע אידישע סאָלדאטען פון פאַלאַץ און אָנגעשטעלט נאָר געדונגענע גוי'שע סאָלדאטען. און ער האָט זיי שטרענג אנגעזאָגט, זיי זאָלען נאָר פאָלגען יוסף'ן, נאָר ער איז זיין פערטרעטער און וויטער קיינער נישט.

עס איז אלץ אמת, זעהט זי, וואס יוסף זאָגט. זי האָט אָבער נישט מורא געהאַט, אז ער וועט אויספירען הורדוס'עס בעפעהל. וואָלט ער דאָס געוואָלט טאָן, וואָלט ער דאָך איהר דאָס נישט דערצעהלט. ער וואָלט זיי אומגעבראכט. און ווי צוטומעלט און צומישט זי איז געווען האָט זי פערשטאַנען, אז יוסף וויל איהר נאָך עפּעס זאָגען, האָט זי געשוויגען און געוואַרט, גרייט צו הערען.

יוסף האָט זיין גאַנץ ביטער הארץ אראָפּגערעדט פאר איהר, דערצעהלט איהר, ווי זיין לעבען מיט שלומית'ען איז אַ אייביגער גיהנם. און ווי ער האָט זי, מרים'ען, אלע מאָל ליעב געהאַט.

— אייער לעבען, קעניגען, איז מיר טייערער ווי מיין לעבען. איך האָב אייך מעהר ליעב ווי מיין לעבען. איצט אז הורדוס שרעקט אונז נישט מעהר, וועל איך גט'ען מיין שלאַנג, שלומית, און אויב איהר ווילט, איך געפעל אייך,

וועל איך אייך אומקערען די קרוין פון אייערע עלטערן און איך וועל אייך אייביג זיין א קנעכט.

מרים האט דערזעהן אין זיינע רייד אז א נייע אונגליק לאזט זיך אראפ אויף איהר קאפ. זי האט זיך אבער בע־הערשט, נישט ארויסגעוויזען איהר צוטומעלטקייט און קלוג זיך ארויסגעדרעהט פון אן ענטפער.

— לאזט מיך פריהער זעהן מיין מאמע. איך וויל זיך דורכרעדען מיט איהר, זי איז א קלוגע פרוי. זי קען בעסער די וועלט ווי איך, איך וויל הערען וואס די מאמע וועט זא־גען.

איהר מוטער אלכסנדרה איז אנגעקומען אויף די רייד. אז זי איז געוואהר געווארען וואסערע ווילדען מערדערישען בעפעהל הורדוס האט ארויסגעגעבען יוסף'ן פאר'ן אוועק־פאהרען, האט זי זיך אנגעצונדען ווי א פייער און זי האט געגאסען פעך און שוועבעל אויפ'ן קאפ פון דעם אדומישען קנעכט און מערדער.

מרים האט זי געפרובט בערוהיגען, האט איהר גארנישט דערצעהלט פון יוסף'ס ליבע ערקלערונג, נאר געבעטען אן עצה:

— מאמע, וואס דארף מען טאן אז מיין קינד זאל ירשנ'ען די קרוין?

— מיר מוזען דאס טאן מיט דער הילף פון רוים — האט אלכסנדרה איהר דערקלעהרט — דער גורל פון אונזער לאנד איז אין די הענד פון רוים. וועלען מיר טאן די מינ־דעסטע זאך אהן אנטאניוס'עס וויסען, וועט ער אלץ צו־שטערען.

א ווילד פערשייט געלעכטער האט זיך פלוצלונג געהערט פון הינטער דער טיהר, דאס געלעכטער איז געווארען פער־שייטער און שטרענגער. זיי האבען צוטומעלט געעפענט די טיר און דערזעהן שלומית'ען. זי איז געשטאנען הינטער דער טיר און פרעך געלאכט. שטאלץ, מיט פעראכטונג האט שלומית געקוקט אויף זיי און שפאטיש געזאגט:

—איך האב אייך געכאפט! איהר האט זיך געפרעהט אז מיין ברודער הורדוס איז טויט. נו, גוט, ער קומט נאך היינט אהיים. ער לעבט! באלד וועט קומען דער הערר וואס

איהר האָט איהם אזוי פיינט און ער וועט אייך בעצאָהלען פאר אייער שנאה.

שלומית האָט זיי צוגעוואָרפען א גיפטיגען בליק און אוועקגעגאנגען. מרים און אלכסנדרה האבען פאר שרעק נישט געקענט ארויסריידען א וואָרט. יוסף האָט געברענט פון כעס. ער האָט ארויסגעכאַפּט די שווערד און זיך געלאָזט נאָך שלומית'ן. ער האָט געוואָלט טויטען די שלאַנג. זי איז אבער געשטאַנען און געלאַכט איהם אין פּנים אריין.

ער איז נאָר אריבער די שוועל האָבען איהם די סאָלדאטען ארומגערינגעלט, אוועקגענומען זיין שווערד און אריינגע־וואָרפען אין תפיסה. די סאָלדאטען זיינען געבליבען היטען דאָס געפענגניס.

דעם בעפעהל צו אַרעסטירען יוסף'ן האבען זיי בעקומען פון קאסטאַווער פון אדום, הורדוס'עם א גענעראל, וואס איז נאָר־וואס אַנגעקומען צו לאָזען וויסען אז הורדוס קומט אהיים. שלומית האָט איהם דערצעהלט אז יוסף מאַכט א בונט געגען קעניג און ער מוז דערשטיקען דעם אויפשטאַנד איידער ער פערשפּרייט זיך.

שלומית האָט אויך געהייסען שטעלען א וואַך אַבצוהי־טען מרים'ן און אלכסנדרה'ן, נישט ארויסצולאָזען זיי פון שטוב.

אלכסנדרה איז געוואָרען ווילד פון צאָרן. זי האָט זיך נישט געקענט מעהר איינהאַלטען און זי האָט מרים'ען אַנט־פּלעקט דעם שרעקליכען סוד, וואס זי האָט פערבאָרגען פאר איהר די גאַנצע צייט. זי האָט איהר אַלץ דערצעהלט.

—זאָלסט וויסען, מרים, אז אונזער אריסתובל איז אומ־געבראַכט געוואָרען אויף הורדוס'עס בעפעהל. איך האָב דאָס געלאָזט וויסען קלעאָפּאַטרא'ן. און דערפאַר איז הורדוס ארויסגערופען געוואָרען צו אַנטאָניוס'ען. ער איז פערקלאָגט געוואָרען אין מאָרד.

מרים האָט דאָס געהערט און איהר הארץ איז שיער גע־פּלאַצט. זי האָט זיך געוואָרפען ווי אין פיבער. ס'איז איהר אזוי שווער געווען צו גלויבען אז איהר מאַן'ס הארץ איז אזוי פערשטיינערט און פערדאָרבען. ווי האָט ער געקענט הייסען דערמאָרדען איהר איינציגען, ליעבען ברודער, דאָס

ריינע, טייערע אונשולדיג אינגעל? און ווי האָט ער דערנאָך געקענט אזוי קלאגען און וויינען אויף זיין טויט? ער האָט איהם דאָך בעווײנט ווי א געטרייער פאטער אויף זיין איינ־ציג קינד! ווי האָט ער געקענט בעפעהלען אומצובריינגען איהם און דערנאָך אזוי טרויערן נאָך איהם?

עס איז דאָך אבער אמת. ער האָט דאָך ערשט געהייסען טויטען זיי, זיין ווייב, וואס ער האָט ליעב און איהר מאמע. גאָט ווייס וואס פאר א בייז ער וועט טהאָן איהר מאמע און איהר, איצט ווען ער וועט קומען אהיים!

ער ווייס דאָך אז די מאָרד אנקלאגע געגען איהם קומט ארויס פון איהר מוטער. און ווער ווייס וואָסערע בלבולים דער שלאנג שלומית וועט נאָך אויף זיי אויסטראכטען. זי איז געשטאנען הינטער דער טיהר און געהערט אלץ וואָס יוסף האָט געזאָגט. גאָט, וואס וועט ער איצט טהאָן מיט זיי!

---

הורדוס האָט גוט געקענט אנטאָניוס'ען. ער האָט גע־וואוסט אז א צענטער גאָלד וועט אראָפּוועגען זיין גאנצע גערעכטיגקייט. האָט ער מיטגענומען מיט זיך אוצרות מיט גאָלד און דערלאנגט אנטאָניוס'ען א מתנה. אנטאָניוס האָט איהם ריינגעוואשען פון דער אנקלאגע און ערקלערט אונ־שולדיג.

אנטאָניוס האָט אבער געוואָלט פערגיטיגען קלעאָפּאט־רא'ן, וואס הורדוס איז נישט געטויטעט געוואָרען ווי זי האָט געוואָלט, האָט ער געהייסען הורדוס'ן ער זאָל איהר שענקען יריחו און דאס לאנד ארום, די געבענשטע געגענד, וואס קלעאָפּאטרא וויל דאס האָבען.

הורדוס האָט נישט געוואגט אָבזאָגען און ער האָט איהר אוועקגעשאָנקען גאנץ יריחו. האָט איהם אנטאָניוס ארויסגע־וויזען גענאָד און איהם דערלויבט צו טאָן מיט דער חשמונאים פאמיליע אלץ וואָס זיין הארץ גלוסט אויב ער דארף עס האָבען צו בעפעסטיגען זיין טראָהן.

ווי הורדוס האָט זיך אומגעקערט נאָך ירושלים האָט ער די ערשטע בעגעגענט זיין שוועסטער שלומית. זי האָט איהם דערצעהלט, אז איהר מאן יוסף האָט זי פערראטען. ער ליעבט

זיך גאָר מיט מרים'ען. זיי האָבען צוזאַמען מיט אלכסנדרה'ן צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד געגען איהם. זיי ווילען זיך פער־בינדען מיט רוים און איהם אומברייינגען.

הורדוס האָט אָנגעהויבען פלאַקערן פון צאָרן. זיינע גרויסע גרויע אויגען האָבען געברענט ווי שוועבעל. ער איז צוערשט אריינגעלאָפען אין געפענגניש און מיט דער שווערד צוהאַקט יוסף'ן אויף שטיקער. דערנאָך האָט ער זיך אריינ־געריסען אין מרים'ס צימערן, געלאָזט בינדען איהר מוטער פאר איהרע אויגען. ער האָט שוין אויפגעהויבען זיין שווערד אויך אויף מרים'ס קאָפּ. די עהרליכע מרים האָט זיך אָבער פערענטפערט און בעוויזען אז זי איז אונשולדיג. זיין שטאַר־קע ליעבע צו איהר איז איהר בייגעשטאַנען און זי האָט איהם בערוהיגט.

— דו קענסט דאָך שלומית'ען — האָט זי איהם געזאָגט — זי טראַכט אוים בלבולים. זי וויל אומברענגען די גאַנצע וועלט. דאַרפסט נישט בייז זיין אויף מיין אונגליקליכע מאַ־מע. זי האָט דאָך נישט געמיינט קיין שלעכטס, וואָס זי האָט געראַטען מיר זאָלען מיט דער הילף פון רוים קרוינען אונזער זוהן. מען האָט געזאָגט אז דו לעבסט שוין נישט. האָט זי געוואָלט אז דיין קרוין־פּרינץ זאָל ירש'נען דעם טראָהן. איך בעט דיך, זיי נישט בייז אויף איהר, בעפריי זי.

ער האָט איהר צוליעב געטאָן און בעפרייט אלכסנדרה'ן. ער האָט זיך אָבער געוואָלט האַלטען ווייט פון איהר האָט ער איבערגעצויגען דעם קעניגליכען הויף אין דעם נייעם וואונ־דערליכען פּאַלאַץ, וואָס ער האָט אויפגעבויט לעבען דער שטאָדט מויער. דעם חשמונאים פּאַלאַץ האָט ער געלאָזט פאר אלכסנדרה'ן און איהר אַלטען פאָטער הורקנוס.

—אויב דו ווילסט עס זאָל זיין שלום אין אונזער הויז — האָט מרים איהם געבעטען — זאָל שלומית נישט וואוינען מיט אונז און אויך נישט דיין מאַמע קפרון. זיי וועלען אלעמאָל העצען צו מחלוקת.

הורדוס האָט איהר נאָכגעגעבען וועגען שלומית'ען. ער האָט זי חתונה געמאַכט מיט זיין גענעראַל קאסטאַוואר און איהם בעשטימט אַלס גובערנאַטאָר פון אדום. זיין מוטער האָט ער אָבער איבערגעלאָזט אין הויז.

— ביידע מאַמעס האָבען זיך ארומגעקריגט — האָט איהר הורדוס געזאָגט — איצט איז דאָך דיין מאַמע נישטאָ, וועט מיין מאַמע נישט האָבען מיט וועמען זיך ארומצורייי־סען.

מרים האָט געהאָפט, אַז איצט ווען שלומית איז אין אדום וועט זי לעבען רוהיג. איהר רוה האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג. איין יאָהר האָט שלומית געוואוינט מיט איהר מאַן. אין א יאָהר ארום איז איהר דער נייער מאַן גענעראל קאָס־טאַווער מיאוס געוואָרען. זי האָט איהם פערלאָזט און צו־ריק געקומען צו הורדוס'ען מיט א שווערע מסירה אויף איהם.

— ער איז מיר תמיד געווען פאַלש — האָט זי זיך בע־קלאָגט פאַר הורדוס'ען — ער איז דיר אויך פאַלש. ער האָט בעהאַלטען ביי זיך און בעשיצט די קינדער פון בבא בן בוטא, די קרובים פון די חשמונאים.

הורדוס איז שטאַרק בייז געוואָרען. ער האָט געהייסען ארעסטירען זיין שוואָגער, גענעראל קאָסטאַווער, בבא בן בוטא'ס קינדער און אַלע זיינע פריינד, וואָס האָבען גע־וואוסט די געשיכטע און איהם נישט דערצעהלט. ער האָט זיי שטאַרק געפייניגט און דערנאָך בעשטראָפט מיט א שרעק־ליכען טויט.

שלומית איז ווידער געקומען וואוינען אין קעניגליכען פּאַ־לאַץ. איצט האָט הורדוס געוואָלט זי זאָל בלייבען און זי זאָל האַלטען אַן אויג אויף מרים'ס פיהרונג.

קלעאָפּאַטרא די עגיפּטישע קעניגין, האָט אוועקגעשיקט איהר געליעבטען אַנטאָניוס'ען ביז צום טייך פּרת, ער זאָל דאָרט מלחמה האַלטען מיט דעם קעניג פון ארם. זי איז געקומען נאָך ארץ־ישראל צו פּערדינגען הורדוס'ען די שטאָדט יריחו און די געבענטשטע געגענד. זי האָט געוואָלט דערפאַר א גרויסע סומע געלד.

הורדוס האָט זי אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד. האָט איהר אָבגעגעבען פיעל עהרע. ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר איהר. קלעאָפּאַטרא האָט גערעדט גאַנץ פריינדליך מיט איהם. זי איז זיכער געווען אין איהר גרויסער מאַכט איבער מענער און האָט איהם אויך געוואָלט געווינען פאַר א גע־

ליעבטען. האָט זי קאָקעטירט מיט איהם, געמאַכט צו איהם חנ'דלעך און פערשפּרייט איהר נעץ איהם צו פאַנגען.

הורדוס האָט אָבער פערשטאַנען אז זי מיינט נישט ערנסט זיין ליעבע, נאָר זי וויל איהם מאַכען פאַר איהר געליעבטען כדי אַנטאָניוס זאָל ווערען אייפערזיכטיג און איהם דער־הרג'נען, האָט ער זיך געמאַכט נישט זעהענדיג איהרע קונ־צען און איהר דערצעהלט וואָס פאַר א וואונדער־שעהנע פרוי ער האָט. ווי ליעב ער האָט מרים'ען, ווי עהרליך זי איז און געטריי. זי האָט איהם אויך זעהר ליעב. ער האָט געהאַלטען אין איין ריהמען מרים'ען, זי זאָל איהם אָבלאָזען.

— אַז זי איז אַזוי שעהן וויים איך — האָט קלעאפּאַטרא געזאָגט און געוואָלט אָנצינדען אין איהם א פייער פון איי־פערזוכט — א, זי איז זעלטען שעהן. אָבער אז זי האָט דיך אַזוי שטאַרק ליעב און זי איז דיר געטריי גלויב איך נישט. ווען זי וואָלט דיך ליעב געהאַט און געווען געטריי צו דיר, וואָלט זי דאָך נישט געשיקט איהר בילד צו אַנ־טאָניוס'ען, ער זאָל זי זעהן און זיך פערליעבען אין איהר...

— פון וואַנען ווייסט איהר אז זי האָט דאָס געטאָן ?— איז הורדוס אויפגעשפּרונגען אָן אַנגעצונדענער. עס האָט געפּעהלט א רגע וואָלט ער זי געכאַפּט און דערשטיקט צום טויט, אַזוי איז ער געוואָרען אויפגעקאָכט.

—א, איך האָב דעם ריכטיגען בעוויין אויף דעם, דו וועסט נישט קענען אָבלייקענען — האָט די זינדיגע קלעאַ־פּאַטרא געזאָגט און געשמייכעלט. זי איז געווען אַזוי צו־פריעדען צו זעהן ווי דער העלד קריגט דאָ די מפּלה. זי האָט געעפענט איהר בייטעל, ארויסגענומען מרים'ס בילד און איהם געגעבען.

— אָט איז דאָס בילד פון דיין ווייב, וואָס דו זאָגסט, אז זי איז דיר געטריי.

— ווי אַזוי קומט צו אייך דאָס בילד ? — האָט הורדוס געפרעגט און געצאַפּעלט פאַר גרויס אויפרעגונג.

— איך האָב עס געקראָגען פון דעם מאַן, וואָס האָט עס געבראַכט פאַר אַנטאָניוס'ען. איך האָב עס צוגענומען און צושטערט דיין ווייב'ס פּלענער. איך האָב איהם אָנגעזאָגט נישט צו דערצעהלען קיין וואָרט צו אַנטאָניוס'ען. איך האָב

איהם געווארנט, אז עס וועט איהם קאָסטען זיין לעבען. איך האָב דאָס בילד פון דיין געטרייע פרוי. און אנטאָניוס וויים גאָרנישט פון דעם גרויסען גליק, וואָס עס דערוואַרט איהם ביי דיין געטרייע פרוי...

— וועט איהר מיר געבען דאָס בילד? — האָט ער זי געבעטען.

זי האָט איהם געגעבען דאָס בילד, ער זאָל דאָס האָבען פאר א בעוויז געגען זיין פרוי אויף צו נעמען נקמה. באלד נאכדעם האָט זי זיך אומגעקערט נאָך עגיפּטען.

פערג׳פטעט פון דעם סם פון אייפערזוכט מיט א שרעקליכען וועהטאָג אין הארצען האָט הורדוס זיך אומגעקערט נאָך ירושלים. ער האָט זיך אריינגעריסען אין מרים׳ס צימער מיט דער בלויסער שווערד אין האנד. מרים איז געזעסען רוהיג און זיך געשפּילט מיט איהר ערשט־געבוירען קינד, וואָס זי האָט א נאָמען געגעבען אריסתובל, נאָך איהר טראַגיש־ערמאָרדעטען ברודער.

— גרייט זיך צום טויט—האט הורדוס געשטורעמט — דו אונווירדיגע, פאלשע פרוי! איך האָב אויסגעפונען דיינע זינד, וועסט שוין מעהר נישט כיטרע פערבאָרגען דיין פאלשקייט און אונטרייקייט. וועסט מיך מעהר נישט מאכען צו נאר. איך קען שוין דיין פאלש הארץ. איצט וועסטו דיך שוין נישט קענען רעכטפערטיגען.

— וואס פאר א זינד האסטו אויף מיר געפונען, וואס דו ביזט אזוי בייז?—האט מרים געפרעגט דערשראָקען.

—פרעג דיין בייז, פאלש הארץ וועסטו וויסען. איצט זעה איך אז מיין שוועסטער איז גערעכט. דו האָסט מיך אויך אבגענארט מיט יוסף׳ן. יוסף איז געוועזען דיין געליעבטער. דיין נאָהנטער געליעבטער יוסף איז דיר געוועזען ווייניג. האָסטו דיר נאָך געזוכט געליעבטע אין דער פרעמד. דו האָסט געשיקט דיין בילד צו אנטאָניוס׳ן, האָסט איהם געוואָלט כאַפּען אין דיין נעץ. אָט האָב איך דאס בילד. קוק און אויב דו האָסט געגוג מוטה, לייקען, זאג, אז עס איז נישט דיין בילד און דו האָסט עס נישט געשיקט צו אנטאָניוס׳ן, ער זאָל זיך פארליבען אין דיר.

מרים האט געקוקט אויף׳ן בילד און געציטערט. זי איז

אריין אין איהר שלאָף צימער, הורדוס נאָך איהר, איהר בילד איז ווי תמיד געהאנגען אויף דער וואנד לעבען הורדוס'עס בילד. עס איז איהר גרינגער געוואָרען און א בערוהיגטע האט זי געזאגט צו איהם:

— דאס צווייטע בילד איז ביי מיין מאמע. דו געדענקסט דאָך, אז נאָר צוויי בילדער האָט דער גריכישער מאהלער גע־מאכט. מיין בילד הענגט דאָ אויף דער וואנד, איך קען גאָר נישט פערשטעהן ווי דאס בילד קומט צו דיר? איך זעה נאָר אז דו זוכסט דיר אן אויסרייד מיך צו דערנידריגען.

— האלט ס'מויל, פאלשע, נידערטרעכטיגע פרוי!—האט ער געשריגען—האסט דאָך געהערט וואס כ'האב דיר געזאגט. דיינע אויערן זיינען ביי דיר אזוי פערשטאָפט ווי דיין הארץ! איך האב דיר שוין געזאגט, אז דאס בילד איז געווען געשיקט צו אנטאָניוס'ן. מיין נאָמען און עהרע איז נאָר געראַטעוועט געוואָרען איבער קלעאָפּאטראס אייפערזוכט. זי האט מורא געהאט אנטאָניוס זאל זי נישט אוועקוואַרפען און זיך פער־ליעבען אין דיר, האט זי בעהאלטען דאס בילד ביי זיך. איצט אז זי האט מיך געזעהן האט זי זיך דערמאָנט און מיר עס אוועקגעגעבען.

מרים האט זיך דערמאָנט אז די מוטער האט געפיהרט פערהאנדלונגען מיט קלעאָפּאטרא'ן און אז דאליוס, אנטאָ־ניוס'עס פריינד איז געווען דער פערמיטלער. זי געדענקט אויך אז די מוטער האָט דאָס געטאָן ווייל זי האָט געוואָלט אריסתובל זאל ווערען כהן גדול. האט דאס די מוטער געשיקט דאס בילד כדי מיט איהר ליעבע צו געווינען דעם אמט פון כהן גדול פאר איהר זוהן? האָט זי געוואָלט מיט דעם פער־שוועכטען כבוד פון דער טאָכטער קויפען עהרע פאר'ן זוהן? יא, די מוטער האָט דאָס טאקי געטאָן, איז מרים געווען זיכער.

וואס זאל זי אבער טהאָן יעצט? וועט זי דאס נישט אויס־זאגען הורדוס'ען, איז דאך די שולד אויף איהר קאָפּ. ער וועט זי אומברענגען און וועט אויסלאָזען זיין גאנצען צאָרן צו איהר פאמיליע. וועט זי איהם אבער אלץ אויסזאָגען, וועט ער זעהן אז זי איז אונשולדיג, איהר ריינער אונבע־פלעקטער נאָמען וועט ווערען געראַטעוועט און זי וועט נאָך

קענען ווירקען אויף הורדוס׳ען, ער זאל מוחל זיין איהר מוטער.

יא, ס׳איז בעסער זי זאל איהם דערצעהלען אז דאס האט מסתמא געטאן איהר מוטער. זי האט גערעדט רוהיג צו איהם, דערקלערט אלץ וואס זי דענקט וועגען דער געשיכטע מיט׳ן בילד און איהם געבעטען גלייך צו געהן מיט איהר צו דער מוטער און געוואהר ווערען דעם גאנצען אמת.

און ווידער איז איהר געלונגען צו בערוהיגען איהם, דעם צורייצטען טיגער. איהר עהרליכקייט און ריינקייט האבען איהר געהאלפען צו צוימען די ווילדע חיה אין איהם. זי האט איהם א ביסעל בערוהיגט. ער האט ארייגעשטעקט די שווערד אין שייד און זיי זיינען אוועק צו אלכסנדרה׳ן. אין הורקנוס׳ס אויגען האבען זיי געפאדערט פון איהר, זי זאל דערקלערען צוליעב וואס זי האט מרים׳ס בילד געשיקט צו אנטאניוס׳ען.

— פארוואס, מאמע, האסטו דאס געטאן ? — האט מרים טרויעריג געפרעגט—דו געהסט און שיקסט מיין בילד צו א גוי, וואס די וועלט קלינגט מיט איהם פאר זיין אונווירדיג־קייט, וואס האט דיך געבראכט מיך אזוי צו בעליידיגען?

— איך בין ניט שולדיג—האט אלכסנדרה זיך פערענט־פערט—דאליוס האט מיך אנגערעדט. איך בין געוועזן אויפ־גערעגט אויף הורדוס׳ען, וואס ער האט נישט געמאכט אריסתובל׳ען פאר כהן גדול, האב איך איהם געגעבען אריסתובל׳ס בילד, ער זאל עס ווייזען אנטאניוס׳ען. דאליוס האט מיר דעמאלט געזאגט, איך זאל אויך געבען מרים׳ס בילד. דאס וועט פיעל העלפען, האב איך זיך געלאזט אנ־רעדען און געגעבען.

אז דער אלטער הורקנוס האט דאס געהערט, איז ער שטארק בייז געווארען און איהר שארף אויסגערעדט. מרים האט זיך אויך שטארק געבייזערט און איז אוועק ברוגז.

דאס האט איינגעשטילט הורדוס׳עס צארן און ער האט געשוויגען. ער האט אלכסנדרה׳ן קיין ווארט נישט געזאגט.

אלכסנדרה האט אבער גוט געקענט הורדוס׳ען. זי האט געוואוסט ווי הארטהארציג ער איז און ער וועט איהר דאס נישט פערגעבען. האט זי געזוכט אן עצה ווי צו ראטעווען זיך פון זיין ווילדען צארן.

קלעאפאטרא האט שטענדיג געהאסט הורדוס'ען און איצט האט זי איהם נאך מעהר געהאסט, שטילערהייד האט זי געהעצט צו קריעג צווישען הורדוס'ן און דעם קעניג פון נביות. אז הורדוס איז געגאנגען מיט זיין ארמיי אויף נביות האט קלעאפאטרא געשיקט א שטארקע עגיפטישע ארמעע צו העלפען הורדוס'עס געגנער.

הורדוס האט געהאט א גרויסע מפלה. זיין ארמעע איז שטארק צוקלאפט געווארען און אנטלאפען. די ארמיי איז נעלאפען געיאגט פון פיינד, איז נאך געווארען א שטארקע ערדציטערניש. דער גאנצער טאל פון שרון איז געווארען פערוויסט, טויזענדער מענשען זיינען בעגראבען געווארען אונטער זייערע הייזער, וואס זיינען איינגעפאלען פון דער ערדציטערניש.

דאס נייע אונגליק האט צוגעגעבען מוטה דעם קעניג פון נביות, ער זאל פערשפרייטען זיין מאכט אויף'ן הייליגען לאנד. די צייט האט אלכסנדרה געפונען גינסטיג פאר איהרע פלענער. זי איז אוועק צו איהר אלטען פאטער הורקנוס און איהם דערצעהלט דאס גאנצע בייז, וואס הורדוס האט געטאן צו דער חשמונאים פאמיליע.

— דאס וואס הורדוס האט דיך געבעטען קומען צוריק איז אויך נישט געווען פון דיין טובה וועגען—האט זי איהם דערקלערט — ער האט מורא געהאט פאר די פארטיער, זיי זאלען דיך נישט אומקערען די אידישע קרוין. א בעוויז האסטו אז ער האט דיך אבגענארט. ער האט דיר צוגעזאגט צו טיילען די רעגיערונג מיט דיר און ער פרעגט דיך קיינמאל נישט. דו וואוינסט בעזונדער, אבגעשלאסען אין אלטען פא־לאץ און הורדוס איז דער איינציגער רעגיערער.

— ווארט, טאטע, ער וועט ווערען זיכערער מיט'ן טראהן וועט ער דיר טאן פיעל בייז — האט זי איהם אנגעשראקען— פאלג מיך, אנטלויף צום קעניג פון נביות. ער וועט דיך בע־שיצען. אויב דו ווילסט דאס ניט טאן צוליעב דיר, טו עס פאר מיר. ער האסט מיך שרעקליך. ער ווארט נאר אויף א געלעגענהייט אויסצוגיסען זיין ווילדען צארן אויף מיין קאפ.

דער אלטער האט זי נישט געוואלט פאלגען. ער האט נישט געוואלט ריזיקירען צו אנטלויפען. אלכסנדרה האט

איהם אבער געפייניגט יעדען טאָג און געבעטען צו אנטלוי־
פען ביז ער האט איהר נאָכגעגעבען. דער אלטער האט אנ־
געשריבען א בריעף צום קעניג פון נביות און געבעטען שוץ
ביי איהם.

דעם בריעף האט ער איבערגעגעבען זיין פריינד דוסא,
וואס איז אויפגעצויגען געוואָרען ביי איהם אין הויז. דוסא
איז אויך געווען א נאָהנטער קרוב פון יוסף'ן, וואס הורדוס
האָט גרויזאם אומגעבראַכט.

מיט איהם איז הורקנוס זיכער געווען, אז ער וועט זיין אַן
עהרליכער, געטרייער שליח. דוסא האָט איהם אבער פער־
ראטען. ער האט זיך געוואָלט איינקויפען ביי הורדוס'ען,
האט ער אוועקגעטראגען דעם בריעף צו הורדוס'ען. הורדוס
איז איהם געווען דאנקבאר און געהייסען אוועקטראָגען דעם
בריעף צום קעניג פון נביות און דעם ענטפער ברענגען צו
איהם.

דער קעניג פון נביות האט זיך שטארק דערפרעהט מיט
הורקנוס'עס פארשלאג און ער האט איהם גלייך געענטפערט
פאָלגענדע תשובה:

"איך בין זעהר צופרידען אייך אויפצונעמען אונטער
מיין שוץ. מיין לאנד איז אָפען פאר אייך און פאר אייערע
לייט. וואו עס וועט אייך געפעלען וועט איהר קענען וואוינען.
איך שיק מיינע קנעכט מיט פערד צום באָרטען פון ים המלח,
זיי וועלען ווארטען אויף אייך און אייך ברענגען אין מיין
לאנד".

דער פעררעטער דוסא האט געבראכט דעם בריעף צו
הורדוס'ען.

הורדוס האט בעהאלטען דעם בריעף און ער האט בע־
פוילען זיינע שפּיאָנען זיי זאָלען אָבהיטען דעם ברעג פון ים
המלח און ווי די נביות'ער וועלען קומען נעמען הורקנוס'ען
זאָלען זיי בינדען אלעמען און ברייגגען לעבעדיגערהייט
צו איהם.

הורדוס האט צוזאמענגעשטעלט א גרויסע און שטארקע
ארמעע און בעגייט די מלחמה מיט'ן קעניג פון נביות. ער
האט געהאט א גרויסען זיעג און אונטערטעניג געמאכט דעם
פיינד.

איידער ער האט זיך אבגערוהט פון קריעג און נאָך נישט בעוויזען צו געניסען די פרוכט פון זיין גרויסען נצחון, האט א נייער פיגסטערער וואלקען זיך אראפגעלאָזט אויף זיין קאָפּ.

עס איז אויסגעבראכען א שרעקליכע שלאכט צווישען די צוויי רוימישע הערשער. צווישען אנטאָניוס׳ען וואס האט רע־גיערט איבער׳ן מזרח און אקטאוויאנוס, דער הערשער פון מערב. זיי האבען זיך נישט געוואָלט טיילען מיט דער הער־שאפט. יעדער האט געוואָלט זיין דער אליינהערשער.

אנטאָניוס האט פערנאכלעסיגט זיין ארמעע. ער איז גע־זוען פערנומען מיט זיין ליעבע צו קלעאָפּאטרא׳ן. אין שכרות פון ליעבע האט ער פערלוירען זיין מאכט אויף דער ארמעע, און זי האט געהאט א גרויסע מפלה אין דער ים־שלאכט. אנטאָניוס האט זיך געמוזט בעהאלטען אין מצרים און זיין גאנצע ארמיי איז אריבערגעגאנגען צו זיין געגנער אָקטאוויאנוס.

אנטאָניוס׳עס מפלה האט צומישט הורדוס׳ען. ער האט מורא געהאט אָקטאוויאנוס זאָל זיך ניט נוקם זיין אין איהם, ער האָט דאָך געגאָלטען אלס אנטאָניוס׳עס בעסטער פריינד און געטרייער אנהענגער. אין דער מלחמה האט הורדוס גע־שיקט א סך שפייז פאר אנטאָניוס׳עס ארמיי. האָט הורדוס זיך געשראָקען, אז אָקטאוויאנוס וועט איהם אראָפּזעצען פון טראָהן און אומקערען די אידישע קרוין צו די חשמונאים.

הורדוס האָט דעמאָלט בעפוילען אז דאָס סנהדרין זאָל זיך צוזאמענקומען אויף א זיצונג, ער האט זעהר א וויכטיגען ענין פאָרצולייגען.

אין סנהדרין איז דעמאָלט געווען א גרויסע אונאָרדנונג. שמעיה און אבטליון האבען שוין נישט געלעבט. די בני בתרה האָבען פערנומען זייערע שטעלעס. די בני בתרה זיינען געווען הורדוס׳עס קרובים. דאס האט פערדראסען די פרומע אידען. זיי האָבען שוין נישט געמאַכט די געזעצען לויט דער תורה נאָר ווי דער קעניג האט געוואלט. די גרויסע געלעהרטע זיינען שוין נישט געווען די עלטסטע פון סנהדרין נאָר די וואס הורדוס האָט בעשטימט.

דורך דעם האט מען וויינינער געלערענט. געוועהנליכע דינים זיינען פערגעסען געוואָרען. אין בית המדרש האט גע־

וואקסען דאס עם הארצות. נאר איין חכם און געלעהרטער איז געווען וואס האט די פערגעסענע דינים דערמאנט און צוריקגעבראכט דאס לערנען פון דער תורה. ער האט גוט געדענקט דאס לערנען פון זיינע רבי'ס און לעהרער שמעיה און אבטליון. דאס איז געווען הלל הבבלי, שבנא'ס שווער.

---

דעם טאג ווען דאס סנהדרין האט זיך פערזאמעלט אין לשכת הגזית פון בית המקדש, האט הורדוס געמאכט א וויזיט דעם אלטען הורקנוס און איהם געבעטען מיטגעהן מיט איהם צום סנהדרין. הורקנוס האט זיך שטארק געפרעהט מיט דער איינלאדונג, ווייל א שטיק צייט איז אוועק און הורקנוס איז נישט גערופען געווארען צו בעטייליגען זיך אין די זיצונ־גען פון סנהדרין, און ער איז געגאנגען מיט הורדוס'ען צום סנהדרין.

אלכסנדרה האט זיך שטארק געוואונדערט וואס הורדוס איז פלוצלונג אזוי גוט געווארען צו איהר אלטען פאטער, און זי איז אוועק צו מרים'ען און געפרעגט זי צו זי וויים נישט צוליעב וואס הורדוס האט גערופען הורקנוס'ן צום סנהדרין. מרים האט גאר נישט געוואוסט דערפון, האבען זיי ביידע מורא געהאט. ווער וויים וואס פאר א בייזע פלענער הורדוס ארבייט איצט אוים.

זיי האבען געלאזט וויסען זייער אלטען פריינד שבנא, ער זאל געהן צום סנהדרין און זעהן וואס דארט קומט פאר. זיי זיינען אויך אוועק לעבען בית המקדש און געוואלט געוואהר ווערען, וואס הורדוס גרייט זיך טאן.

הורדוס און הורקנוס זיינען אריינגעקומען אין לשכת הגזית. דאס סנהדרין איז געזעסען פערזאמעלט. הורקנוס האט זיך געזעצט אויבען־אן, און הורדוס האט זיך אוועקגעשטעלט און געזאגט:

—איך וויל אייך, הויכע ריכטער, פרעגען א פראגע. וואס פאר אן אורטייל וואלט איהר ארויסגעגעבען אויף א מאן וואס האט פערראטען זיין קעניג און דאס פאלק? אין דער צייט וואס דער קעניג און דאס פאלק זענען געווען פערנומען אין א שווערע מלחמה, מיט א שרעקליכען פיינד, האט ער שטי־לערהייט געפיהרט פערהאנדלונגען מיט דעם פיינד און גע־

וואַלט אריבערגעהן אין פיינד'ס לאַנד. וואס איז אייער אור־טייל אויף אַזא פעררעטער?

— אַזא פעררעטער פערדינט דעם טויט — האָבען אַלע געענטפערט.

דער אַלטער אַכציגיעהריגער הורקנוס האט געהאט איינ־גערימעלט. ער האט זיך אבער אויפגעכאַפּט און צוגעגעבען:

— טויט שטראָף. זיין טויט פאַלט אויף זיין אייגענעם קאָפּ.

— וויל איך עס זאָל זיך אויפהויבען הורקנוס און זיך שטעלען פאר די ריכטער. — האָט הורדוס געזאָגט — הורקנוס איז דער פערברעכער און פערדעטער. ער האָט גע־וואָלט פערראַטען זיין לאַנד און פאָלק. ווען דער קעניג פון נביות האָט געפיהרט מיט אונז קריעג און די פאָרכטיגע שלאַכט איז אָנגעגאַנגען אויף אונזער גרעניץ, האָט הורקנוס געפיהרט פערהאַנדלונגען מיט דעם פיינד און געוואָלט אַנט־לויפען צו איהם. איך האָב דאָ די עדות, וואָס האָבען אוועק־געטראָגען הורקנוס'עס בריעף צום פיינד, איך האָב אויך דעם בריעף, וואָס דער פיינדליכער קעניג האָט איהם געשיקט. באַלד וועט מען אריינפיהרען די קנעכט פון פיינד, וואָס האָבען מיט זייערע פערד געוואַרט לעבען ים־המלח, הורקנוס זאָל קומען, וועלען זיי איהם פיהרען צו זייער קעניג.

ער האָט אוועקגעלייגט פאר'ן סנהדרין דעם בריעף מיט דעם שטעמפּעל פון קעניג פון נביות און האָט געהייסען דוסא'ן אריינפיהרען די געפאַנגענע קנעכט און זיי זאָלען דערצעהלען אַלץ וואָס זיי וויסען וועגען דער געשיכטע.

די אַלטע לייט פון סנהדרין זענען צוטומעלט געוואָרען, אַז זיי האָבען געזעהן ווי דער גרייז־גרויער אכציג־יעהריגער הורקנוס ווערט געשטעלט פאר'ן געריכט אויף אַ שווערע אַנ־קלאַגע. דער בריעף און די עדות האָבען קלאָר בעוויזען זיין שולד. הורדוס איז געשטאַנען ארומגערינגעלט מיט אַן אב־טיילונג בעוואפענטע סאָלדאַטען און געוואַרט אויפ'ן אור־טייל.

הורקנוס איז געשטאַנען אָנגעלעהנט אויף צוויי שמשים. פאַר דער פּלוצלינגער שרעק האָבען זיינע קניהען זיך גענו־מען בויגען און ער האָט נישט געקענט שטעהן אויף די פיס.

די צונג איז איהם געליימט געוואָרען און ער האָט נישט געקענט ארויסרעדען אַ וואָרט.

דאָס סנהדרין האָט זיך נישט געקענט העלפען. זיי האָבען דאָך נאָך פריהער אַרויסגעזאָגט דעם אורטייל איידער זיי האָבען געוואוסט ווער ס'איז דער בעשולדיגטער. און דער אורטייל איז געוואָרען בעשטעטיגט: טויט.

אויף דעם זעלבען אָרט וואָס הורקנוס האָט מיט פופצעהן יאָהר צוריק געראַטעוועט הורדוס'עס לעבען, ווען ער איז אנגעקלאָגט געוואָרען פאַר'ן סנהדרין פאַר זיינע מערדע־רייען, וואָס ער איז בעגאַנגען אין גליל — אויף דעם זעלבען אָרט איז הורקנוס, דער געוועזענער מלך און כהן גדול, גע־משפט געוואָרען דורך זיין פריהעריגען קנעכט הורדוס צום טויט. איצט זענען בעשטעטיגט געוואָרען די רייד פון דעם אַלטען חכם פון סנהדרין שמעיה, וואָס האָט געווארנט זיינע חברים פון סנהדרין, אַז הורדוס וועט זיי שפּעטער פערטילי־גען.

בליץ־שנעל האָט די ידיעה וועגען דעם טויט־אורטייל אויף דעם אַלטען הורקנוס זיך צוטראָגען איבער דער הייליגער שטאָדט. אַלע איינוואוינער זענען דערשראָקענע געלאָ־פען צום בית המקדש. זיי האָבען אָבער נישט געקענט אריינ־קומען צום סנהדרין. בעוואפענטע מיליטער איז געשטאַנען אין צוויי רייהען פון בית־המקדש ביז דער "גאלגאטא", דאָס אָרט וואו דער טויט־אורטייל ווערט אויסגעפיהרט. די סאָל־דאַטען האָבען קיינעם נישט צוגעלאָזט אהער.

גאַנץ ירושלים האָט געקלאָגט און געיאָמערט אויף דעם נייעם אונגליק. דאָס געוויין האָט זיך געטראָגען ביז'ן הימעל. נאָך העכער האָט זיך געטראָגען אלכסנדרה'ס געוויין און געשריי. זי איז געגאַנגען פאַראויס און די פרויען פון ירושלים נאָך איהר. זיי האָבען געיאָמערט און געקלאָגט און זיך געריסען די האָר פון קאָפּ.

מרים איז געפאַלען חלשות אין שבנא'ס ארעמס. מיט גרויס מיה איז געלונגען זי צו דערמינטערן.

הורדוס'עס הענקערס האָבען ארומגערינגעלט דעם אַלטען הורקנוס און ארויסגעפיהרט אויסער דער שטאָדט. בעוואַ־פענטע סאָלדאַטען זענען געגאַנגען פאַראויס און געפּאַכעט

מיט זייערע בלאַסע שווערדען ביז הורקנוס איז געבראַכט געוואָרען צו דער גאַלגאַטאַ.

דער תליון האָט איינגעוויקעלט א דינעם שטאַרקען שטריק אין א ווייך האַנטוך און אַרומגעוויקעלט הורקנוס'עס האַלז. די צוויי עדות האָבען געצויגען דעם שטריק און אָנגעהויבען ווערגען דעם אַלטען.

— זאָל מיין טויט זיין א כפרה אויף מיינע זינד — האָט דער אַלטער הורקנוס געמורמעלט און די נשמה איז איהם אויסגעגאַנגען.

— ער איז טויט — האָט דער הענקער געזאָגט. אויפ'ן זעלבען אָרט איז געווען גרייט א גרוב און דער הענקער האָט דעם טויטען הורקנוס אריינגעוואָרפען אין גרוב און פערשאַרט. דאָ האָט איהם קיינער נישט בעקלאָגט און נישט בעוויינט. אין שטאָדט איז אָבער געווען גרוים דער יאָמער און געוויין.

— וועה דעם הערר און זיין ביטערער סוף ! — האָבען אַלע ביטער געקלאָגט און געשריגען אין די גאַסען פון ירושלים. — אונטערגעהאַקט איז די אידישע שעהנקייט און דאָס הויז פון די חשמונאים איז צושטערט !

ווען די הענקערס האָבען געפיהרט הורקנוס'ען צום טויט איז הורדוס מיט זיינע סאָלדאַטען צוגעגאַנגען צו מרים'ען. מרים איז נאָר וואָס דערמינטערט געוואָרען פון חלשות און זי איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אויף שבנא'ן. ווי זי האָט דערזעהן הורדוס'ען האָט זי ווידער אָנגעהויבען חלש'ען און זי איז געפאַלען ווי א שטיין צו דער ערד.

הורדוס האָט געהייסען זי לייגען אין זיין קאַרעטע און אַוועקפיהרען אין הויף. שבנא'ן האָט ער געהייסען מיטפאָהרען און וואַרטען אויף איהם, ער וויל איהם זאָגען עפּעס זעהר וויכטיגעס.

מרים'ען האָט מען געמוזט לייגען אין בעט. זי איז שטאַרק קראַנק געוואָרען. שבנא איז געזעסען און געוואַרט. ער איז געווען אומגעדולדיג און געוואָלט וויסען וואָס הורדוס געהט איהם זאָגען.

הורדוס איז געקומען און אריינגערופען שבנא'ן צו זיך. ער האָט גערעדט צו איהם גוטע רייד און זיך פערענטפערט.

— איך בין נישט שולדיג אין אלטענ'ס טויט — האט הורדוס געזאגט — דאס סנהדרין איז שולדיג. זיי האבען זיך געדארפט רעכענען מיט הורקנוס'עס עלטער און גרויסען יחוס און ענדערן דעם אורטייל. און הורקנוס איז אליין שול־דיג. ער האט דאך אויך געזאגט, אז אזא פעררעטער דארף בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט. מיט זיין אייגען מויל האט ער אויף זיך ארויסגעגעבען דעם שרעקליכען אורטייל. איך האב נישט געוואלט טויטען הורקנוס'ען. ווען איך וואלט דאס געוואלט, האב איך, אלס קעניג, געקענט איהם טויטען אהן א פראצעס. איך האב נאר אויסגעפיהרט דעם אורטייל פון סנהדרין.

— עס טוט מיר שטארק באנג דער אלטער — האט הורדוס ווייטער גערעדט — ער איז געוועזען מיין פריינד און געטאן מיר פיעל גוטס. זיין נארישקייט האט איהם אונ־גליקליך געמאכט. דאס וואס ס'איז געשעהן איז פערפאלען, מעז קען שוין נישט לעבעדיג מאכען הורקנוס'ען. איך וויל אבער טרייסטען און בערוהיגען מרים'ען, אלכסנדרה'ן און דאס טרויערנדע אויפגערעגטע פאלק. און איך האב א גוטע עצה ווי דאס צו טאן. איך וועל אראפזעצען די פיהרער פון סנהדרין און דיין שוואר הלל וועל איך בעשטימען אלס ראש פון סנהדרין. ער איז פרום, א גרויסער צדיק, דאס פאלק האט איהם ליעב, וועלען אלע זיין זעהר צופרידען מיט איהם. אלס זיין געהילף וועל איך בעשטימען מנחם'ען דעם עסעער. ער איז דאך אויך א בעריהמטער מאן.

— צו דיר האב איך אויך א בקשה — האט הורדוס גע־בעטען שבנא'ן — איך מוז איצט פאהרען נאך ראדאס פאר־שטעלען זיך פאר דעם נייען רוימישען הערשער, פאר אקטאוויאנוס'ען. מיין ברודער פראראס וועט מיך דערווייל פערטרעטען. איך האב אבער מורא דאס פאלק זאל נישט מאכען אן אויפשטאנד און קרוינען מרים'ען מיט איהר מוטער אלכסנדרה. דו פערשטעהסט דאך, אז איך וועל נישט שוויי־גען, וועט אויסברעכען א ברידער־קריעג, בלוט וועט זיך גי־סען ווי וואסער. איך וויל פערמיידען א ברידער־קריעג. וועל איך איינזעצען מרים'ען און אלכסנדרה'ן אין פעסטונג ביז איך וועל זיך אומקערען. זיי גלויבען שטארק אין דיר. חאי־

בען דעם גרעסטען צוטרויען צו דיר, וויל איך דו זאלסט אויך זיין אין פעסטונג מיט זיי. מיט דיר וועט די צייט זיין גרינגער פאר זיי. עס וועט דיר אויך געלינגען צו ווירקען אויף מרים'ען זי זאל מיך ווייטער ליעבען. ביז איך וועל צוריק קומען וועט הורקנוס'עס טויט זיין פערגעסען און איך וועל ווידער האבען מיט מרים'ען א רוהיג, גליקליך לעבען.

שבנא האט נישט געוואגט אבזאגען. ער האט געוואוסט, אז ער וועט נישט געהן אין פעסטונג מיט'ן גוטען ווילען, וועט ער געהן מיט בייזען. האט ער מסכים געווען און זיך נעגרייט אוועקגעהן אין פעסטונג.

שבנא האט איבערגעלאזט דאס הויז־געזינד. זיין ווייב האט שטארק געוויינט. זיי האבען זיך אבער נישט געקענט העלפען. איין טרייסט האבען זיי געהאט. הלל זייער פאטער און שווער איז געווארען נשיא, דער הויפט פון סנהדרין.

הורדוס איז אוועקגעפאהרען און זיך נישט געזעהן מיט מרים'ען. אז מרים איז געזונד געווארען און זי איז געוואהר געווארען, אז הורדוס האט איבערגעלאזט א בעפעהל זי און איהר מוטער ווי געפאנגענע איינצוזעצען אין א פעסטונג האט א פייער זי אנגעצונדען. ווי א פערוואונדעטער לייב איז זי אויפגעשפרונגען און געוואלט ארוים צום פאלק און רופען צו אן אייפשטאנד.

אן אויפשטאנד געגען דעם "קנעכט פון אדום", וואס האט פערטיליגט איהר פאמיליע און טרעט אזוי נידערטרעכ־טיג זי און איהר מוטער און וויל אויך זי אומברענגען.

נאר שבנא האט זיך איינגעשטעלט און זי צוריקגעהאל־טען פון דעם געפעהרליכען שריט. מיט גרויס מיה איז איהם געלונגען צו בערוהיגען זי.

— איהר טארט דאס נישט טאן, מרים — האט ער זי געבעטען — הורדוס'עס מאכט איז גרויס. ער האט א סך מיליטער אנגעזאמעלט פון די ארומיגע פרעמדע פעלקער, זיין מיליטער איז פיעל און גרויס. די שטאדט איז פול מיט זיי, זיי האלטען אלע פעסטונגען. היטען דעם קעניגליכען פאלאץ און האלטען אן אויג אויף'ן פאלק. ווען איהר וועט רופען צו אן אויפשטאנד וועט איהר ברענגען א גרויס אונ־גליק אויף אונזער פאלק.

איהר גרויסע ליעבע צום פאָלק האָט געזיעגט איבער'ן האס צו הורדוס'ען. זי האָט זיך בערוהיגט און געשוויגען און זיך געגרייט צו די פרישע ליידען. דעם זעלבען אבענד האָט שומי, א יעטארישער גענעראל, געבראכט אלכסנדרה'ן צו מרים'ען. שומי האָט אוועקגעפיהרט מרים'ען, אלכסנדרה'ן און שבנא'ן, ארומגערינגעלט פון בוואפענטע רייטער, אין דער אלכסנדר פעסטונג.

---

ווען אלכסנדרה און מרים זענען אָנגעקומען אין דער פעסטונג זענען זייערע הערצער איינגעשרומפּען פון גרויס וועהטאָג. די פעסטונג האָט זיי דערמאָנט דעם אמאָליגען גלאַנץ פון זייער מעכטיגער קעניגליכער פאמיליע. און גע־זעהן זיך איצט אזוי געפאלען און דערנידריגט דורך דער אדומישער פאמיליע, וואָס האָט זיך אונטערגעגראָבען אונ־טער זייער גליק און אלץ צושטערט און פערניכטעט.

די פעסטונג איז געשטאַנען אויף א הויך אָרט צווישען די בערג פון אפרים. זייער עלטער־זיידע אלכסנדר ינאי האָט געבויט די פעסטונג. אין דער פעסטונג האָט מרים'ס טאטע און אלכסנדרה'ס מאן — אלכסנדר זיך בעפעסטיגט געגען דעם רוימישען גענעראל גאוויניאס, וואָס הורדוס'עס פאָטער אנטיפאטאר האָט אָנגערייצט אויף איהם. דאָ איז אלכסנדר גענומען געוואָרען געפאנגען און פון דאנען איז ער געבראכט געוואָרען פאר פאמפּעאוס'ען, וואָס האָט איהם גע'הרג'עט.

יעדעס ווינקעל אין דער פעסטונג, יעדער טריט און שריט האָט אלכסנדרה'ן דערמאָנט אָן דער צייט, ווען זי האָט דאָ געוואוינט מיט איהר מאן אלכסנדר, דער קעניג פון לאנד. און דאָס האָט שטארק צובראָכען איהר געזונד און קראנק געמאכט איהר גייסט.

זי איז מיט מרים'ען געגאנגען אין הויף פון פעסטונג און איהר אָנגעוויזען אויף די נאָהנטע בעקאנטע ערטער און שטארק געוויינט אויף איהר ביטערן גורל. מיט א צובראָכען הארץ האָט זי געדערצעהלט ווענען די גרויסע צרות, וואָס זי האָט זיך אָנגעליטען פון דעם טאָג, וואָס די אדום'ער האָבען זיך אריינגעריסען אין איהר לעבען. אלכסנדרה האָט געוויינט פאר איהר טאָכטער:

— מרים, מיין קינד, זעה, וואָס מיר זענען אמאָל געוועזן. און וואָס מיר זענען איצט. א קורצע צייט איז אוועק פון יענע גליקליכע טעג און וויפיעל שווערע אונגליקען האָבען מיר איבערגעליטען. די אדומי׳שע קנעכט האָבען אָנגעצונדען א פייער פון האס אין אונזער פאַמיליע, זיי האָבען אָנגערייצט א ברודער אויף א ברודער. דיין טאַטע און מיין מאַן האָבען זיי אומגעבראַכט. מיין שווער, דיין זיידע, אריסתובל האָבען זיי פערגיפטעט. דאָס האָט געטאָן הורדוס׳עס פאָטער. און דאָס וואָס דער פאָטער אנטיפאטאר האָט אָנגעהויבען, פערענדיגט זיין זוהן, וואָס איז נאָך גרויזאַמער און מערדערישער פון זיין שרעקליכען פאָטער.

גאָט ! וואָס דער קנעכט, דער מערדער הורדוס האָט אונז געטאָן ! — האָט אלכסנדרה געֿרעדט און איהר בלוט איז פערגליווערט געוואָרען פון שרעק, ווען זי האָט דאָס דערמאָנט — ער האָט פערטיליגט אונזער משפחה, זי אונטערגעהאַקט ווי בוימער אין וואַלד. ער מעקט אָב אונזער נאמען. ער קוילעט אונזערע אלטע און אונזערע קינדער. מיין שוואָגער אַנטיגנוס האָט ער איבערגעגעבען צו אַנטאָניוס׳ען און ער האָט איהם דערמאָרדעט מיט אַ שרעקליכען שענדליכען טויט, ווי ער וואָלט געווען אַ קנעכט. אונזער קרוב בבא בן בוטא האָט ער בלינד געמאַכט, האָט איהם אַויסגעשטאָכען ביידע אויגען. בבא׳ס קינדער האָט ער אויסגעשאָכטען ביז איינעם. מיין איינציגען זוהן אריסתובל האָט ער דערטרונקען און מיין אַלטען גרויען טאַטע האָט ער ערשט געלאָזט דערווערגען. ווער וויים, וואס דער בלוטיגער מערדער וועט נאָך טאָן מיט אונז ! ער וועט דאָך נישט רוהען ביז ער וועט אויסראָטען אונזער גאַנצער פאַמיליע, ער וועט נישט לאָזען קיין איבערבלייבונג פון אונז, ער וויל דאָך פערזיכערען און בעפעסטיגען זיין טראָהן, וואָס ער האָט אַוועקגערויבט ביי אונז. ווער וויים וואָס אונזער סוף וועט זיין. גאָט, וואָס וועט זיין אונזער סוף !

אָפט האָט אלכסנדרה אזוי געקלאָגט פאר מרים׳ען. שבנא איז אויך געווען דערביי. מרים האָט געוואוסט, אַז איהר מוטער איז נישט אינגאנצען אונשולדיג אין די צרות. מיט איהרע פלענער, וואָס זי האָט אלעמאָל געזוכט צו העלפען

זיך, האָט זי נאָך געמאַכט ערגער. זי האָט אָבער דאָך נישט געקענט פערלייקענען הורדוס'עס ווילדקייט און גרויזאַמקייט. זיין גרויזאַמקייט האָט קיין גרעניץ נישט. זיין בלוט־דורשטיגקייט ווערט קיינמאָל נישט געזעטיגט. פאַר יעדען געדאַנק אָדער פּלאַן פון איהר מוטער האָט ער גענומען שרעק־ליכע נקמה אָן איהרע נאָהנטע און טייערע.

זיין ליעבע צו איהר האָט אויך קיין ווערטה נישט. פאַר־וואָס האָט ער געהייסען יוסף זאָל זי הרג'ענען, אויב אַנ־טאָניוס וועט איהם טויטען? און ווער וויים צו איצט, איי־דער ער איז אוועק צו אקטאוויאנוס'ען האָט ער נישט אי־בערגעלאָזט אזא געהיימען בעפעהל ביים יעטארישען גע־נעראל שומי, וואָס איז דאָך אויך אַ גוי? ווער וויים, צי ער האָט איהם נישט אָנגעזאָגט, ער זאָל זי דערמאָרדען, אויב אָקטאוויאנוס וועט איהם טויטען?

אז דער געדאַנק איז איהר איינגעפאלען האָט זי בעשלאָ־סען דאָס אויסצוגעפינען. מרים און אלכסנדרה האָבען זיך אָבגערעדט מקרב צו זיין שומי'ן, זיי האָבען געבעטען שבנא'ן ער זאָל זיך אויך בעפריינדען מיט איהם און אפשר וועט זיי געלינגען עפּעס ארויסצוקריגען פון איהם.

מיט זיין פיהרונג האָט שומי געוויזען, אז ער איז זעהר געטריי און איבערגעגעבען הורדוס'ען. זיי האָבען אויך דער־קענט, אז ער טראָגט אין הארצען אַ סוד וועגען זיי. ער האָט זיך געהאַלטען פון זיי פון ווייטענס. ווען ער האָט זיי בע־געגענט האָט ער זיי בעגריסט מיט דער געהעריגער עהרע, ווי עס קומט דער קעניגען און דעם קעניג'ס שוויגער. ער האָט אָבער נישט אויסגערעדט צו זיי אַן איינציג וואָרט.

וויפיעל זיי האָבען זיך נישט בעמיהט איהם צו דערנעהנ־טערן צו זיך איז זיי נישט געלונגען. ער האָט זיך געהאַלטען ווייט און פרעמד. שבנא'ן איז דאָס אָנגעקומען זעהר גרינג. ער האָט זיך בעקענט מיט איהם. זיי זענען זיךביידע גע־פעלען. זענען אָפט געגאנגען איינער צום אַנדערן און פער־בראַכט.

אז שומי איז געקומען צו שבנא'ן האָט ער דאָרט געטראָ־פען מרים'ען און אלכסנדרה'ן. ער האָט זיי נעהנטער דער־קענט און מעהר געשעצט און געעהרט. ביידע האָבען געקוקט

פריינדליך צו איהם, אמאָל איהם געזאָגט ליב־ווערטער. ער איז בעגייסטערט געוואָרען פון זיי און ער האָט אָנגעהויבען זיי בעזוכען. עס איז איהם געווען אומעטיג ביי זיך אין וואוינונג, ער איז געווען איינער אליין. ער האָט זיי אָפטער און אָפטער בעזוכט ביז ער איז גאנצע טעג ביי זיי געזעסען און געשמועסט.

ער איז געוואָרען שטארק צוגעבונדען צו מרים'ען און איהר בעסטער פריינד. ער איז גרייט געווען אָבצוגעבען זיין לעבען פאר איהר. ער איז אבער געווען זעהר געטריי הורדוס'ען און געהאלטען אין איין לויבען הורדוס'ען און דערצעהלען ווי שטארק הורדוס האָט זי ליעב.

איינמאָל ווען מרים און שומי זענען געזעסען אליין אין שטוב און שומי האָט געהאלטען אין איין רעדען וועגען הורדוס'עס גרויסע ליעבע צו איהר, האָט ער געזאָגט:

— דער קעניג האָט אייך ליעב אָהן א גרעניץ. זיין ליעבע צו אייך גרייכט ביז אויף יענער וועלט...

— ניין, דאָס גלויב איך נישט — האָט מרים געצווייפעלט — אז ער האָט מיך אזוי שטארק ליעב...

— איך האָב א זיכערן בעוויז — האָט ער איהר געזאָגט, אז ער האָט געזעהן זי גלויבט איהם נישט — ער האָט מיר אָנגעזאָגט פאר'ן אוועקפאָהרען, אז די רגע וואָס איך וועל הערען אז ער איז טויט, זאָל איך אייך טויטען, ער האָט אייך אזוי שטארק ליעב, האָט ער מיר געזאָגט, און איז אזוי צוגעבונדען צו אייך, אז נאָכ'ן טויט, וויל ער אייערע ביידע נשמות זאָלען בלייבען פערבונדען ווייטער...

— איז ער אויך אזוי צוגעבונדען צו מיין מאמע, און ער האָט זי אויך געהייסען טויטען? — האָט מרים איהם געפרעגט.

די פראַגע האָט איהם צוטומעלט. שומי האָט טאָקי געקראָגען דעם זעלבען בעפעהל אויך וועגען אלכסנדרה'ן. דער נאאיווער סאָלדאַט האָט אין דעם זיך נישט פערטראַכט פריהער. איצט האָט ער אָנגעהויבען פערשטעהן אז הורדוס האָט איהם געגעבען דעם בעפעהל נישט איבער זיין גרויס ליעבע צו מרים'ען, נאָר פון גרויזאמקייט. עס האָט איהם פערדראָסען אויף הורדוס'ען, וואָס ער האָט איהם אָבגע־

נאַרט און געוואָלט איהם מאַכען פאַר א מיאוס'ען גידער־טרעכטיגען מערדער, וואָס זאָל טויטען צוויי אונשולדיגע נפשות.

מרים האָט געקוקט אין זיינע אויגען און ארויסגעלייענט וואָס ער טראַכט איצט אין האַרצען. אין איהר גרויסען האַס אויף דעם גרויזאַמען הורדוס, דער אדום'ישער קנעכט האָט זי זיך געטרייסט און בערוהיגט, וואָס דער יעטאַרישער גע־נעראַל איז אַן עהרליכער מאַן און ער וועט זיי נישט טויטען, נאָר זיי נאָך געבען שוץ.

די קרוג געהט צום וואַסער ביז דאָס אויער רייסט זיך אָב. גיסט אַן א גלאָז וואַסער פול מיט'ן אויג און עס וועט זיך נישט פערגיסען. דערגיסט אָבער נאָך איין טראָפּען גיסט עס זיך איבער. אַזוי איז געווען מיט מרים'ס ליידען. א סך האָט זי געליטען און געשוויגען. איהר האַרץ איז געווען פול מיט צרות און זי האָט אַלץ געליטען ווייטער.

צו איהר ליידען און געדולד איז אָבער געקומען א סוף. זיין לעצטער גרויזאַמער בעפעהל האָט פול געמאַכט די מאָס און איבערגעגאָסען. איהר חשמונאים האַרץ האָט זיך אויפ־געכאַפּט און זי איז אויפגעשפּרונגען ווי א צורייצטער לייב.

אַז שומי איז אַוועקגעגאַנגען האָט זי אַריינגערופען אַלכסנדרה'ן און שבנא'ן. איהרע אויגען האָבען געשפּריצט פייער און זי האָט געזאָגט פעסט און ענטשלאָסען:

— עס מוז נעמען א סוף צו זיין ווילדקייט און גרויזאַמ־קייט! דער אדום'ישער קנעכט וועט מיך מעהר נישט נאַרען מיט זיין נידערטרעכטיגקייט. פון איצט אָן איז ער מעהר נישט מיין מאַן. ער איז מיר פרעמד. ער איז מיין ביטערס־טער פיינד. גאָט! זאָל ער בעסער שטאַרבען איידער ער וועט קומען צוריק צו מיר! הלואי טויטען איהם די רוימער! ווען מיין פאָלק וואָלט מיר נישט געווען טייערער פון מיין לעבען, וואָלט איך ארויסגעגאַנגען אין די גאַסען און גע־שריגען. עס וואָלטען זיך געפונען גענוג אידען, וואָס וואָל־טען צו מיר צוגעשטאַנען און אונז געראַטעוועט פון זיינע בלוטיגע הענד. עס איז מיר א שאָד דאָס בלוט וואָס וועט דאַרפען פערגאָסען ווערען. וועל איך שווייגען און דערשטי־קען מיינע ליידען. ער וועט אָבער מעהר נישט זיין מיין מאַן.

איך וועל איהם אַנשפּייען אין פּנים אז ער וועט קומען צו מיר, זאָל עס מיך אפילו קאָסטען מיין לעבען!

אזוי האָט מרים פעסט בעשלאָסען. אלכסנדרה און שבנא האָבען געשוויגען און איהר גאָר נישט געזאָגט אויף דעם.

אין עטליכע טעג ארום איז שומי אריינגעגאנגען צו מרים׳ען און איהר געזאָגט:

— גרייט זיך, קעניגען, פאר די געסט וואָס וועלען קו־מען. זיי ווילען דער קעניגען פערשאפען פערגעניגען.

— ווער זענען די געסט? — האָט מרים זיך געוואונ־דערט.

—די שוויגער קפרון, די שוועגערין שלומית און דער שוואָגער פּעראָרעס.

— טוט מיר צוליעב און זאָגט זיי אז איך געהער זיך נישט אָן מיט זיי — האָט איהם מרים געבעטען — זאָלען זיי געהן פון וואנען זיי זענען געקומען. עס עקעלט מיך פאר זיי.

— וואָס רעדט די קעניגין? — האָט שומי געפרעגט דערשראָקען — פּעראָרעס איז איצט דעם קעניג׳ס שטעל־פערטרעטער. מיט איהם קומען זיין מוטער און שוועסטער. איך וועל נישט לערנען די קעניגען וואָס זי זאָל טאָן. ווען איך זאָל זיי אָבער איבערגעבען די ווערטער פערליר איך מיין קאָפּ.

— איהר זענט גערעכט — האָט מרים זיך בעטראכט — זאָגט זיי גאָרנישט. ברענגט זיי אהער.

שומי האָט זיך פערנייגט און ארויסגעגאנגען. אלכסנדרה איז דערשראָקען צוגעלאָפען צו מרים׳ען און זי געווארנט:

— קינד! דו ווילסט צורייצען די גיפטיגע שלאנגען! אויב דיין לעבען איז דיר ליעב, זאָלסטו דאָס נישט טאָן.

— מיין לעבען איז אין זייערע הענד — האָט מרים גע־ענטפערט — זיי האָבען מיך גענוג דערנידריגט. האָבען מיך געמאכט ווי שטויב. אויב איך וועל זיך פערשטעלען פאר זיי און זיך האלטען פריינדליך, וועל איך אפילו אין זייערע אויגען ווערען נאָכמעהר דערנידריגט. דאָס טאָר מעהר נישט געשעהן! איך האָב איינמאָל פאר אלע מאָל בעשלאָסען אז

עס מוז נעמען א סוף צו די פיין. איך וועל זיי אויפנעמען ווי זיי פערדינען. א פולען פנים וועל איך זיי אנשפייען. זאל דאס זיין א טרייסט פאר די לײדען און פיין, וואס זיי טוען מיר אן.

אלכסנדרה'ס שרעק האט געוואקסען הערענדיג מרים'ס רייד. האט זי געבעטען שבנא'ן, ער זאל ווירקען אויף מרים'ען, זי זאל דאס נישט טאן. זאל זי זיך בעסער פערשטעלען פאר זיי, אז נישט וועלען אלע זיין אונגליקליך.

שבנא האט זי נישט געפאלגט. ער האט געזעהן אז מרים איז גערעכט. זיי זענען איהרע ביטערסטע פיינד. און אויב זי וועט זיין ווידער אונטערטעניג צו זיי, וועלען זיי נאך ערגער און שפאטישער זי בעהאנדלען. מיט אזעלכע פאלשע מענשען איז שוין בעסער אן אפענער האס איידער א פערבארגענע פיינדשאפט. שבנא האט דעריבער געשוויגען און גארנישט געזאגט מרים'ען.

אלכסנדרה האט ווייטער געבעטען מרים'ען זי זאל זיי רוהיג אויפנעמען. די טיר האט זיך בדייט געעפענט און זיי זענען אריינגעקומען. שומי איז געגאנגען הינטער זיי. אלכסנדרה און שבנא האבען זיך אויפגעשטעלט, אנטקעגען געגאנגען עטליכע טריט און פון שלום וועגען זיך א ביסעל פערנייגט פאר זיי. מרים האט זיך פון ארט נישט גערירט, האט רוהיג און גלייך געקוקט אויף זיי און נישט געזאגט א ווארט.

א שטיק צייט האבען זיי זיך נישט געזעהן. די פעטע קפרון, הורדוס'עס מוטער, איז געווארען נאך דיקער און פעטער. איהר פנים איז פערגאסען געווארען מיט שמאלץ און שטיקער פלייש האבען פון איהר האלז אראפגעהאנגען ווי ביי א פעטע קוה. עס האט געקעלט צו קוקען אויף איהר. זי האט שווער געאטעמט ווי א געקוילעטער אקס. זי איז געוועז איינגעוויקעלט אין זיידענס און בעהאנגען מיט גאלד און שטיינער און א טייך שוויים האט גערונען פון איהר.

שלומית איז געוועזן א סך דארער און מאגערער. איהרע אויגען זענען נאך טיעפער אריינגעזונקען אין די לעכער. די בלויע רעדער אונטער די אויגען זענען שוין געוועזן שווארץ און די אויגען־רעקלעך גרין און געל. זי האט אויס־

געזעהן ווי א דארער האָהן אויף דער עלטער. פּראַרעס האָט געהאַט א כימרע פּאַלש פּנים, א פוקס אויף צוויי פיס.

— וואָס ווילט איהר דאָ ? — האָט מרים רוהיג גע־פרעגט. זי האָט זיך נישט אויפגעהויבען און זיי נישט גע־הייסען זיצען.

די געסט זיינען געוואָרען צוטומעלט. פּראַרעס האָט זיך דער ערשטער זיך געפונען, געקוקט מרים׳ען גלייך אין די אויגען און געענטפערט :

— מיר זענען געקומען אין הורדוס׳עס הויז. מיר ווילען זעהן וואָס עם מאַכען זיינע קינדער.

— די קינדער זענען מיינע, דאָס הויז איז מיין, אלץ וואָס איהר זעהט דאָ איז מיין — האָט מרים געזאָגט — איהר ווייסט דאָך דעם נאָמען פון פעסטונג. די פעסטונג טראָגט דעם נאָמען פון מיינע עלטערן, די קעניגען פון לאַנד.

די אַלטע צוגאָספּענע קפּרון האָט אויסגעשטעלט די אוי־גען ווי זיי וואָלטען איהר ארויסגעקראַכען. שבנא׳ן האָט גע־עקעלט צו קוקען אויף איהר, ער האָט זיך אבער בעהערשט און זי געבעטען זיצען. ער האָט גענומען א שטוהל, אלכסנדרה האָט איהם געהאָלפען און זיי האָבען איהר דערלאַנגט. די פעטע קפּרון וואָס האָט אויסגעזעהען ווי א ברייט פאָס שמאַלץ האָט זיך שווער אראָפּגעלאָזט אויפ׳ן שטוהל און זי האָט איהם שיער צובראָכען. שומי האָט דערלאַנגט צוויי שטוהלען פּראַרעס׳ן און שלומית׳ן. זיי האָבען איהם שטיל געדאַנקט און געבליבען שטעהן.

— איצט ווייס איך—האָט שלומית געזאָגט גיפטיג — מרים איז א קעניגליכע טאָכטער דערפאַר וואוינט זי אזוי הויך.. , זי האָט אויסגעקליבען צו וואוינען דאָ אויף די הויכע בערג, אין דער פעסטונג, וואָס איהרע עלטערן האָבען גע־בויט... אבער מיר דאַכט זיך אז ווען אלץ וואָלט געווען ווי זי וויל, וואָלט זי דאָ נישט געווען... א קעניגליכע טאָכטער דאַרף זיין אין דער קעניגליכער שטאָדט, אין דער פּרעהליכער שטאָדט נישט אין א פעסטונג וואו אדלערס האָבען זייערע נעסטען און פערברעכער ווערען פערשפּאַרט.

— אויב דו ווייסט דאָס נישט, איידעלע פרוי—האָט מרים מיט פעראַכטונג זיך אנגערופען—וואָלט איך דיר גע־

קענט דערצעהלען א קינדער־מעשה׳לע. א מעשה מיט א בת מלכה וואס שדים האבען זי געפאנגען. די שדים זיינען גע־וועז די ערגסטע טייוואָלים פון טיפען גיהנום, וואס קומען אויף דער וועלט צו שפּילען זיך מיט די הערצער פון די מענ־שען און צו לאכען פון זיי. דאס געלעכטער איז א ווילדעס און געמישט מיט די טרערען פון בערויבטע און אונטערדריק־טע... אבער צו וואס זאל איך דיר דאס דערצעהלען און וועה טאָן דיין הארץ מיט טרויעריגע געשיכטעס. דו ביזט דאָך אזא איידעלע, גוטהארציגע פרוי, איך קען דאָך דיך שוין לאנג...

—דו ביזט א קעניגליכע טאָכטער — האָט פּראָרעס זיך אָנגערופען — וואו איז אייער קעניגרייך? ווייסטו ניט אז די הערשאפט פון די חשמונאים איז פערלוירען און אָפּגעמעקט פון דער ערד? זיי זיינען זיך דאָך אליין שולדיג, די חשמונאים, זיי האָבען איינס דאס אַנדערע אויסגעקוילעט ווען נישט מיין ברודער הורדוס, וואס האט מיט חכמה און מאכט איינגעפיהרט ארדנונג אין לאנד, וואלט דאָ געהערשט דער קעניג פון נביות...

— איז איצט גוט און וואויל צום לאנד—האט מרים גע־זאָגט מיט א ביטער געלעכטער—עס האָט זיך געראַטעוועט פון דעם קעניג פון נביות און אריינגעפאלען אין די הענד פון די אדום׳ער...

—מרים! — האָט אלכסנדרה אויסגערופען מיט געבעט.

—אויב דו ווילסט וויסען פון מיין פאמיליע — האָט די גראָבע קפרון געזאָגט שטאָלץ—פרעג אין אנטאכיא, ועסטו הערען אז מיין קרוב סאראמאלא איז אין זיין מינדסטען פינ־גער געוועזן רייכער און מעכטיגער פון אלע אייערע קעניגען אין איינעם.

—איהר וועט מיר ענטשולדיגען טייערע מחותנת׳טע— האט אלכסנדרה געזאגט שטאָלץ געמישט מיט שרעק—שטענ־דיג בעריהמט איהר זיך מיט אייער רייכען קרוב. ער איז אייער גאנצער יחוס. ווער, זאָגט מיר, זיינען געוועזן זיינע עלטערן? האט עמיצער געהערט זייער נאָמען? ווער האט זיי געקענט? און וואָס איז דאס גליק מיט רייכטום? יעדער אב־נארער, פאלשער מענש זאמעלט אָן גרויסע פערמעגענס. ווער עס טיילט זיך מיט גנבים, ווער עס גנב׳עט, גזל׳ט, רויבט

קלייבט אָן אוצרות. אין אונזער משפחה איז דאס גאָר נישט קיין יחוס, מיר ריהמען זיך נישט מיט רייכקייט. אונזער רוהם איז ווען מען איז גוט, איידעל, מען טוט גוטעס מיט מענשען, ווען מען איז בעליעבט ביי גאָט און לייט. מיט אזעלכע מעלות מאכט מען זיך ביי אונז א גרויסען נאָמען, א נאָמען אויף אייביג, ווי מיינע עלטערן די חשמונאים. זייער העלדישקייט, געטריישאַפט און איבערגעבענהייט צום פאָלק, דאס וואס זיי האבען איינגעשטעלט זייער לעבען צו העלפען דאס פאָלק, זייערע גוטע איידעלע און מוטיגע הערצער האבען זיי געשאפען דעם גרויסען רוהם און געבענטשטען נאָמען. אויב איהר וועט זיך אין דעם פערטראכטען וועט איהר וויסען פון וואס פאר א בעריהמטע יחוס'דיגע פאמיליע איך שטאם און איהר וועט זיך בוקען פאר מיר ביז דער ערד, דאס איז א גרויסער כבוד פאר אייך וואס איהר זענט אריינגענומען געוואָרען אין אונזער גרויסער, בעריהמטער פאמיליע, זאל אייך נישט פערדריסען דאָס, ליעבע מחותנת'טע, און זייט מיר גנעדיג מוחל...

— א, יא, זעהר פיעל האבען די לעצטע חשמונאים אויפגעטאָן פאר זייער פאָלק און לאנד און אויך פאר זיך אליין—האָט שלומית אָנגעהויבען רעדען. פראַרעס האָט איהר אבער אָבגעהאַקט און זיך אָנגערופען:

— א סוף, הערט אויף די נארישע רייד! מיר זיינען נישט געקומען צו פיהרען דיסקוסיעס. מיר זענען געקומען זעהן הורדוס'עס פרוי און קינדער. זיין פרוי און איהר מוטער האָבען מיר שוין געהאט די עהרע און דאס פערגניגען צו זעהן. אונזערע אויערן זיינען שוין אויך פול געוואָרען. מיר ווילען איצט זעהן די קינדער, וואס גאָט האָט געבענשט אונזער ברודער מיט זיי. זאָל מען ברענגען די קינדער, מיר וועלען זיי זעהען און אוועקגעהן פון דאנען.

— איך האב אייך שוין איינמאָל געזאגט אז זיי זענען מיינע קינדער און איך וועל זיי נישט ווייזען די מענשען, וואס איך קען נישט אנקוקען—האט מרים פעסט דערקלערט און זיך אליין נישט געריהרט פון אָרט.

— ווייסט איהר אז איך בין דאָ דער העכסטער הערשער —האָט פראַרעס געזאָגט הערשעריש—דער קעניג וואס פעל־

קער ציטערן פאר איהם האט מיך בעשטימט פאר דעם העכס־
טען הערשער אין לאנד אזוי לאנג ווי ער איז נישטא. אויב
איהר וועט נישט די מינוט פאלגען מיין בעפעהל, וועל איך
רופען די סאלדאטען פון פעסטונג און זיי וועלען עפענען אלע
טירען פאר מיר. דעמאלט וועל איך מאן מיט אייך און מיט
די קינדער וואס מיין הארץ וועט גלוסטען.

— דאס וועט מיר דער הערר שני למלך פערצייהען, איז
נישט ריכטיג—האט שומי זיך אנגערופען און זיך פער־
נייגט—דאס מיליטער געהער צו מיר און די דאמע איז די
קעניגין פון לאנד, דער גרויסער קעניג האט זי איבערגעגעבען
צו מיר, איך זאל זי בעדינען. איך וועל נישט לאזען זי אנ־
ריהרען אדער עמיצער זאל דא טאן די מינדסטע זאך געגען
איהר ווילען.

— ווייסט איהר מיט וועמען איהר רעדט? — האט פראַ־
רעס גע:ערעגט פול צארן.

— אודאי ווייס איך. איהר זענט איצט אויפ׳ן בעפעהל
פון מיין הערר און קעניג הורדוס דער שני למלך פון אידישען
לאנד. דא אבער אין דער פעסטונג זיצט זיין פרוי די קעני־
גען, דאס איז אויך געשעהן אויפ׳ן קעניג׳ס בעפעהל. איך
און דאס מיליטער זענען איהר געווארען געגעבען צו טאן וואס
זי וועט הייסען. דא איז קיינער נישט העכער פון דער
קעניגין נאר דער קעניג אליין.

—איך שווער ווי איך לעב—האט פרארעס געזאגט—אז
די רייד וועלען דיך קאסטען דיין קאפ!

— זאל זיין אזוי—האט שומי געענטפערט רוהיג—איך
וועל פאלגען דעם קעניג׳ס בעפעהל און אויב דער קעניג וועט
דאס געפינען פאר א פערברעכען זאל ער מיך משפט׳ען ווי
ער וועט ווילען.

— איך וועל נישט ווארטען ביז מיין ברודער וועט צור־
ריקקומען—האט פרארעס איהם שארף דערקלערט—די פרוי
איז דא ארעסטירט אויף דעם קעניג׳ס בעפעהל, איך בין זיין
עלטסטער ברודער וואס רעגירט אין זיין נאמען. דעם קעניג׳ס
מוטער און שוועסטער זיינען אויך דא. ס׳איז נישט אנדערש
נאר איהר מאכט א בונט, איך מוז דערשטיקען דעם אויפ־
שטאנד גלייך פון אנהויב. איך וועל גלייך צונויפזאמלען דאס

מיליטער פון לאנד און וועל פערניכטען די גאנצע פעסטונג מיט אלע איינוואוינער. אייך, גענעראל, וועל איך עהרליך בעצאָהלען. איך וועל אייך געבען אייער פערדיענטע שטראָף.

— איך וועל פאָלגען דעם קעניג׳ס בעפעהל. אייער דראָהונג שרעקט מיך גאָרנישט — האָט שומי רוהיג דערקלערט.

— ארויס פון דאנען, איהר בלוטיגע, פאלשע מענשען! ארויס פון דאנען איהר בלבול מאכער—האט מרים אנגעהויבען ווילד שרייען און איהרע אויגען האבען געשפריצט מיט פייער, ווי זי וואלט זיי געוואָלט פערברענען.

שומי האָט זיך ווידער פערנייגט פאר פּראַרעסען און קלאָר געפאָדערט:

— הערר, איהר וועט מיר מוחל זיין, ענטשולדיגט מיר געעהרטע דאמען, זייט אזוי גוט און לאָזט די קעניגין אליין. די קעניגין האט אייך געהייסען געהן און איך מוז היטען איהר בעפעהל, אזוי האט מיר אנגעזאגט דער קעניג.

—לאָמיר געהן!—האָט שלומית געזאָגט און איהר פּנים איז געוואָרען גרין און געל—מיר וועלען זיך נאָך זעהן, וועלען זיי דעמאָלט דערפיהלען אונזער מאכט.

פּראַרעס און שלומית האָבען גענומען זייער מוטער פאר די הענד, זי אויפגעהויבען און גענומען ארויספיהרען. שומי האָט זיך פערנייגט פאר זיי און געעפענט די טיר. ער האָט זיי בעגלייט ביז צום טויער. זיי זיינען ארויסגעגאנגען און פון וויטענס האט זיך נאָך געהערט דאס שווערע אטעמען פון דער פעטער, שמאלציגער קפרון ווי פון א געקוילעטען אָקס.

אַז זיי זענען ארויס אזוי פערשעמט האָט מרים זיך אָנגערופען:

— איצט בין איך שוין בערוהיגט. איך האב אויסגעגאָסען מיין צאָרן אויף דער בייזער פאמיליע פאר די אלע לייידען און פיין, וואס איך בין אויסגעשטאנען פון זיי. איך ווייס זיי וועלען זיך נוקם זיין אין מיר. גאָט, הלואי זאל זייער בייזע הערשאפט צובראָכען ווערען! הלואי זאל הורדוס אומקומען אויף דעם וועג און נישט מעהר דערלעבען זיך אומקערען. ווען אָבער ער וועט צוריק קומען, וועט ער מיך שוין מעהר נישט בעהערשען. ער איז מיר מיאוס ווי דער טויט עס מעג מיך מיין לעבען קאָסטען!

—מיר טוט שטארק באנג וואס איך האָב זיך אריינגע־מישט אין דער מחלוקה—האט אלכסנדרה געזאגט פערזארגט —אומבעטראכטערהייד האָב איך זיך געקריגט מיט דער פע־טער קוה, וואס ריהמט זיך שטענדיג מיט איהר רייכען קרוב. אלץ איבער דיר, מרים, דו האָסט זיי אזוי געזידעלט און בע־ליידיגט. ווען דער מערדער וועט זיך אומקערען, ווייס גאָט וואס ער וועט טאָן מיט מיר!

מרים האט געקוקט אויף איהר מוטער מיט בעדויערן און גאָר נישט געענטפערט. שומי איז צוריק געקומען, האט מרים גענומען זיין האַנד און פריינדליך געדריקט.

—איך דאַנק אייך, פריינד, וואס איהר האָט מיך בע־שיצט פון מיינע בייזע פיינד.

— קעניגין, איך האב נאָר געטאָן מיין פליכט—האט ער נאאיוו געענטפערט—איך מוז אייך בעשיצען, דאס איז גע־ווען דעם קעניג'ס בעפעהל און איך מוז איהם פאָלגען.

---

מרים'ס האָפנונג איז נישט געוואָרען פערווירקליכט. אק־טאוויאנוס האט נישט גע'הרג'עט הורדוס'ען. ער האט איהם נישט בעשטראפט פאר דעם וואס ער איז געווען אנטאניוס'עס געטרייער פריינד. ער איז איהם גאָר געפעלען געוואָרען אי־בער דעם. אקטאוויאנוס האט געפונען אין דעם אז הורדוס איז געטריי און איבערגעגעבען צו זיין פריינד און בעשיצער.

הורדוס איז געקומען צו אקטאוויאנוס און אוועקגעלייגט די קרוין פאר זיינע פיס און געזאגט:

—מיין הערר און קייזער קען די קרוין געבען וועמען ער וויל.

אקטאוויאנוס האט אויפגעהויבען די קרוין און זי צוריק אנגעטאָן אויף הורדוס'עס קאָפּ און איהם געגעבען א סך כבוד. ער האָט איהם אויך אומגעקערט יריחו און די אומ־געגענד וואס אנטאָניוס האָט געהאט צוגענומען און אוועק־געשאָנקען זיין געליעבטע קלעאפאטרא'ן, די עגיפטישע קע־ניגין. אויך די שטעדט וואס פאָמפעאוס האָט אָבגעריסען פון אידישען לאנד האט ער צוריקגעגעבען.

ער האט אויך געפאָלגט הורדוס'עס גוטע עצה, אז ער זאל זיך היטען פאר קלעאפאטרא'ן, ווען ער וועט זיין אין

מצרים. זי זאל איהם נישט פאנגען אין איהר נעץ און איהם אונגליקליך מאכען ווי זי האט דאס געטאן מיט אנטאניוס׳ן.

קלעאפאטרא האט אנגעווענדעט אלע מיטלען צו געווינען דעם יונגען העלדישען קייזער אקטאוויאנוס. ער האט זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף איהר. פאר צער און שרעק האט זי זיך גענומען דאס לעבען. און הורדוס האט זיך אומגעקערט נאך ארץ ישראל פול מיט כבוד און צופריעדענהייט, ער האט געהאט אזא זיעג!

ווי געטראגען פון ווינד איז ער געלאפען אין דער אלכסנדר פעסטונג, זעהן זיין ליעבע מרים און זיך פרעהען מיט איהר. ער איז אריינגעלאפען צו מרים׳ען און ערווארטעט אז זי וועט איהם דערפרייט לויפען אנטקעגען. ווי ענטוישט איז ער אבער געווארען אז ער האט געזעהן מרים שטעהט שטום, זי פרעגט איהם נישט וואס ער מאכט, זי פרעהט זיך נישט מיט זיין צוריקקומען, זי איז גאר נישט גליקליך וואס ער האט זיך אומגעקערט לעבעדיג.

ער איז צוגעגאנגען צו איהר און זי געוואלט ארומנעמען, האט זי זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע הענד און נישט געוואלט קוקען אויף איהם. ער האט זיך דערמאנט אין דעם טרויעריגען געשעהניש פאר זיין אוועקפאהרען, הורקנוס׳ טויט, ואס דאס האט זי אזוי שטארק צובראכען, האט ער פערשטאנען וואס זי איז בייז און זיך געטראכט:

דאס איז נישט מעהר ווי דער כעס פון א פרוי. עס שאדט נישט. עס וועט איבערגעהן. ווי טוי אויף דער זון וועט איהר כעס באלד צוגעהן.

ער איז אוועק צו שומי׳ן און געהערט וואס דא האט פאסירט צווישען דער קעניגין מיט זיין פאמיליע, האט ער געזאגט אז מרים איז גערעכט. ער האט זעהר געלויבט שומי׳ן, וואס ער האט זיך איינגעשטעלט פאר דער קעניגין. פעראס, האט תורדוס געזאגט, איז בעגאנגען א פערברעכען, וואס ער האט געזאגט, אז ער וועט טאן מיט דער קעניגין וואס ער וועט וועלען.

ער האט געהייסען אלעמען צוריקפיהרען נאך ירושלים אין קעניגליכען הויף. ער איז אוועק פריהער. פעראס און שלומית האבען איהם די געשיכטע דערצעהלט גאר אנדערש.

דאָס האָט איהם פערדראָסען, וואָס מרים איז געווען אזוי פרעך און בעזונדער אלכסנדרה געגען זיין מוטער.

דעריבער האָט ער געהייסען אלכסנדרה'ן בלייבען ביי איהם אין הויף. זי זאָל צוזעהן דעם גרויסען כבוד, וואָס זיין מוטער קריגט און עס זאָל איהר וועה טאָן. ער האָט אויך אלכסנדרה'ן אָנגעזאָגט, זי זאָל ווירקען אויף מרים'ען, זי זאָל זיך איבערבעטען מיט איהם: אויב נישט, האָט ער זי געווארנט, וועט ער זיי ביידע אומברענגען.

דאָס הארץ פון א פרוי איז אָבער הארטער און פעסטער פון א פעלז. דער מעכטיגער הערשער הורדוס, וואָס פעסטונגען זענען געווען ווי שפּילווארג אין זיינע הענד, איז מיעד און מאַט געוואָרען און נישט געקענט בייקומען מרים'ען.

וואָכען זענען אוועק, חדשים זענען אריבער, מרים'ס כעס איז נישט געוואָרען איינגעשטילט און איהר טיעפער צאָרן אויף איהם איז נישט געוואָרען שוואכער. דאָס הויז האָט זי געפיהרט ווי פריהער. זי איז געוואָרען נאָכמעהר צוגעבונדען צו די קינדער און געטריי צו זיי. פאַר מענשען האָט זי זיך געהאַלטען מיט הורדוס'ען און זיין פאַמיליע ווי אלע מאָל, ווי קיין ענדערונג וואָלט דאָ גאָרנישט געשעהן. אין מענשענ'ס אויגען האָט זי זיי אָבגעגעבען כבוד, גערעדט מיט זיי און פערבראַכט.

ווי זיי זענען אָבער געבליבען אליין איז זי מאָמענטמאָל געוואָרען פערענדערט. גאָר אַן אַנדערע. זי איז געוואָרען פרעמד צו זיי, ווי א קאַלטער שטיין, א שטיק אייז, זי האָט נישט געקוקט אויף זיי און נישט גערעדט מיט זיי אַן איינציג וואָרט.

אָפּט האָט הורדוס זיך געוואונדערט. וואָס איז געשעהן מיט דער פרוי ? האָט ער זיך געפרעגט. איז דאָס די גוטע, איידעלע מרים ? איז דאָס די שטילע אונטערטעניגע מרים, וואָס האָט קיינמאָל נישט ווידערשפּעניגט אַנטקעגען איהם ? די מרים וואָס האָט אויף אלע צרות און ליידען, וואָס ער האָט איהר אָנגעטאָן מעהר נישט געהאַט ווי זיפצען און טרערען און געבעט, ווי האָט זי זיך פּלוצלינג אזוי געענדערט ? זי איז געוואָרען פול שטאָלץ. זי קוקט אויף איהם

פון אויבען־אראפ. און אויף זיין פאמיליע קוקט זי, ווי זיי וואלטען געווען איהרע סנעבם. זי בעליידיגט זיי און זידעלט אדער זי קוקט אויף זיי מיט אזא רוהיגע פעראכטונג און שפאט. ווי אזוי איז אידר צונג פלוצלינג געווארען שארף ווי א מעסער און ווי הויך זי האלט איהר קאפ, ווי שטאלץ!

אומזיסט איז געוועזן זיין בעטען זיך ביי איהר, ער האט זיך פאר איהר דערנידריגט און אזויפיעל געבעטען, עס האט אבער גארנישט געהאלפען. אומזיסט איז אויך געוועזן זיין כעס און זיין צארן. ער האט זיך געבייזערט אויף איהר און זי געשראקען, עס האט זי אבער גארנישט געארט. האט ער זיך געבעטען ביי איהר איז זי געווארען שרעקליך אויפגע־רעגט. ווען ער האט זיך געבייזערט און געצאפעלט פון ברע־נענדיגען כעס, האט זי געלאכט און שטארק הנאה געהאט.

זי איז געווארען פאר איהם אן אונפערשטענדליך וואונ־דער, א פערבארגענע סוד, ער האט זי נישט פערשטאנען. און וואס מעהר וואונדער זי איז געוועזן פאר איהם, אלץ גרעסער געווארען איז זיין ליעבע צו איהר. וואס מעהר זי האט זיך דערווייטערט פון איהם, אלץ מעהר האט ער גע־ברענט און געפלאקערט צו איהר.

אומזיסט האט אויך געהארעוועט זיין שוועסטער שלומית. זי האט איינגעשטרענגט אלע קרעפטען און געוואלט מרים'ען פער'מיאוס'ען אין זיינע אויגען. אלע טאג האט זי אויסגעטראכט אויף איהר נייע בלבולים. איהר מיה איז אבער געוועזן ארויסגעווארפען. הורדוס האט געוואוסט, אז שלומית האט זי שרעקליך פיינד, האט ער איהר גארנישט געגלויבט און אפילו נישט געוואלט הערען איהרע רייד.

פון טאג צו טאג האט זיך געשטארקט זיין ליעבע צו מרים'ען. זיין הארץ איז אויסגעגאנגען פאר איהר, ער האט שוין די ליידען נישט געקענט פערטראגען.

מאנאטען לאנג האט הורדוס געליטען ברענענדיגע פיין. ער האט אלץ געהאפט, אז מרים וועט זיך לאזען איבערבעט־טען. עס איז אבער אלץ געוועזן אומזיסט. ער האט שוין נישט געהאט קיין עצה ווי צוריקצוגעווינען איהר ליעבע. ער האט אויך געזעהן אז אלכסנדרה קען גארנישט פועל'ען. האט ער געשיקט נאך שבנא'ן און איהם געבעטען, ער זאל ווירקען

אויף מרים'ען, זי זאָל אָנהויבען רעדען צו איהם, זאָל זי איהם כאָטש זאָגען פאַרוואָס זי איז אַזוי דערצאָרנט. אפשר וועט ער קענען זי איבערבעטען, ווען ער וועט וויסען די אורזאַך פון איהר כעס.

שבנא האָט מורא געהאַט אָבזאָגען און איז אוועק צו מרים'ען. לאַנג האָט ער מיט איהר גערעדט און דערקלערט איהר די גאַנצע לאַגע.

— אויב איהר ווילט לעבען — האָט שבנא איהר געזאגט — אויב אייערע קינדער זיינען אייך ליעב, רעדט איצט מיט איהם. איצט קענט איהר פיעל מעהר ווירקען אויף איהם.

ער האָט איהר געזאָגט וואָס זי זאָל פאָדערן פון הורדוס'ען. זאָל ער נישט זיין אַזוי איינגעשפּאַרט און האַרט־נעקיג. זאָל ער אוועקשיקען דעם ברודער און די שוועסטער. פאַר דעם זאָל זי שלום מאַכען מיט זיין מוטער און איהר אָבגעבען כבוד. זי זאָל אויך פאָדערן פון איהם, ער זאָל ענדערן זיין רעגירונג. ער זאָל פיהרען דאָס לאַנד אין גייסט פון פאָלק און די תורה. ער זאָל אָבשאַפען די גריכישע און רוימישע מנהגים וואָס ער האָט איינגעפיהרט. דאָס פאָלק וועט אויפהערען זיך בעקלאָגען אויף איהם. ער זאָל אויך מקרב זיין הלל'ען דעם ראש פון די סנהדרין. הלל האָט ליעב אַלע מענשען און דערנעהנטערט זיי צו דער תורה. הלל וועט זיין זיין גוטער לעהרער, דער גוטער מלאך וואָס וועט בעשאַפען אין איהם א ניי הארץ, א ריין הארץ. ער וועט זיך קענען פיהרען גוט און טאָן גוטס אין לאַנד צו אַלע איינוואוינער.

— ווי קען ווערען פון א טמא מענש א ריינער ? — האָט מרים געזאָגט מיט א זיפץ. זי האָט געקענט זיין פערדאָרבען הארץ. דאָך האָט זי צוליעב געטאָן שבנא'ן און געזאָגט, אז זי וועט רעדען מיט הורדוס'ען וועגען דעם.

זי האָט געהייסען שבנא'ן זאָגען הורדוס'ען, אז זי וועט רעדען מיט איהם. אָבער נאָר אין די אויגען פון די חכמים, די פיהרער פון סנהדרין. פאַר זיי וועט זי פאָרלייגען איהרע טענות געגען איהם. זי וועט דאָס הארץ אראָפּרעדען פאַר זיי. וועט איהר גרינגער ווערען. די חכמים וועלען דאָך דע־מאָלט מאַכען שלום צווישען איהר מיט הורדוס'ען, וועט

הורדוס ווערען נעהנטער מיט זיי. עס וועט זיין בעסער פאר איהם און פאר איהר.

שבנא איז אוועק צו הורדוס'ען און איהם איבערגעגעבען מרים'ס פאָדערונגען. ער איז געווען גרייט איינצוגעהן אויף אלעם, נאָר נישט צו הערען ווי זי וועט זיך בעקלאָגען אויף איהם פאר פרעמדע מענשען.

— פאר מיין שוועער הלל דאַרפט איהר גאָרנישט פער־באָרגען — האָט איהם שבנא געזאָגט — ער האָט אלעמען ליעב און איז א גרויסער ענו.

— דיין שוועער איז דאָך דער מאַן, וואָס גלויבט, אז דער מענש קריגט בעצאָהלט פאר זיינע מעשים נאָך אויף דער וועלט ? — האָט הורדוס געפרעגט.

— יא. מיין שוועער האָט געזעהן א קאָפּ שווימען אויפ'ן וואסער, האָט ער געזאָגט צום קאָפּ אזוי : ווייל דו האָסט אַן אנדערן דערטרונקען האָט מען דיך דערטרונקען און דער סוף וועט זיין, אז די וואָס האָבען דיך דערטרונקען וועלען אליין דערטרונקען ווערען".

הורדוס האָט אָנגעהויבען געהן אויף און אב איבער'ן שטוב אין גרויס אויפרעגונג. פּלוצלונג איז ער האסטיג צו־געגאנגען צו שבנא'ן און געפרעגט :

— אויב אזוי קומט אוים, אז א מענש האָט עמיצען אומגעבראכט זאל ער מוזען אוים'הרג'ענען דעם טויטענ'ס קרובים, עס זאל נישט בלייבען ווער עס זאל נעמען נקמה ?...

שבנא האָט א ציטער געטאָן. ער האָט הורדוס'ען פער־שטאַנען. דאָס האָט דאָך הורדוס געטאָן מיט דער חשמונאים פאמיליע. ער מאָרדעט זיי אוים איינציגווייס. נאָר עטליכע זענען נאָך געבליבען, האָט ער זיי געוואָלט ראטעווען און ער האָט געזאָגט רוהיג :

— ניין, הערר קעניג, נישט דאָס מיינט מיין שוועער הלל. דער וואָס בעגעהט א מאָרד בעוואוסטזיניג ווערט קיינמאָל נישט זיכער און ריין. עס איז דאָ א העכערער גואל־הדם פאר אלע מענשען. איינער וואָס נעמט נקמה פאר אומשולדיג פערגאָסען בלוט. און בעצאָהלט דעם מערדער מיט דער פו־לער מאָס. אויב עס איז נישטאָ א נאָהענטער מענש, וואָס זאל זיך אָננעמען פאר דעם פערגאָסענעם בלוט, איז דאָ גאָט, וואָס נעמט זיך אָן. דער מערדער ווערט אונרוהיג. דער־

שראָקען, דאָס געוויסען פייניגט איהם און עסט זיין הארץ ווי א גיפטיגע שלאנג ביז זיין לעצטען אטעם.

הורדוס איז בלאָס געוואָרען און אָנגעהויבען ציטערן. ער האָט זיך אָבער בעהערשט און געפרעגט:

— קענסט בבא בן בוטא'ן? ער לעבט נאָך? וואו איז ער?

— איך קען איהם, ער לעבט און איך וויים וואו ער וואוינט — האָט שבנא געענטפערט.

— פיהר מיך צו איהם — האָט הורדוס איהם בעפוילען.

שבנא האָט פערשטאַנען אז הורדוס מיינט נישט קיין בייז. ער האָט חרטה וואָס ער האָט געטאָן אזויפיעל שלעכטס צו בבא'ן און ער וויל איהם איצט טאָן גוטס, איז ער בעשטאַנען אויף דעם.

הורדוס האָט זיך פערשטעלט, מען זאָל איהם נישט דערקענען און אוועק מיט שבנא'ן אין עמק חרוץ, וואו בבא בן בוטא האָט געוואוינט.

אין א קליין שטיבעל האָט דער אונגליקליכער בלינדער בבא בן בוטא געוואוינט. גוטע פרויען פון ארומיגען פאָלק האָבען איהם געבראכט צו עסען און צו טרינקען. זיי האָבען איהם שטארק ליעב געהאַט און אָבגעגעבען גרויס כבוד. זיי האָבען געזעהן עס זאָל איהם גאָרנישט פעהלען.

בבא בן בוטא איז בעליעבט געוואָרען אין עמק צווישען די אָרימע פון ערשטען טאָג, וואָס ער איז געקומען וואוינען צווישען זיי. געוואונען האָט ער זייערע הערצער איבער דער דאָזיגער געשיכטע:

א איד פון בבל איז געקומען נאָך ירושלים, גענומען א ווייב און זיך בעזעצט מיט איהר אין עמק. ער האָט גערעדט בבלי'יש און זי האָט איהם נישט פערשטאַנען.

איז ער אָפט געוואָרען בייז אויף איהר און זי געפייניגט. די שטילע עהרליכע פרוי האָט געליטען און געשוויגען און אלץ געוואָלט טאָן דעם מאַן'ס ווילען.

איינמאָל האָט ער געהייסען זי זאָל איהם דערלאַנגען צוויי רעטיכער. רעטיך אויף זיין שפראך איז דאָסזעלבע וואָס לייכטער אויף איהר לשון. האָט זי געמיינט אז ער וויל

זי זאָל איהם ברענגען צוויי לייכטער, האט זי אריינגעבראכט צוויי גרויסע לייכטער.

ער איז געוואָרען שטארק אין כעס און געשריגען:

— געה צוברעך זיי אויפ'ן קאָפּ פון "בבא".

ער האָט געמיינט "בבא" א טיר. זי האָט געמיינט ער הייסט צוברעכען אויפ'ן קאָפּ פון "בבא בן בוטא". זי האָט דאָך אַלץ געוואָלט צוליעב טאָן דעם מאַן, איז זי אוועק צו בבא בן בוטא'ס שטיבעל. ער איז געזעסען און געלערנט, האָט זי גענומען ביידע לייכטער און צושמעטערט זיי אויף דעם אַלטען חכם'ס קאָפּ.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער בלינדער חכם בבא בן בוטא געפרעגט דערשראָקען. — וואָס טוסטו?

— מיין מאַן האָט מיך געהייסען — האָט די אָרימע דערשראָקענע פרוי נאַאיוו געענטפערט און דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע.

האָט ער זיך אויפגעהויבען, אַרויפגעלייגט די הענד איבער איהר קאָפּ און זי געבענטשט:

— ווייל דו האָסט די צוויי לייכטער צובראָכען אויף מיין קאָפּ צו טאָן דעם ווילען פון דיין מאַן, זאָל דיר גאָט געבען צוויי זיהן, וואָס זאָלען שיינען און לייכטען פאר אונזער פאָלק...

אַז די איינוואוינער פון עמק האָבען זיך דאָס דערוואוסט, האָבען זיי איהם שטארק ליעב געקראָגען און אָבגעגעבען גרויס כבוד.

הורדוס און שבנא זענען אריין אין דעם אָרימען שטיבעל און געטראָפען דעם בלינדען בבא בן בוטא אליין. הורדוס האָט געענדערט זיין קול און געפרעגט:

— וואָס מאַכט איהר אַלטער?

— מיר איז גוט, א דאַנק גאָט — האָט בבא בן בוטא געענטפערט און נישט געפרעגט ווער ער איז.

— געדענקט איהר, אַלטער, וואָס דער אדומ'ישער קנעכט האָט אייך געטאָן? — האָט הורדוס ווייטער געפרעגט — אייערע קינדער האָט ער דער'הרג'עט, אייערע אויגען אויסגעשטאָכען און איהר שווייגט?

— וואָס וועט מיר אַרויסקומען אַז איך וועל דאָס גע־

דענקען ? — האט בבא בן בוטא רוהיג געענטפערט — מיינע טויטע קינדער וועלען נישט ווערען לעבעדיג און דאס ליכט פון מיינע אויגען וועט זיך מעהר נישט אומקערען.

— שילט איהם, אלטער, א שרעקליכע קללה ! בעט צו גאט, ער זאל נעמען נקמה אן איהם פאר אייך.

— אויב איך וועל טאן וואס דו הייסט מיר, וועל איך זינדיגען אנטקעגען גאט. שלמה המלך האט געזאגט : דעם מלך זאלסטו נישט שילטען אפילו אין דיינע געדאנקען.

— ער איז דאך אבער נישט קיין מלך — האט הורדוס איהם אליין אויספרובירט — ער איז דאך מיט רויב און גזלה ארויף אויפ'ן טראהן פון די חשמונאים.

— מיר איז גענוג אז ער איז נאר אן עושר אדער א נשיא — האט בבא בן בוטא דערקלערט — עס שטעהט געשריבען : אין דיין שלאפצימער אפילו זאלסטו נישט שילטען אן עושר. און דעם נשיא פון דיין פאלק זאלסטו נישט פלוכען...

— דאס מיינט מען נאר א נשיא וואס איז א פרומער, אבער נישט הורדוס, ער פיהרט זיך דאך ווי א גוי.

איך וועל איהם נישט שילטען — האט בבא זיך איינגעשפארט — ווער עס דערצערנט א קעניג פערזינדיגט זיין לעבען.

— איהר האט מורא מען וועט אייך פער'מסר'ען פאר'ן קעניג ? דא איז דאך קיינער נישטא וואס זאל אייך פער'מסר'ען ?

— דער פויגעל פון הימעל טראגט אוועק דאס קול און דער קעניג קען דאס געוואהר ווערען—האט בבא איהם דערקלערט.

— איך בין הורדוס — האט דער בלוטיגער קעניג מעהר נישט געקענט זיך בעהערשען — ווען איך ווייס, אז די חכמים זענען אזוי פארזיכטיג און אויסגערעכענט, וואלט איך זיי נישט דער'הרג'עט. גיט מיר איצט אן עצה מיט וואס איך קען אויסקויפען מיינע שווערע זינד.

— דו האסט אויסגע'הרג'עט די חכמים, די ליכט פון דער וועלט — האט איהם בבא בן בוטא געראטען — טו אזא זאך, וואס זאל זיין א ליכט פאר דער וועלט.

אז זיי זענען ארויסגעגאנגען פון דעם אָרימען שטיבעל האָט הורדוס פריינדליך ארויפגעלייגט זיין האנד אויף שבנא'ן און געזאָגט :

— איצט זעה איך אז די חכמים האָבען טאקי די חכמה פון גאָט אין זיך. אויב עס וועט זיי געלינגען מאכען שלום צווישען מיר מיט מרים'ען און זי זאָל מיך ווייטער ליעב האָבען, וועל איך שטעהן מיט זיי מיין גאנץ לעבען. מאָרגען זאָלסטו ברענגען דיין שוועה הלל הנשיא, בבא בן בוטא'ן, דו וועסט אויך זיין. פאר אייך דריי וועט מרים פאָרלייגען איהרע טענות, איך בין זיכער אז איהר וועט ווירקען אויף איהר, איהר וועט מאכען שלום צווישען אונז און איך וועל אייך זיין אונטערטעניג און אייביג בענטשען אייער נאָמען.

---

צומאָרגענס זענען אלע דריי, הלל הנשיא, בבא בן בוטא און שבנא, געקומען אין פאלאץ. הורדוס און מרים האָבען זיך אוועקגעשטעלט פאר זיי פאָרלייגען זייערע טענות.

מרים האָט איהר גאנץ ביטער הארץ אראָפּגערעדט. זי האָט דערצעהלט די אלע ליידען און פיין, וואָס איהר פאַמיליע איז אויסגעשטאנען פון איהם, וויפיעל פון איהר משפחה ער האָט בייזוויליג אומגעבראכט. עס איז געווען א שוידער דאָס צו הערען.

הורדוס האָט זיך פערענטפערט. ער האָט זיך געדרעהט אויף אלע זייטען. און ווי זיין געוועהנהייט כיטרע און פאלש, האָט ער אויף יעדער אנקלאגע געהאט א תירוץ. די טענות האָבען זיך לאנג פערצויגען, האָט הלל זיך אויפגעהויבען און געזאָגט צו מרים'ען :

— די קעניגין וועט מוחל זיין און זיך איבערבעטען מיט דעם קעניג, זאָל איצט ווערען שלום. נישט אלעמאָל איז דער מענש שולדיג אין דעם וואָס ער טוט. מען טאָר נישט משפט'ען דעם צווייטען ביז מען איז איהם צו גלויבען געקומען און בייגעשטאנען דעם נסיון. בעט זיך איבער.

— און איהר, קעניג — האָט הלל געווענדעט זיך צו הורדוס'ען — בערוהיגט אייך, האלט איין אייער צאָרן און געדענקט, אז דאס וואס איהר האט פיינט זאלט איהר נישט טאָן דעם צווייטען. דאס איז דער עיקר פון דער תורה.

— גרויסער לעהרער, איהר זענט גערעכט — האָט מרים ביטער געשמייכעלט — אודאי דאַרף מען אויסרעכענען יע־נעם. אָבער מיין מאַן האָט מיך צופיעל ליעב. נישט אויף דער וועלט. דאָ לאָזט ער מיך נישט צו נאָהנט צו דער רעגירונג. איך טאָר זיך נישט מישען אין קיין זאך. דערפאַר וויל ער אויף יענער וועלט מיך האָבען לעבען זיך. און נישט נאָר מיך, אויך מיין אונגליקליכע מאַמע...

שבנא און הורדוס האָבען פערשטאַנען וואָס זי מיינט. הלל הנשיא און בבא בן בוטא האָבען נישט געוואוסט און זיי האָבען זי געבעטען, זי זאָל רעדען קלאָר און אָפען.

מרים האָט גלייך געקוקט אויף הורדוס'ען און ער איז בלאַס געוואָרען. זי האָט געזאָגט:

— צוויי מאָל האָט ער בעפוילען זיינע מענשען צו הרג'ענען מיך און מיין מאַמע, די מינוט, ווען זיי וועלען הערען אז ער איז טויט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געגעבען אַזאַ בעפעהל זיין שוואָגער יוסף, ווען ער איז גערופען גע־וואָרען פון אנטאניוס'ען צום געריכט, פאַר דעם פערברע־כען, וואָס ער האָט געהייסען זיינע קנעכט דערטרינקען מיין ברודער אריסתובל...

—און דאָס צווייטע מאָל? — האָט הורדוס בייז געפרעגט און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט א גרין פייער.

— דאָס צווייטע מאָל — האָט מרים רוהיג געענטפערט — ווען ער האט אונז אריינגעזעצט אין פעסטונג אונטער'ן וואַך פון דעם יעטארישען גענעראל שומי.

הורדוס איז אויפגעשפרונגען ווי א שלאַנג וואָלט איהם געביסען און ער האָט אָנגעהויבען שרייען ווילד:

— האָט דיר שומי אויסגעזאָגט דעם סוד? דער מאַן וואָס איז מיר שטענדיג געווען געטריי, האָט מיך פערראַטען, ער האָט דיר אויסגעזאָגט דאָס געהיימנים פון מיין הארץ? ער האָט דאָס נישט געטאָן אומזיסט. ער האָט נישט איינ־געשטעלט זיין לעבען פאַר גאָרנישט. אנדערש נישט נאָר דו האָסט איהם בעצאָהלט מיט דיין לייב פאַר זיין לעבען! מיין שוועסטער שלומית איז גערעכט! — האָט ער געקריצט מיט די ציינער — דערפאַר האָט ער אזוי בעליידיגט מיין פאַ־

מיליע. דערפאר האט ער ארויסגעיאגט מיין מאמע, מיין ברודער און שוועסטער ווען זיי זענען געקומען צו זיין קעפס־ווייב! איצט איז מיר אלץ קלאר!

— איימיאדאיוס! (האלבער איד) — האט מרים גע־שריגען אויף איהם און געציטערט פאר דער שאנד וואס ער ווארפט אומזיסט אויף איהר.

הורדוס האט געגעבען א פאטש מיט די הענד און א גרו־פע סאלדאטען איז אריין אין צימער. ער האט אנגעוויזען זיי אויף מרים'ען און בעפוילען:

— האלט די פערפלוכטע דא פערשלאסען. היט זי ביז איך וועל ארויסטראגען מיין אורטייל אויף איהר.

— איהר געהט אהיים — האט ער שטרענג געזאגט צו הלל'ען, בבא'ן און שבנא'ן — איך דארף אייך נישט מעהר. איך דארף איצט נישט מענשען וואס זאלען ברענגען פרידען, נאר הענקערס, וואס זאלען ברענגען דעם טויט פאר איהר.

ווי זיי האבען שוין געוואלט ארויסגעהן, האט ער פלוצ־לינג אבגעשטעלט שבנא'ן און גיפטיג געזאגט:

— דו, עהרליכער לעהרער, דו ביזט דאך געווען מיט איהר אין דער אלכסנדר פעסטונג — אזוי האסטו געפאלגט מיינע בעפעהלען? אזוי האסטו אבגעהיט מיין פרוי זי זאל נישט בעגעהן קיין פערברעכען? סאלדאטען, נעמט איהם, זעצט איהם איין אין צווייטען צימער און היט איהם ביז איך וועל בעשליסען וואס צו טאן מיט איהם!

---

אין א רגע האט זיך אלץ איבערגעקערט. הורדוס האט געזוכט שלום, פרידען. האט די אייפערזוכט זיך אבער צור־ברענט אין איהם, האט ער די שלום־מענשען ארויסגעטריבען, פעריאגט ווי דער ווינד יאגט די פלעוועס.

שבנא'ן האבען זיי איינגעזעצט אין א צימער לעבען דעם קעניגליכען זאל און די סאלדאטען האבען איהם שטארק גע־היט. הורדוס איז ווילד אריין אין זאל און הויך בעפוילען זיין ברודער פעראס'ן צו שטעלען א וואך אויף מרים'ס מוטער אלכסנדרה, און גלייך צו ברענגען דעם יעטארישען גענעראל שומי.

פעראס איז ארויס און הורדוס איז געבליבען אליין.

ער איז ווילד געלאָפּען אהין און צוריק. ווי א לייב אין א שטייג האָט ער זיך געריסען און געלאָפּען משוגע. ער האָט פּלוצלינג אָנגעהויבען שרייען און ברומען און גאָר אויסגע־בראָכען אין א שרעקליך וואיענדען געוויין.

שבנא האָט דאָס אַלץ געהערט און ער האָט זיך גע־טראַכט : אָט ער שטורעמט זיך אויס. באַלד וועט ער זיך בערוהיגען. ער וועט איינזעהן אז ער איז בעגאנגען א פעה־לער און זיך איבערבעטען.

אין דעם האָט מען שטיל אָנגעקלאַפּט אן הורדוס'עס טיר.

— ווער איז ? — האָט הורדוס צומישט געפרעגט, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון א שווערען חלום.

— איך, פּאָליוס, דיין קנעכט וואָס דערלאַנגט דיר דעם בעכער.

— וואָס ווילסטו ?

— איך האָב א וויכטיגע זאַך צו זאָגען דעם קעניג.

הורדוס האָט די טיר געעפענט. פּאָליוס האָט זיך געוואָר־פען פאר זיינע פיס און געזאָגט :

— איך קען נישט בעהאַלטען פון מיין הערר דעם קעניג דעם סוד וואָס איך טראָג שוין אין הארצען א גאַנצען טאָג. איך האָב אזא געווירץ וואָס דערוועקט גרויס ליעבע ביי א מאן צו א פרוי. איך האָב דאָס געווירץ מיט זיך אויף אריינ־צוטאָן אין דיין וויין דו זאָלסט שטארק ליעב האָבען די קע־ניגין.

הורדוס איז געוואָרען אָנגעצונדען, האָט אָנגעכאַפּט פּאָליוס'ען פאר'ן האַלז און געשריגען :

— דו נידערטרעכטיגער ! ווייניג האָב איך ליעב די פאַלשע פרוי ? דו ווילסט נאָך פערשטארקען מיין ליעבע, איך זאָל מעהר ליידען, מיין פערוואונדעטע הארץ זאָל נאָך מעהר ליידען ? אויב דו האָסט אזא געווירץ, גיב עס איהר צו טרינקען, אפשר וועט זי מיך ליעב קריגען, איך וועל נישט ליידען מעהר און מיין הארץ וועט זיך אויסהיילען פון דעם שרעקליכען וועהטאָג.

מיט איין האַנד האָט ער איהם געהאַלטען פאר'ן האַלז און געטרייסעלט שטארק און מיט דער צווייטער האָט ער

איהם דערלאַנגט אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ.

— הערר קעניג ! — האָט דער קנעכט זיך געבעטען קאָרטשענדיג זיך אונטער זיינע שטאָלענע פויסטען — איך בין נישט שולדיג. דאָס געווירץ איז נישט מיין. איך האָב עס געקראָגען נאָך נעכטען. איך האָב זיך נישט צוגעריהרט דער־צו. אַ גאַנצען טאָג האָב איך עס געהאַלטען. נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. צוערשט האָב איך עס געוואָלט אוועקוואַרפען און נאָרנישט דערצעהלען. איך האָב זיך אָבער בעזיננען. איך טאָר דאָס נישט פערבאָרגען, טאָמער איז דאָס גיפט... אויב דער הערר קעניג וועט איצט דאָס נישט געוואָהר ווערען, קען שפּעטער אַן אנדערער דאָס טאָן פאַר געלד און ברענגען אַ גרויס אונגליק אויפ'ן קעניג און אויף אונז אלע.

— ווער האָט דיר געגעבען דאָס געווירץ ? — האָט הורדוס געפרעגט.

— דאָ איז דאָס געלד און דער גאָלדענער האַלזבאַנד וואָס איך האָב בעקומען, איך זאָל דאָס טאָן.

— האַלט עס דיר. איך וועל דיר געבען טאָפּעלט. נאָר זאָג מיר דעם אמת : ווער האָט דאָס דיר געגעבען ?

— זאָל דער הערר קעניג נישט זיין בייז. איך האָב גע־שוואוירען ביי מיין לעבען, אַז איך וועל נישט אויסזאָגען, ווי קען איך ברעכען מיין שבועה ?

— אידיאָט ! — האָט הורדוס געשריגען און איהם ווי־דער אָנגעכאַפּט מיט זיינע אייזענע פינגער — אויב דו וועסט מיר נישט די מינוט זאָגען, וועל איך דיך צומאָלען אויף שטויב !

— איך וועל זאָגען, נאָר זאָל דער הערר קעניג נישט זיין בייז אויף דער פרוי, וואָס האָט דאָס מיר געגעבען. אפשר איז דאָס טאַקי אַ סגולה צו ליעבע...

— מאַך עס גיכער, איך וועל דיך דערשטיקען !

— איך האָב אָבער מורא, אַז זי וועט אויף מיר ווערען בייז און איך בין פערלוירען. די ביזט דער קעניג און זי... די קעניגען, ווי וועל איך ביישטעהן איהר צאָרן ?

— מרים ? ! — האָט הורדוס ווילד געשריגען ווי אַ פערוואונדעטער לייב און זיך געריסען די האָר פון קאָפּ.

שלומית איז אריין און געזאָגט :

— איך האָב אַלץ געהערט. דער יעטאַרישער פּעררעטער איז שוין דאָ אין פּאַלאַץ. לאָמיר איהם אויספּרובירען. הייס דערלאַנגען אַ בעכער ווייַן געמישט מיט דעם געווירץ. און שומי זאָל עס אויסטרינקען. איז דאָס אַ ליעבע־געווירץ וועט גלייך אויפגעדעקט ווערען זייַן ליעבע און תאוה צו מרים׳ען. וועט דאָס זייַן גיפט וועלען מיר ווייסען אַז מרים וויל דיך פּערגיפטען און יונגערהייט אומברענגען.

הורדוס האָט געגעבען אַ בעפעהל אַזוי צו טאָן. שומי האָט אויסגעטרונקען דעם בעכער ווייַן. באַלד האָט זיך זייַן פּנים שרעקליך אויסגעקרימט. עס האָט געוואָרפען איהם אין די שווידערליכסטע קאָנוואולסיעס, ער האָט זיך געקייקעלט אויף דער ערד און זיך געצאַפּעלט און עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז ער אויסגעגאַנגען.

ווי אַ צורייצטער טיגער איז הורדוס אויפגעשפּרונגען און ווילד געברומט:

— און דאָס האָט די העלישע פרוי מיר געטאָן דעם זעל־בען טאָג, וואָס איך האָב איינגעלאַדען איהרע פריינד צו מאַ־כען שלום צווישען אונז! אָט אַזאַ שלום האָט זי געוואָלט מאַכען מיט מיר. אַזאַ פרידען, דעם פרידען פון טויט! איצט איז איהר סוף! איך וועל זי אומברענגען. איך וועל זי אויכ־ראָטען. איהרע פרייַנד מעגען ברענען פון כעס איך וויל הייַנט גראָבען איהר קבר!

די שרעקליכע בשורה האָט זיך אַרויסגעטראָגען פון קע־ניגליכען פּאַלאַץ און פערשפּרייט געוואָרען אין ירושלים. די שטאָדט האָט אויפגעציטערט. אַלע זענען אַרומגעלאָפען דערשראָקען. גרויס און קליין האָט אין גרויס ציטערניש גע־צויגען צום פּאַלאַץ און עס האָט אויסגעזעהן ווי דאָס פאָלק איז געקומען בעלאַגערן דעם קעניג׳ס הויז.

הורדוס האָט אויסגעשטעלט פיעל מיליטער אויף די טורעמס פון דעם מויער, בעפעסטיגט אַלע אַריינגאַנגען און אָנגעזאָגט צו דערשטיקען מיט דער שטרענגסטער מאַכט יעדען ריהר אָדער אויפשטאַנד, וואָס דאָס פאָלק וועט פּרו־בען מאַכען געגען קעניג.

## מרים'ס טויט

הורדוס האָט געהייסען אריינפיהרען שבנא'ן און איהם שרעקליך געפייניגט, ער זאָל איהם אויסזאָגען וואָס ער וויים וועגען מרים'ען און שומי'ן.

שבנא האָט איהם דערצעהלט דעם גאַנצען אמת, מרים'ען האָט פערדראָסען, וואָס ער האָט זי איינגעזעצט אין פעס־טונג, ווי זי וואָלט געווען א געפאנגענע. זי האָט זיך דער־מאָנט דאָס גאַנצע שלעכטס וואָס ער האָט פריהער געטאָן איהר פאַמיליע. און אַז שומי האָט איהר אויסגעזאָגט זיין געהיימען בעפעהל צו דערמאָרדען זי און איהר מוטער, האָט זי שוין מעהר נישט געקענט ליידען.

שבנא האָט געוואָלט דערקלערען איהם אַז מרים איז אונשולדיג, נאָר הורדוס האָט איהם שארף אָבגעהאקט:

— איך וויל וועגען דעם גאָרנישט רעדען. קיין וואָרט זאָלסטו רעדען וועגען איהר! דו ביזט פריי.

שבנא האָט געמוזט שווייגען. ער איז אָבער נישט אוועק פון פּאַלאַץ כאָטש ער איז געווען פריי. ער האָט געזעהן אַז מרים איז אין א גרויס געפאהר, האָט ער זי נישט געוואָלט פערלאָזען.

ער האָט געלאָזט וויסען זיין פאַמיליע אַז ער איז פריי נאָר ער וועט נישט אהיימקומען פריהער ביז ער וועט וויסען דעם אורטייל איבער מרים'ען.

א סך בייז, פיעל שלעכטס און פאַלשע בלבולים האָט שבנא געהערט זאָגען אויף מרים'ען. ער האָט אָבער געמוזט בלייבען שטום. ער האָט איהר לעבען נישט געקענט ראַטע־ווען.

הורדוס האָט גלייך געשיקט רופען מנחם דעם עסעיער מיט זיינע תלמידים. זיי זאָלען זיין מרים'ס ריכטער. און ער האָט זיי שטרענג אָנגעזאָגט, אַז זיי מוזען ארויסגעבען דעם אורטייל דעם אייגענעם טאָג.

די עסעיער האָבען געהאסט די חשמונאים ווי דעם טויט. עס איז געווען אַן אַלטע שרעקליכע שנאה וואָס איז איבער־געגאַנגען פון עלטערן צו קינדער. די עסעיער זענען געווען פון די ערשטע "חסידים", וואָס זענען צוגעשטאַנען צו

מתתיהו'ן און יהודה המכבי. אין די מלחמות מיט די סיריער און די העלעניסטען האָבען די עסעיער איינגעשטעלט זייער לעבען און געהאָלפען דעם אידישען נצחון. זיי זענען אָבער געווען שטאַרק געגען דעם פרידען וואָס די חשמונאים האָבען געשלאָסען מיט די פעלקער און דעם בונד מיט רוים. זיי האָבען דאָס געהאַלטען פאַר א גרויסע זינד, און נאָכמעהר האָט די עסעיער פערדראָסען, וואָס די חשמונאים האָבען זיך געלאָזט קרוינען אַלס קעניגען נאָך איידער משיח איז געקומען. זייער האַס איז געוואָרען טיפער ווען די חשמונאים זענען געווען קעניגען און כהנים אין דער זעלבער צייט.

די גרויסע שנאה האָט דערווייטערט די עסעיער פון די חשמונאים און פון פאָלק, וואָס האָט געהאַלטען מיט די חשמונאים. זיי האָבען פערלאָזט די שטאָדט און די דערפער און זיך בעזעצט אין הייהלען אויפ'ן ברעג פון ים המלח. אז זייער פיהרער מנחם איז פון הורדוס'ען בעשטימט געוואָרען אלס אב־בית־דין פון סנהדרין, האָבען זיך ארומגעקליבען ארום איהם א סך עסעיער און געדינט געטריי הורדוס'ען, וואָס ער האָט זיי געגעבען אזויפיעל מאַכט.

פאַר די שונאים וואָס האָבען גרינגגעשאַצט די תורת און דאָס לערנען און עס פערביטען אויף דעם קעניגליכען דינסט, איז מרים געשטעלט געוואָרען צום געריכט. הורדוס האָט זי בעשולדיגט אין שרעקליכע פערברעכענס, וואָס מרים האָט גאָרנישט געוואוסט פון זיי. ער האָט זי בעשולדיגט אז זי האָט געשיקט איהר בילד צו אנטאָניוס'ען. אז זי האָט זיך געליעבט מיט זיין שוואָגער יוסף. אז זי האָט איהם פערדאַטען מיט דעם יעטארישען גענעראַל שומי און אז זי האָט איהם געוואָלט פערגיפטען.

מרים האָט געזעהן אז הורדוס איז איצט פעסט בעשלאָסען זי אומצוברענגען, האָט זי זיך נישט געוואָלט גאָר פערטיידיגען פאַר די דאָזיגע ריכטער, א גרופּע פאַלשע מענשען, פאָלקס־פעררעטער, חנפעניקעס, וואָס וועלען אורטיילען ווי דער קעניג און זיין שוועסטער און ברודער וועלען הייסען. זי איז געווען צו שטאָלץ צו דערנידריגען זיך פאַר זיי און בעווייזען דאָס פאַלשקייט פון די אַלע בלבולים.

אנשטאט זיך צו פערטיידיגען האט זי גאר אנגעקלאגט הורדוס'ען. שטאלץ און בייז האט זי אויסגערעכענט די אלע געברענטע פיין, וואס הורדוס האט איהר אנגעטאן. זי האט אנגערופען יעדען נאמען פון איהרע אייגענע, וואס הורדוס האט נידערטרעכטיג און געמיין אומגעבראכט. זי האט הורדוס'ען שטארק געזידעלט, גערעדט צו איהם שארפע בייזע רייד, האט איהם בעליידיגט און דערנידריגט. איהרע רייד האבען איהם געברענט ווי קאכעדיגע פעך. איהרע בע־שולדיגונגען האט זי געגאסען אויף זיין בלוטיגען קאפ ווי ברענענדיגער שוועבעל.

הורדוס האט מעהר נישט געקענט אויסהאלטען און ברע־נענדיג פון גרויס צארן, איז ער ארויס. ווי ער איז ארויס האט מרים אויפגעהערט פארצולייגען איהרע שארפע בע־שולדיגונגען און זי האט רוהיג געזאגט צו די ריכטער:

— איילט זיך צו. מאכט דאס גיכער. טראגט ארויס א טויט־אורטייל. מיין לעבען איז מיר מיאוס געווארען. איך וויל שטארבען.

די פאלשע ריכטער האבען געטאן איהר פערלאנג. זיי האבען זי פער'משפט צום טויט.

רוהיג האט זי אויסגעהערט דעם אורטייל און זי האט זיך געווענדעט צו די ריכטער און געזאגט:

— איך דאנק אייך פאר דעם אורטייל. דער טויט וועט מיך אויסלייזען פון דעם מאן וואס עקעלט מיך און פון דעם טרויעריגען לעבען מיינס, וואס איז פול צער און שרעקליכע ליידען.

אז די קנעכט און די דינסטען האבען זיך דערוואוסט פון דעם שרעקליכען אורטייל האבען זיי אויסגעבראכען אין א יאמערליך געוויין. די הויף־דאמען האבען הויך געקלאגט. עס האט זיי שטארק וועה געטאן וואס די גוטע קעניגען וועט געפיהרט ווערען צום טויט. דאס געוויין, די קלאג און געיא־מער האט אנגעפילט דעם פאלאץ און דעם גאנצען הויף.

קיינער האט נישט געשטערט דאס געוויין. אויף שלומית'עס עצה האט הורדוס בעפוילען דאס וויינען זאל נישט ווערען געשטערט. מרים זאל הערען דאס יאמערן און איהרע ליידען זאלען ווערען שארפער און גרויזאמער. דאס

געוויין האָט זיך אַרויסגעטראָגען פון קעניגליכען הויף און דאָס פאָלק וואָס האָט זיך פערזאמעלט ארום דעם פּאַלאַץ האָט אויפגענומען דאָס געוויין און אויסגעבראָכען אין א שרעקליכען יאָמער. גאַנץ ירושלים האָט געקלאָגט און גע־וויינט און דאָס געוויין האָט זיך געטראָגען אויף מיילען און געשפּאָלטען די הימלען.

אַליין איז הורדוס געזעסען אין זיין צימער און זיך גע־וואָרפען פון קעלט אין היץ און פון היץ אין קעלט. זיין האַרץ איז איהם צושפּרונגען פון דעם ים געפיהלען וואָס האָט גע־שטורעמט און געברויזט אין איהם. דאָ האָט ער געברענט פון אייפערזוכט און דאָ געפלאַקערט פון ליעבע. דאָ איז ער געוועזען פול מיט נקמה און אָט איז ער אויפגעגעסען געוואָרען פון גרוים רחמנות.

אין דעם שטורם פון געפיהלען האָט אויפגעשיינט א האָפנונג פאר איהם, אז מרים וועט זיך דערשרעקען פאר'ן טויט און זי וועט זיך אונטערגעבען. זי וועט איהם בעטען ער זאָל איהר מוחל זיין. די האָפנונג האָט איהם אָבגענאַרט.

אז מרים איז אַרוים פון געריכט, איז זי אריין צו זיך אין צימער, האָט זי נאָר געבעטען מען זאָל אריינברענגען איהרע קינדער און איהרע קנעכט און דינסטען און הויף־דאמען זאָל מען צולאָזען צו איהר צו געזעגענען זיך פאר'ן טויט. זי האָט נישט געבעטען קיין אויסנאַמען. דאָס איז ערלויבט יעדען איינעם וואָס איז פער'משפט צום טויט.

איהר פערלאַנג איז געוואָרען דערפילט. אלע זענען צוגע־לאָזט געוואָרען צו איהר, נאָר איהר מוטער אלכסנדרה האָט הורדוס נישט געוואָלט צולאָזען. וויפיעל זי האָט זיך גע־בעטען האָט נישט געהאָלפען, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט. זי טאָר מעהר נישט זעהן איהר מוטער. מיט אַלע האָט זי זיך רוהיג געזעגענט.

אז מען האָט אַריינגעבראַכט איהרע צוויי שעהנע ליכטיגע קינדער איז זי געפאַלען אויף זייערע העלזער און שטאַרק גע־וויינט. די קינדער האָבען נישט געוואוסט וואָס פאר אַן אונגליק עס געהט אויף זיי און זיי האָבען געפרעגט דער־שראָקען:

— מאַמע, וואָס ווייגסטו ? . . .

דאָס געוויין פון די קליינע קינדער מיט מרים'ס טרערען האָבען זיך אויסגעמישט מיט דעם געוויין פון דער שטאָדט ירושלים און די ערד האָט אויפגעציטערט.

מרים האָט זיך געזעגענט מיט אַלעמען אין גרויסען באַל־צימער. אין דעם זעלבען צימער וואו זי האָט אויפגענומען רייכע, גרויסע געסט האָט זי זיך געזעגענט מיט איהרע גוטע פריינד איידער מען האָט זי אוועקגעפיהרט צום טויט. שבנא און אַלע הויף מענשען זענען געשטאַנען לעבען טיר און שטאַרק געוויינט. איז ארויסגעקומען מרים'ס אַלטע אַם מיט אויגען רויט פון טרערען. זי איז געשטאַנען לעבען מרים'ען, ווען זי האָט זיך געזעגענט מיט די קינדער. וויינענדיג שטיל האָט די אַלטע אַם געבעטען אַלעמען:

— הערט אויף וויינען. מיין קינד (מרים) בעט אייך איהר זאָלט נישט וויינען. אייער געוויין צוברעכט איהר הארץ. באַלד וועט זי קומען צו אייך זיך געזעגענען. וויינט נישט. מיין אונגליקליך קינד וויל שטאַרבען העלדיש, ווי עס פּאַסט פאַר די חשמונאים. מיין אָרים קינד האָט שוין גע־זאָגט ודוי. וויינט נישט — האָט די אַלטע אַם געבעטען און אַליין שטאַרק געיאָמערט — זי איז יעצט געגאַנגען זיך וואַ־שען און איבערטאָן — באַלד קומט זי ארויס. זייט רוהיג. צוברעכט זי נישט.

די אַלטע אַם איז צוריק אריין. שבנא און די הויף לייט האָבען זיך געשטאַרקט. נישט געוואָלט וויינען. די הערצער האָבען געיאָמערט און געשריגען, און די אויגען האָבען גע־רונען טייכען טרערען.

די טיר האָט זיך געעפענט. מרים איז ארויסגעקומען זי איז געווען אָנגעטאָן אין ווייסען ווי יום כפור. קיין שום צירונג האָט זי נישט געטראָגען. איהרע וואונדערליכע לאַנגע בלאָנדע האָר זענען געווען גוט פערפלאָכטען און ארומגעווי־קעלט ארום קאָפּ. דער ווייסער געטאָקטער האַלז אויפגע־דעקט ווי זי וואָלט דאָס צוגעגרייט פאר דער שאַרף פון שווערד. די אַלטע אַם איז נאָכגעגאַנגען און געטראָגען א קעסטעל. אין קעסטעל איז געלעגען א גרויסער בויגען פּאַ־פּיר בעשריבען פון אַלע זייטען.

אַלע האָבען זיך געשטעלט אויף די קניהען פאַר איהר און טיעף זיך געבוקט.

— שטעלט זיך אויף ! — האָט זי געזאָגט מיט אַ פעסטער שטימע.

גיך האָבען אַלע זיך אויפגעהויבען, געשטאַנען גלייך און אין די הערצער האָט זיך געזאַמעלט אַ גרויסער שטורם. און מרים האָט אָנגעהויבען זיך געזעגענען:

— איך געה יעצט אויף דעם וועג וואָס אַלע מענשען געהן . . . איך געה אויף דעם וועג, וואָס איך וועל זיך שוין נישט אומקערען צוריק . . . האַלט זיך מוטיג ווען איך געזעגען זיך מיט אייך. פרעהליך געה איך צום טויט וואָס וועט מיך אויסלייזען פון מיינע אַלע אָפענע און פערבאָרגענע לייידען און פיין . . . איך האָב אייך אַלעמען אין זין געהאַט, אַלעמען געדענקט . . . יעדען איינעם האָב איך געלאָזט אַן אַנדענק. דאָס איז פערשריבען אויף דעם דאָזיגען פאַפיר. די צוואה האָב איך שוין געשריבען לאַנג צוריק. איך האָב געוואוסט אַז אַזוי וועט זיין דער סוף . . . דיר, לעהרער מיינער, — האָט זי זיך געווענדעט צו שבנא'ן און געקוקט אויף איהם מיט איהרע רוהיגע טויבען אויגען — איך ווייס דיין וועהטאָג, דיין צער . . . דו ביזט אויך בעגאַנגען דעם זעלבען פעהלער מיך צו הייסען חתונה האָבען מיט דעם מאַן, וואָס מיין הארץ האָט אַזוי געציטערט פאַר איהם. ביזט דאָך אויך נאָר אַ מענש און געמאַכט אַ טעות . . . זאָל דיר נישט באַנג טאָן. דו האָסט געמיינט צום גוטען . . . נאָר גאָט האָט געפונען מיינע זינד און מיך היינט געשטעלט צום משפט . . . נאַדיר, לעהרער מיינער, מיין קדושין פינגעריל . . . מיט דעם פינגעריל האָט מיך מיין מערדער מקדש געווען פאַר דיינע אויגען. דו ביזט געווען דער עדות. נאַדיר דאָס קדושין פינגעריל און זאָל דאָס זיין אַ בעוויז פאַר דיר אַז איך בין גערעכט און ריין . . . איך האָב נישט פערשוועכט דאָס קדושין פינגעריל און נישט פערפלעקט זיין ריינקייט . . . גאָט ווייס מיין עהרליך האַרץ. איך בין ריין פון די אַלע זינד, וואָס עס וואַרפען אויף מיר מיינע אומזיסטע פיינד . . .

דורך'ן פענסטער האָט מען געזעהן פאַרביירייטען אַן אבטיילונג רייטער פון דעם גוי'אישען מיליטער. די רייטער

האבען זיך אבגעשטעלט און אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען אַנהויבענדיג פון מרים'ס צימערן ביז'ן טויער. די געריכטס־בעאמטע האבען געבראכט צופיהרען דעם שווארצען וואָגען און דערנעהנטערט זיך צום אריינגאנג. דער וואגען איז געווען געשפּאַנט צו שווארצע פערד און געהילט אין שוואַרצען.

דאס געוויש פון די רייטער, דאס הירזשען פון די פערד און דאס געקלעפּער פון דעם שווארצען וואגען האט מרים'ען אויפגעוועקט פון איהר שמועס מיט שבנא'ן און זי האט הויך אויפגעהויבען איהר שטימע און געזאגט:

— זייט געזונד, מיינע טייערע פריינד, שלום צו אייך! שלום און פריעדען צו מיין פאָלק וואס איז מיר אזוי טייער... שלום און פרידען צו אונזער שטאָדט ירושלים און צום הייליגען לאנד, זאל גאט געבען אז די שווערד וואס איז אויסגעשטרעקט איבער מיין קאָפּ זאל זיך נישט אויסשטרעקען אויף אונזער הייליג לאנד פון די הענד פון די רשעים, וואס האבען זי בערויבט. זייט געזונד, שלום און פרידען צו אייך און זאל אייך גאָט בענטשען!

אז זי האט געענדיגט, האט זי אויסגעשטרעקט איהרע ווייסע איידעלע הענד. שבנא און אלע הויף לייט האבען זיך געוואָרפען אויף די קניע און מיט גרוים ליעבע געקושט איהרע איידעלע הענד און זיי פערגאָסען מיט זייערע זודיגע טרערען. מיט איהרע טויבען אויגען האט זי נאָכאמאָל געקוקט אויף זיי און שטיל ארוים אין דרויסען.

פעסט און שטאָלץ איז זי ארויפגעגאַנגען אויפ'ן שוואַרצען וואָגען. פּאמעליך איז דער וואָגען דורכגעגאנגען מיט איהר דורך די רייטער רייהען ביז זי איז צוגעקומען צום טויער.

דא האט זי געהאט אַ שוידערליכע בעגעגעניש. איהר מוטער איז געשטאַנען לעבען דער פערפלוכטער שלומית. א בלאַסע און ציטערנדיג האט די מוטער געזאָגט צו איהר:

— טאָכטער מיינע, דו ביזט שולדיג אין דיין טויט. דו האסט נישט געוואָלט פאָלגען דיין מעכטיגען מאן, וואס האט דיך אזוי שטאַרק ליעב...

מרים האָט זיך געטראָפען מיט די מוטער'ס אימה־דיגע בליקען. זי האט געזעהן ווי זי ציטערט און זי האט

פערשטאַנען אז די מוטער האט דאס נישט געזאגט מיט איהר גוטען ווילען, נאָר הורדוס האט זי געצוואונגען דערצו, נאָכ־מעהר צוצוברעכען און פעראומערן די מוטער מיט דער טאָכ־טער.

מרים האט גאר נישט געענטפערט. נאָר טרויעריג געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ. זי האט בעדויערט איהר שוואכמוטיגע מו־טער, וואס טוט אלץ אין דער וועלט אבי נישט צו שטארבען. זי איז אבער זיכער געווען אז די מוטער וועט זיך נישט רא־טעווען פון א שרעקליכען טויט, וואס הורדוס גרייט צו פאר איהר.

אלכסנדרה איז גלייך צוריקגעפיהרט געוואָרען אין איהר געפענגניש, און שלומית האט אנגעהויבען נאָכגעהן דעם שווארצען וואָגען. זי האט געוואָלט צוזעהן מרים'ס טויט און האבען נקמה. די מאסען פרויען וואס זיינען געשטאַנען אויפ'ן וועג האָבען געוואוסט אז שלומית איז מרים'ס מלאך המות. דורך איהר העצען און רייצען הורדוס'ען מוז די געליעבטע קעניגין שטאַרבען. זענען אלע זי בעפאַלען מיט גרויסע גע־שרייען און זידלעריי. אנגעשאָלטען פול מיט טויטע קללות. שלומית האָט זיך דערשראָקען און זיך אומגעקערט אין פאַלאַץ.

פאַמעליך איז געגאַנגען דער שווארצער וואָגען צווישען די צוויי רייהען בעוואפענטע סאלדאטען. פּלוצלונג איז געוואו־רען א גרויסער טומעל און געשריי. טויזענדער הענד פון דעם פערזאַמעלטען פאָלק מיט שליידער שטיינער האָבען זיך אויפגעהויבען איבער די קעפּ פון מיליטער. דאס פאלק האט זיך געווארפען מיט שטורם אויף דער וואך און דעם שוואר־צען וואגען אבגעשטעלט.

א רגע האט געפעהלט און עס וואלט אויסגעבראכען א פאָרכטיגע שלאכט. בלוט וואלט זיך געגאָסען ווי וואסער. האט זיך מרים גיך אוועקגעשטעלט און מיט אלע כחות גע־שריגען צום פאָלק עס זאָל זיין רוהיג.

— ברידער! הערט מיך אויס—האָט זי געשריגען—קינדער דער פון מיין פאָלק, הערט מיינע רייד און גאָט וועט אייך הערען. ווען איך וואלט געוואָלט די הילף פון א מענשען, וואלט איך דאך נישט געווארט ביז איצט. ווען מיין טויט איז

נאָהנט. איך וואלט אייך גערופען א סך פריהער נאָך איידער די שרעקליכע שעה איז געקומען. גאָט איז מיין עדות אז אייער לעבען איז מיר טייערער ווי מיין לעבען. איך בעשווער אייך ביים נאָמען פון הייליגען גאָט איהר זאלט זיין רוהיג. דאס איז דער ווילען פון גאָט און וואס איז דען דער מענש ער זאל פערשטעהן גאָט'ס וועגען. מיינע ברידער און שוועסטער, איהר זענט מיר טייערער פון מיין לעבען. איך האב צו אייך איין בקשה: האלט זיך רוהיג, שטערט נישט מיין טויט. לאָזט מיך שטארבען רוהיג. האט רחמנות, טוט מיר די גענאָד און לאָזט מיך שטארבען רוהיג.

די זון האט זיך ארויסגעשיילט פון די וואָלקענס און צו־שאָטען איהרע גאָלדענע שטראהלען איבער'ן גאנצען פּלאַץ. א גרויס ליכט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף דער וואונדער שעהנער קעניגין. אין זון־ליכט האָבען איהרע וואונדערליכע האָר געשיינט ווי א גינגאָלדענע קרוין. א ליכט פון הימעל האָט גערוהט אויף איהר פּנים ווען זי האָט גערעדט. דאָס פאָלק האָט אראָפּגעלאָזט די הענד מיט די שליידער־שטיינער, געשטעלט זיך אויף די קניהען און אויסגעשטרעקט די הענד צו א ברכה.

מרים'ס אויגען זיינען געוואָרען פול טרערען. זי האָט זיך אבער געשטארקט און אויסגעשטרעקט איהרע הענד. איהר פּנים האט געשטראהלט פון א וואונדערליך ליכט און זי האט רוהיג זיי געגעבען איהר לעצטע ברכה:

— שלום און פריעדען צו אייך, ברידער און שוועסטער! שלום און פרידען צו דעם נאָהנטען און וויימען. זייט געזונד, זייט געבענטשט און זאל מיין טויט זיין א כפּרה און א פער־געבונג פאר אייך אלע!

מרים האט זיך צוריקגעזעצט. א שרעקליך געוויין האט אויסגעבראכען. א געוויין פון א פאָלק אויפ'ן טויט פון זיין טייערע מלכה. די סאלדאטען, די גוים, האבען אויך געקלאָגט. זיי האבען זיך נישט געקענט בעהערשען. דאס גרויסע אונ־גליק האט געריהרט זייערע שטיינערנע הערצער און זיי האבען מיטגעוויינט מיט'ן גאנצען פאלק.

דער שווארצער וואגען איז צוגעקומען צו דער גאלגאטא און זיך אָבגעשטעלט. עטליכע בעריהמטע פרויען זענען צו־

געקומען צו מרים'ען און איהר דערלאנגט א בעכער וויין גע־מישט מיט וויירויך. דאס קריגט יעדער פער'משפט'ער צום טויט. עס צומישט איהם און ער ווערט פערשלעפערט, ער זאל נישט פיהלען דעם טעם פון טויט. מרים האט נישט געוואלט טרינקען דעם וויין און געזאגט:

— איך וויל שטארבען ביים קלארען זינען. איך גלויב אין גאט און גאט וועט מיר געבען כח און מוטה צו שטארבען רוהיג....

---

אין אידישען לאנד איז אזוי געוועז דעמאלט דאס געזעץ ביים אויספיהרען א טויט אורטייל אויף דעם פער'משפט'ען:

באלד ווי דער טויט אורטייל איז געווארען ארויסגע־זאגט איז א מאן מיט א גרויסען פאהן געשטאנען לעבען טיר פון געריכט. א רייטער איז נאכגעריטען דעם פער'משפט'ען און ער האט כסדר געקוקט אויף דעם פאהן. אויב איינער פון די ריכטער האט געוואלט זאגען א גוט ווארט פאר דער בע־פרייאונג פון דעם פעראורטיילטען, האט מען דאס אנגעזאגט דעם מאן מיט'ן פאהן. האט ער שטארק אויפגעהויבען דעם פאהן און געגעבען א צייכען.

דער רייטער האט דערזעהן דעם צייכען און מען האט דעם פעראורטיילטען צוריק געפיהרט צום סנהדרין. נאכאמאל האט מען געעפענט דעם משפט, אפשר וועט דער פעראור־טיילטער ארוים פריי.

דאס זעלבע איז געטאן געווארען מיט מרים'ען. די ריכ־טער זענען געבליבען אויף זייערע ערטער און דער רייטער איז נאכגעפאהרען נאך דעם שווארצען וואגען. דער מאן מיט דעם פאהן לעבען טיר פון געריכט איז אבער נישט געשטאנען. אזוי האט הורדוס בעפויהלען. ער איז זיכער געווען אז די ריכ־טער, וואס זענען זיינע בלינדע שקלאפען וועלען נישט זוכען קיין זכות מרים'ען. ער האט אבער געהייסען נאכטראגען דעם פאהן נאכ'ן שווארצען וואגען. אויב מרים וועט האבען חרטה, זי וועט איהם וועלען איבערבעטען, וועט מען געבען א צייכען מיט דער פאהן און ער וועט בעפעהלען זי אומצוקערען.

הורדוס איז געווען ביי זיין מוטער אין צימער. זי איז געלעגען קראנק. די גאנצע צייט איז ער געשטאנען לעבען

פענסטער און געהאַלטען די אויגען אויפ'ן שווארצען וואָגען. ער איז געשטאַנען און צאפּעלדיג געוואַרט דער רייטער זאָל קומען צופליהען און איהם אנזאגען די בשורה אז מרים וויל איהם איבערבעטען, וועט ער זי הייסען ברענגען אהיים און איהם וועט ווערען גרינגער.

די זון האט זיך אנגעהויבען אראפּלאָזען אין מערב. אוועגד שאָטענס האבען זיך צולייגט איבער די גאסען. שווארצע שאָטענס האָבען זיך צולייגט אין הורדוס'עס בייז פערליעבט הארץ. די אויגען זענען איהם ארויסגעקראָכען, דאָס האַרץ האט זיך איהם איינגעשרומפּען, א שרעקליך בייסיגער אומעט האט איהם געגעסען. דער רייטער קומט נישט. מרים איז איינגעשפּאַרט, זי וויל איהם נישט איבערבעטען.

פּלוצלונג איז געוואָרען א געשריי און א טומעל אין פּאַלאַץ. די הויפּלייט און די קנעכט זענען צומישטע געלאָפען און געשריגען:

— ער שטאַרבט! ער געהט אויס! ער וויל זעהן דעם קעניג! גיך, דעם קעניג! ער געהט אויס!

הורדוס איז אין גרויס שרעק ארויס פון צימער און מען האט איהם געזאגט, אז פּאליוס, דער קנעכט וואס האט איהם געבראכט די מסירה אויף מרים'ען, אז זי האָט איהם געגעבען סם פאר הורדוס'ען, איז פּלוצלונג אנידערגעפאלען. ער ראַנגעלט זיך מיט'ן טויט. קאָרטשעט זיך אין שרעקליכע קרעמפּען פונקט ווי דער פערגיפטעטער יעטארישער גענעראל שומי.

הורדוס איז גיך צוגעלאָפען צו פּאליוס'ען. פּאליוס איז געלעגען צוזאמענגעוויקעלט ווי א שלאנג. זיינע אויגען זיינען ארויסגעקראכען פון די לעכער און מיט טויט שרעק געקוקט אויף הורדוס'ען. מיט זיינע לעצטע כוחות האט פּאליוס ארויסגעמורמעלט:

— די שטראָף פון גאָט... די קעניגין איז אומשולדיג... איך... שול... שלו...

ער האט ניט געענדיגט. דער טויט האט איהם שטום געמאַכט און די ווערטער זענען געוואָרען פערגליווערט אויף זיינע בלויע פערברענטע ליפּען.

— ווייל דו האָסט דערטרונקען א צווייטען האט מען דיך

דערטרונקען! — האָט הורדוס בייז געזאָגט צו דעם טויטען.

אַ מינוט איז הורדוס געשטאַנען פערטראַכט און פּלוצ־לינג, ווי ער וואָלט זיך פון אַ שרעקליכען חלום אויפגעכאַפּט, האָט ער אָנגעהויבען שרייען ווילד:

— ברענגט שוין אַ היים די קעניגען! שוין! די מינוט ברענגט די קעניגען! רשעים! לויפט! פליהט! אויב איהר ווילט לעבען, ברענגט די קעניגען!

ער האָט געשריגען אזוי הויך און אזוי יאָמערליך הארצ־רייסענד, אַז זיין קראַנקע מוטער איז פון בעט ארויסגע־שפּרונגען און געקומען צולויפען אין גרויס שרעק. שלומית איז אויך געקומען צולויפען. זי איז געווען טויט־בלאַס, האָט געקוקט אויף'ן טויטען קנעכט און איהרע בייזע אויגען האָ־בען געברענט מיט אַ גרין פייער, ווי אַ בייזע חיה קוקט אויף איהר פערצוקטען קרבן.

בליץ־שנעל האָבען די קעניגליכע לויפער זיך ארויפגע־כאַפּט אויף פערד און ווי פייל פון בויגען געפלויגען צו דער גאַלגאַטאַ, געשפּרונגען אויף קעפּ און זיך געיאָגט צו ברענ־גען די קעניגען.

אַז זיי זיינען צוגעקומען צו דער גאַלגאַטאַ, האָבען זיי געזעהן ווי אַ רוימישער סאָלדאַט האַלט אין דער הויך מרים'ס קאָפּ. די גינגאָלדענע האָר פערפלאָכטען און בלוט רינט אַראָפּ... דאָס גאַנצע פאָלק שטעהט אויף די קניהען און געהט אוים אין געוויין. די פרויען ליגען פער'חלש'ט און די גוי'שע סאָלדאַטען קניהען מיט'ן פנים צום קלאָץ, וואו מרים'ס קערפּער אין ווייסען געהילט ליגט אויסגעצויגען...

די וואונדערליכע, העלדישע מרים האָט זיך נישט גע־לאָזט בינדען די הענד און נישט די פים. זיכער און פעסט, שטאָלץ און רוהיג איז זי אַרויף אויפ'ן קלאָץ און מוטיג געגאַנגען צום טויט. דער הענקער איז געשטאַנען אין גרויס שרעק. ער האָט מורא'דיג געציטערט און שיער אומגעפאַלען, האָט זי איהם געהייסען אוועקגעהן און מיט אַ רוהיג פעסט קול זיך געווענדעט צו די סאָלדאַטען און געבעטען:

— קלייבט אויס אַ שטאַרקען מאַן, אַ העלד, וואָס וועט מיך טויטען מיט איין קלאַפּ... איך זאָל נישט האָבען אַ סך יסורים...

א ריזיגער רוימישער סאָלדאַט איז צוגעקומען צו איהר און די וואונדערליכע העלדישע מלכה, די פרומע מרים, האָט אליין גלייך אויסגעצויגען איהר האלז אויפ׳ן קלאָץ...

אזוי איז געשטאָרבען די גוטע, עהרליכע, פרומע מרים. די וואונדער־שעהנע, איידעלע אידישע קעניגען. א סך צרות און פיין האָט זי געליטען אין איהר קורצען לעבען. זי האָט מעהר נישט געקענט ליידען. האָט זי אויסגעקליבען צו שטאַרבען.

אן עהרליכע פרומע אידישע טאָכטער איז מרים געוועזן איהר גאַנץ לעבען און א העלדישע חשמונאית ביים טויט.

---

הורדוס איז געוואָרען ווילד פון אומגעדולד. ער האָט נישט געקענט זיך איינהאַלטען אין פּאַלאַץ און געלאָפען צום טויער. ער האָט נישט געקענט שטעהן רוהיג. ווי פערשאָלטען איז ער פער׳סמ׳ט געלאָפען אויף און אָב. ביז די רייטער זענען צוריקגעקומען. דערשלאָגען, טרויריג מיט געזונקענע קעפּ זענען זיי שטום פערבייגעריטען פאַר איהם און הורדוס האָט פערשטאַנען, אַז מרים איז שוין טויט. זי איז אוועק אויף אַזאַ וועלט, וואו זיין האַנד קען זי מעהר נישט גרייכען. ער וועט זי מעהר נישט קענען פייניגען און מעהר נישט ליעב האָבען. ער וועט זי קיינמאָל מעהר נישט זעהן.

— אוי, הימלען ! — האָט הורדוס אויסגעבראָכען אין א ווילדען, ביטערן יאָמער — מרים איז טויט ! וואו זאָל איך מיך אהינטאָן ? ! געטרייע קנעכט, טייערע פריינד ! האָט רחמנות ! דערבאַרמט אייך ! גיט מיר צוריק מיין אונגליקליכע מרים ! מיין עהרליכע, גוטע פרוי ! מיין מרים, די בעסטע און עהרליכסטע פון אלע פרויען ! קערט מיר אום מיין מרים ! נאָט אייך מיין קרוין ! נעמט צו מיין טראָהן, אַז איך האָב נישט מעהר מיין שעהנע קרוין ! אוי, וועה געשריגען ! — האָט ער געברומט ווי א פערוואונדעטער לייב — מיין קרוין איז געפאַלען ! אויסגעלאָשען ! מיר איז פינסטער, פינסטער איז מיין לעבען !

— מרים ! מרים ! קום צוריק צו מיר ! איך וועל זיך אומקערען צו דיר ! — איז ער משוגע געלאָפען אין מרים׳ס צימערן און געשריגען און צוריסען זיינע קליידער און זיך

געריסען די האָר פון קאָפּ — קום צוריק, קער זיך אום, מיין ליכטיגער שטערען. האָב נישט מורא, שרעק זיך נישט, איך, דיין קעניג, קום צו דיר. איך וועל זיין דיין פוסען־בענקעל, וועל קושען דיינע טריט, קום צוריק, מרים, קום צוריק!

ער איז ארויסגעלאָפּען פון איהרע צימערן, אריין אין גרויסען גארטען, געלאָפען אין וואלד ארום פּאלאץ, ווילד געלאָפען אויף אלע וועגען און שטעגען, געזוכט און גערופען און געשריגען ביטער:

— מרים! מרים! מרים! וואו ביזטו מרים! מרים! מרים!

אומזיסט איז געווען זיין שרייען און וו׳ינען. ארויסגעווארפען זיין געבעט. בחנם זיין זוכען און רופען. קיינער האט איהם נישט געהערט און נישט געענטפערט. מרים האָט זיך ארויסגעריסען פון זיינע בלוטיגע הענד, ווי א פויגעל פון נעץ, איז זי ארויסגעפלויגען פון זיינע הענד. זי איז אוועק אין איהר רוה, איהרע ליידען האָבען זיך געענדיגט. אויסגעלאָזט איהרע ברענענדיגע יסורים. ער איז געבליבען מיט זיינע צרות און ליידען, מיט זיינע אייטעריגע וואונדען און זיין טיפען וועהטאָג, וואָס האָט נישט געקענט ווערען אויסגעהיילט.

"ווייל דו האָסט דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען" — האָט ער שטיל פאר זיך איבערגעזאָגט הלל׳ס ווערטער. ער האָט זיך דערמאָנט וואָס פאר א שטראָף עס וואָרט אויף איהם פון גאָט׳ס האנד. די ווערטער האָבען זיך איינגעשניטען אין זיין הארץ ווי גיפטיגע פיילען און פער׳סמ׳ט זיין גרויזאם הארץ ווי דער גיפט וואָס האָט אומגעבראכט שומי׳ן און פאליוס׳ען...

צומישט, אין טיפער מרה שחורה און א שווערע מעלאנכאָליע האָט ער געטראָגען זיין גרויסען טרויער און וועהטאָג נאָך מרים׳ען. דאָס געוויסען האָט געפּרעסען זיין הארץ ווי מיט שארפע צייהן. די חרטה האָט איהם ווילד געפּייניגט. זיין גאַנצע פאמיליע, די הויפליים און אלע קנעכט האָבען אין גרוים זאָרג געזוכט א רפואה פאר איהם, א דערלייכטערונג און א פערגרינגערונג פאר זיינע מורא׳דיגע פיין.

זיי זענען אָבער געווען הילפלאָז. עס איז נישט געווען

קיין שום עצה. אונמעגליך געווען אומצוקערען איהם צום קלאָרען זינען און איהם ברענגען אַ ביסעל פרייד. ער איז אויסגעגאַנגען נאָך מרים'ען. איז געוואָרען וואַהנזיניג, פערלוירען דעם פערשטאַנד. און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער זעהט מרים'ען. האָט ער כסדר אויסגעשטעלט די אויגען און מיט פערצעהרענדער בענקשאַפט געקוקט אַהין, וואו עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער זעהט זי...

ער איז פריהער נישט געגאַנגען צום טיש ביז מען האָט נישט אַוועקגעשטעלט אַ שטוהל לעבען איהם פאַר מרים'ען... ער האָט זיך נישט צוגעריהרט צום עסען ביז מען האָט נישט אַוועקגעשטעלט עסען פאַר איהר... ער האָט זיך געצויגען צו איהר, אַרומגענומען דעם שאָטען, געגלעט און געלאַשטשעט, גערעדט צו איהר מיט גרויס ליעבע און מיט ברענענדיגע ליפען געקושט איהר שטוהל...

אַזוי האָט ער זיך געפייניגט אין די גרעסטע יסורים ביז ער איז געוואָרען געפעהרליך קראַנק. עס איז איהם באַפאַלען אַ שרעקליכער פיבער און נישט אָבגעלאָזט אַ צייט לאַנג. די דאָקטוירים האָבען געהייסען מען זאָל איהם צונעמען פון דער הויפט־שטאָדט און אַוועקפיהרען אין זיין זומער־פּאַלאַץ אין שומרון.

צומאָרגענס נאָך מרים'ס טויט האָט הורדוס בעפרייט אלכסנדרה'ן און זי האָט זיך אומגעקערט אין חשמונאים־פּאַלאַץ. דאָרט האָט די אונגליקליכע מוטער געיאָמערט אויף איהר גרויסען בראָך. טאָג און נאַכט אָהן אויפהער האָט זי בעוויינט דעם טויט פון איהר געטרייע און ליעבע טאָכטער. אין איהר איינזאַמקייט האָט זי בעקלאָגט די אַלע אונגליקען, וואָס די אדום־פאַמיליע האָט געבראַכט אויף איהר הויז.

נאַכמעהר האָט זי געקלאָגט אויף דעם גורל פון איהרע אייניקלעך, מרים'ס צוויי קינדער. איהר האַרץ האָט זיך שטאַרק געשראָקען פאַר זיי. די אייניקלעך, די לעצטע איבערבלייבונג פון איהר פאַמיליע, זענען געווען אין די הענד פון דער ווילדער שלאַנג, די גרויזאַמע שלומית. ווער ווייס וואָס די בייזע שלאַנג וועט טאָן מיט זיי? גאָט ווייס וואָס ס'וועט זיין זייער סוף?

די שרעק פאַר'ן לעבען פון איהרע אייניקלעך האָט זי

נישט געלאָזט רוהען. אַ ווילדער צאָרן האָט זיך אויפס־נייע צופלאַקערט אין איהר. זי האָט געזוכט נקמה פאַר אַלעס בייזען, וואָס הורדוס און זיין משפחה האָבען געטאָן צו איהר. דאָס פאָלק איז געווען שטארק פערביטערט אויף הורדוס'ען. זיין לאַנגע קראַנקייט האָט זיי צוגעגעבען מוטה און אלכסנדרה האָט זיי גערופען צו אַן אויפשטאַנד געגען הורדוס'ען.

א גרויסע ארמעע פון אומצופריעדענע און פערביטערטע האָט זיך פערזאמעלט ארום אלכסנדרה'ן און זיי האָבען געמאַכט אַן אָפענעם אויפשטאַנד. זענען בעפאַלען הורדוס'עס שטעל־פערטרעטער, זיין ברודער פראָרעס מיט זיין ארמעע און זיי שטאַרק צושלאָגען. און האָבען בעלאַגערט דעם קעניגליכען פאַלאַץ. און אין נאָמען פון דער פריהעריגער קעניגין אלכסנדרה געפאָדערט מען זאָל זיי ארויסגעבען איהרע אייניקלעך, וואָס וועלען ירשן'ען די קרוין.

אין ירושלים האָט זיך געגאָסען בלוט און דער קראַנקער בלוטיגער הורדוס, וואָס איז געלעגען אין שומרון האָט דערשמעקט דעם ריח פון בלוט און ער האָט פלוצלונג אויפגעלעבט... זיין קראַנקהייט איז פערשוואונדען. ער איז אראָבגעשפרונגען פון בעט און ווי אַ פערדארבענדע חיה זיך אויפגעכאַפט און געלאָפען נאָך ירושלים. ווי אַן אונגליק־שטורם האָט ער זיך געטראָגען איבער דער הייליגער שטאָדט און אויסגעקוילעט די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע ארמעע. ער האָט דערמאָרדעט אלע אנהענגער פון די חשמונאים און נישט איבערגעלאָזען איינעם לעבעדיג. צו־לעצט האָט ער געפאַנגען אלכסנדרה'ן און זי אומגעבראַכט מיט אַ שרעקליכען גרויזאמען טויט.

נישט קיין גאַנצע צוויי מאָנאַטען זענען אריבער פון דעם טאָג וואָס די ערד פון גאלגאטא האָט זיך אנגעטרונקען מיט מרים'ס בלוט און ווידער האָט די זעלבע ערד זיך געזעטיגט מיט דעם בלוט פון איהר מוטער אלכסנדרה. אלכסנדרה איז דערמאָרדעט געוואָרען אויפ'ן זעלבען ארט וואָס איהר טאָכטער מרים.

אזוי איז פערטיליגט געוואָרען די חשמונאים פאַמיליע. עס זענען נאָר געבליבען מרים'ס צוויי קינדער. די קינדער

זענען אָבער שוין נישט געווען פון ריינעם בלוט. אין זייערע אָדערן האָט געפלאָסען געמישט בלוט. גוט־בלוט און בייז־בלוט. בלוט פון רחמנות און פון גרויזאַמקייט. קעניגליך בלוט און קנעכטיש. די מאַמע — א חשמונאית. דער פאָטער — הורדוס, א קנעכט, אַ פרעמדער, פון לאַנד אדום.

דעמאָלט האָבען די חכמים געזאָגט אז יעדער וואָס זאָגט אז ער קומט ארויס פון די חשמונאים, זאָל מען וויסען אז ער איז א קנעכט...

---

מנחם דער עסעיער און זיינע תלמידים זענען אוועק פון קעניגליכען פאַלאַץ. זיי זענען מעהר נישט געקומען צום סנהדרין. מען האָט זיי אויך נישט געזעהן מעהר אין שטאָדט און אומגעגענד. זיי האָבען געציטערט פאר'ן צאָרן פון פאָלק. זיי האָבען דאָך מרים'ען פער'משפט צום טויט, האָבען זיי מורא געהאַט דאָס פאָלק וועט זיי בעפאלען און צורייסען אויף שטיקער. הורדוס האָט זיי אויך מורא'דיג געהאַסט, וואָס זיי האָבען אַזוי גיך אויסגעפיהרט זיין פערלאנג און פער'משפט מרים'ען צום טויט. זענען זיי פערשוואונדען און מען האָט נישט געוואוסט, וואו זייער געביין איז אהינגע־קומען.

אויף מנחם'ס אָרט אלס "אב בית דין" פון סנהדרין איז פון די חכמים אויסגעקליבען געוואָרען שמאי הזקן, אַן אויס־געצייכענטער חבר צו הלל'ן דעם נשיא. ער איז געווען זעהר פרום און מוטיג. ער האָט געהאַט א בעשטימטע צייט צום לערנען און די גרעסטע שטרויכלונגען האָבען איהם נישט געשטערט צום לערנען. ער האָט מעהר געטאָן ווי גערעדט. ער האָט אויך, ווי הלל, ליעב געהאַט מענשען. ער האָט תמיד געלערענט זיינע תלמידים: "גוט אויפצונעמען מענשען".

נאָר זיין גרויס אייפער פאר גאָט און זיין פאָלק האָט זיין הארץ געמאַכט פעסט ווי א פעלז און ער האָט פאר קיינעם זיך נישט געשראָקען און קיינעם נישט נושא־פנים געווען. ער האָט געזעהן וואָס די "אדומ'ישע קנעכט", הורדוס און זיין פאַמיליע, האָבען געטאָן מיט די חשמונאים, איז ער גע־ווען זעהר פאָרזיכטיג און שטרענג ביים אויפנעמען גרים. און ווען א גוי איז געקומען צו איהם און זיך געוואָלט מגיר

זיין און ווערען א איד, האָט ער איהם געמאַכט גרויסע שוועריגקייטען און אָפט ארויסגעטריבען מיט א שטעקען.

— מיר האָבען גענוג געליטען פון די אלטע גרים! — האָט שמאי געזאָגט — וואָס דארפען מיר נייע גרים מיט נייע צרות?...

די צוויי גרויסע ליכט הלל און שמאי האָבען בעשיינט דאָס פאָלק מיט א ניי גרוים ליכט, מיט דעם געטליכען ליכט פון דער תורה. דאָס איז געווען דאָס איינציגע גוטס אין דער שרעקליכער צייט. ווען די אידישע הערשאַפט איז געפאלען, דער אידישער שטאָלץ איז געוואָרען דערנידריגט. א פרעמדער, א קנעכט איז געווען דער מלך פון אידישען לאַנד, איז אָבער דאָס פאָלק געוואָרען גרויס און דערהויבען אין גלויבען פון זיין גאָט. זיינע לעהרער, די תנאים און חכמים האָבען פערגרעסערט און פערשטאַרקט די תורה אין אידישען לאַנד.

---

די ערצעהלונג "דאָס קדושין פינגעריל" האָט אָנגעשריבען שבנא, הלל הנשיא'ס איידים, וואָס איז געווען דער לעהרער און ערציהער פון מרים און איהר ברודער אריסתובל.

ער האָט די מגלה איבערגעלאָזט פאר זיין זוהן ראובן און צוגעשריבען די פאָלגענדע ווערטער:

— ראובן, מיין טייערער זוהן!

איך שרייב דאָס ווען דו ביזט נאָך א קינד. דו, יונג קינד מיינס, קענסט נאָך נישט זעהן און נישט פערשטעהן דאָס לעבען מיט זיינע ליידען, דעם צער פון די מענשען אין זייער האָרעוועען און טומלען. פרייד און טרויער געהן געמישט אין מענשענ'ס לעבען. לייען, מיין קינד, מיינע רייד, וואָס איך האָב פאר דיר אָנגעשריבען, און דו וועסט זעהן דעם ביטערן סוף פון די חשמונאים. פון דער פריהעריגער מגלה, פון "צאָפּ" וועסטו געוואָהר ווערען דעם גליקליכען אָנהויב פון די חשמונאים.

אפשר וועסטו, ראובן, מיין קינד, דערלעבען צו זעהן דעם סוף פון דער אדום-פאַמיליע, וואָס איך האָב געזעהן איהר בלוטיגען אָנפאנג. זאָל גאָט געבען און עס זאָל נישט קומען דאָס אונגליק, וואָס מרים האָט אונז פאָראויסגעזאָגט,

:וען זי האָט זיך געזעגענט מיט אונז פאר איהר טויט!

זאָל גאָט געבען און די רוימישע שווערד וואָס האָט אָב־געשניטען דאָס לעבען פון דער אידישער מלכה מרים, זאָל זיך נישט אראָפּלאָזען אויפ'ן אידישען פאָלק און זאָל עס נישט פערטיליגען.

צוזאמען מיט דער מגלה "דאס קדושין פינגעריל", לאָז איך דיר איבער, מיין קינד, דאס קדושין פינגעריל וואס מרים האָט מיר געגעבען צום אנדענקען פאר איהר טויט.

זאָל דאס קדושין רינגעלע זיין אַן אייביגער סימן פאר אונז. אזוי ווי דאס גאָלד פון פינגערל איז ריין און לויטער אזוי ריין און לויטער איז געווען דאס הארץ און די נשמה פון דער פרוי, וואס האָט דאס פינגעריל געטראָגען.

דאס קדושין פינגעריל איז הייליג פאר מיר. אָן דעם פינגעריל זיינען פערבונדען מיינע טייערסטע עראינערונגען. דאס אנדענקען פון צוויי טייערע, הארציגע, ליעבע נשמות, די לויטערע נשמות פון אַ ברודער מיט זיין שוועסטער – אונזער מלכה מרים און איהר ברודער דער כהן ידול אריסתובל.

איך בין געווען זייער לעהרער און ערציהער פון זייער קינדהייט אָן. איך האָב זיי אוועקגעגעבען די בעסטע יאָהרען פון מיין לעבען.

דאס קדושין פינגעריל איז הייליג פאר מיר. זאָל עס אויך זיין הייליג פאר דיר און דיינע קינדער און קינדס קינדער.

דיין פאטער

שבנא בן מתן, דער זוהן פון אליאב, אַן אור־

**אייניקעל פון עמיהוד פון מלכות בית דוד.**